בעזרת השם יתברך

אלישב כהן

# ליכט שטראלן

## אינטערעסאַנטע, באַלערנדע
## דערציילונגען און לידער

פינפטער ספר



פרייז דריי דאָלער ($3.00)

ארויסגעגעבן דורך
„ליכט שטראַלן" פאַרלאַג
נ י ו - י אָ ר ק

שנת תשל"ג לפ"ק

# אַ וואָרט צום לייענער!

מיר גיבן איצט דאָ אַרויס — מיט אַ דאַנק צו השי"ת דעם פינפטן „ליכט שטראַלן", וועלכעס איז שטאַרק אינטערעסאַנט און באַלערנד. מיר האָפן אַז די לייענערס וועלן דערפון זיכער אַ הנאה האָבן, נישט ווייניגער ווי פון די ביז איצטיגע ליכט שטראַלן.

עס איז שוין אַריבער אַ יאָר זינט דער פריערדיגער ליכט שטראַלן נומ. 4 איז ערשינען. נו, אוודאי איז דאָס נישט אַ רעגולערע אַרבעט, ס'וועט שוין געקענט אונטער דער צייט נאָך פיר־פינף ספרים ערשיינען, און באַלייכטן דער־מיט אידישע הייזער. נאָר די שוועריגקייטן זענען אונז — דערוויל — אַזוי גרויס ביים אַרויסגעבן אַ ספר פון די דאָזיגע ספרים, אַז דאָס ביסל וואָס מיר טוען יאָ ערררייכן איז אויך נאָר מיט אויסערגעוויינליכע אַנשטרענגונגען, און מיט גרויסע חסדים פון באַשעפער.

אָבער מיר האָבן אַ שטאַרקן האָפנונג צו השי"ת, אַז סוף סוף וועלן מיר — מיט די איבערגעגעבענע קאָאָפּעראַציע פון די חשוב'ע לייענערס — זיך קענען „מתגבר" זיין אויף אַלע שוועריגקייטן, און איינפירן אַ נאָרמאַלן סדר, אַרויסצוגעבן יעדע צוויי־דריי חדשים אַ פרישן ספר. וועלכער זאָל צו פרידנשטעלן דעם ציבור לייענערס מיט'ן „כמות" און מיט'ן „איכות", בעזהי"ת.

מיר באַשרייבן דאָ זייער אַ אינטערעסאַנטע דראַמאַטישע געשיכטע, וועל־כעס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין ארץ ישראל מיט עטליכע און דרייסיג יאָר צו־ריק. און כדי אַרויסצוברענגען די זאַך גרינטליך און פּרעציז מיט אַלע איינצל־הייטן און אינפאָרמאַציע אַרום און אַרום, האָבן מיר דאָס מאָל נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווי צו טיילן דעם דאָזיגן דערציילונג אין צוויי חלקים. אָבער מיר פאַרזיכערן די חשוב'ע לייענערס, אַז דער צווייטער טייל איז אויך שוין אין פולן שוואונג פון דער אַרבעט, און ביז עטליכע וואָכן וועט עס — בעזה"י — ערשיינען.

---

(פאָרזעצונג אויף זייט 4)

אַדרעס צו באַשטעלן דאָס ספר:

LICHT -- STRALEN 150 HEWES STREET

BROOKLYN, N. Y. 11211 PHONE: 855-9414

נדפס בדפוס סענדר דייטש

## אינהאלט פונ׳ם ערשטן חלק:

א) מארמאראש אין צוויי עפאכעס: בעפאר דעם ציוניזם, און נאכ׳ן ארייבדרינגונג פונ׳ם ציוניזם.

ב) א פירער-פארפירער, מיט׳ן ספאדיק.

ג) דער אנפאנג פונ׳ם „הייליגן קאמף", וועלכעס וועט שוין אנהאלטן — בעזה״י — ביז ביאת משיח צדקינו.

ד) רב קוק קומט אין ירושלים — דער קאמף גרייכט צו א קלימאקס פונקט.

ה) דער בארבארישער ציוניסטישער מארד.

ו) ווען? און פארוועס, רב קוק האט זיך איינגעשטעלט.

ז) ווער? און וואס? האט פאראורזאכט די פאגראמען פון שנת תרפ״ט (פרעות תרפ״ט).

ח) דאס הארץ פונ׳ם מענטש ליגט אין זיינע שריפטן.

ט) רב קוק׳ס לעצטער „אויפטו" אויף דעם עולם.

## לידער

א) א געזאנג צו אסף (מזמור לאסף...)

ב) זאלסט דערציילן דיינע קינדער...

ג) וואס טויג מיר „חקירה"...

ד) דער שאדן פון א אפגעכאפטע ברכה

ה) וואו „תורה" דארט „חכמה"

ו) ווי שיין וועט זיין ווען משיח וועט קומען

# אַ וואָרט צום לייענער

(פאָרזעצונג פון זייט 2)

צום סוף טוען מיר ווידערהאָלן אונזער בקשה — וועלכעס מיר האָבן שוין באַמערקט אינ׳ם פריערדיגן ליכט שטראַלן — אַז די חשוב׳ע לייענערס, וועלכע זענען פאַראינטערעסירט אינ׳ם פאָרזעצונג פון די ליכט שטראַלן, זאָלן נישט זוכן אויסצובאָרגן דאָס ספר ביי אַ צווייטן — אפילו נישט ביים נאָ־ענטסטן קרוב — וואָרים מיר טוען פעסטשטעלן מיט באַדויער, אַז מיט דעם ווערט אומשטאַרקסטן אונטערגעגראָבן די פאָרזעצונג פון אונזער אַרבעט — וועלכעס איר ווילט זיכער נישט — ווייל דער קונדנקרייז פון אַזאַ ספר איז זייער אַ באַשרענקטע.

מיר האָפן אַז איר וועט אונז פאַרשטיין, און נישט האָבן קיין פאַר־איבל אויף אונז איבער די דאָזיגע ווענדונג. און אַז איר ווילט לייענען דאָס ספר און האָבן דערפון אַ הנאה, וועט איר עס קויפן און באַצאָלן דערפאַר דעם פרייז. מיט דעם וועט איר שטאַרקן אונזער האַנט פאָרצוזעצן די אַרבעט אויף אַ רעגל־מעסיגן אופן, און איר וועט זיין מיט דעם אַ „מזכה את הרבים״.

מיט דאַנק, בכל הכבוד

**די „ליכט שטראַלן״ פאַרלאַג**

---

**פאַר אַלע וועלכע האָבן אונז אָנגעפרעגט:**

די לעבנסגעשיכטע פון רבינו משה סופר, (חתם סופר) וועט ווערן פאַר־געזעצט — בעזרת השי״ת — אינ׳ם קומענדיגן ליכט שטראַלן נומ. 7, דאָרט ווי מיר האַלטן „ביים רבנות פון דרעזניץ״, און ווייטער אין „מאַטערסדאָרף״. זייער אינטערסאַנטע שפאַנענדע דערציילונגען.

# ליכט-שטראַלן

# דער רבי איז געווען גערעכט...

## ערשטער חלק

## א.

### מאַרמאַראַש (קאַרפּאַטאַן-רוסיא) אין צוויי עפּאָכעס...

(בעפאָר דעם ציוניזם, און נאָכ'ן אַריינדרינגונג פונ'ם ציוניזם)

דאָס שטעטעלע צ. אין קאַרפּאַטנרוסלאַנד*) האָט זיך געשלענגלט צווישן הויכע בערג פון די קאַרפּאַטן. ביי די צווייטע העלפט איז עס שוין אַרויס פון די בערג און ס'האָט זיך געצויגן ווייטער עטליכע שורה הייזער, פון איין זייט אַ גרויסע וואַלד פון דער צווייטער זייט לאַנגע ברייטע „פּאָלאָניִנעס" — אַזוי האָט מען גערופן די גרינע פעלדער אין מאַרמאַראַש. אין מיטן שטעטל האַקט איבער דער טייך „ריקע" מיט אַ אייזערנעם בריק פונאויבן. דאָס צעטיילט דאָס שטעטל אין צווייען.

לכאורה זעט עס אויס ווי אַ גרויסע דאָרף נישט ווי אַ שטאָט, אָבער אַזוי ווי ס'האָט פאַרמאָגט אַ הונדערט אידישע פאַמיליעס — אַ חוץ די עטליכע טויזנט איינוואוינער גוים — מיט אַלע צוגעהער וואָס אַ אידישע קהילה באַדאַרף, מעג מען עס אָנרופן מיט רעכט אַ „שטעטל".

די קהילה האָט פאַרמאָגט אַ דיין, אַ שוחט, אַ תלמוד תורה מיט פיר מלמדים, אַ שול, מיט אַ בית המדרש דערנעבן, אַ שיינע גרויסע מקוה, און אַ מצה בעקעריי אויף פּסח.

פאַרוואָס עפּעס אַ דיין, נישט קיין רב? דער תירוץ איז, אַז פריער איז דאָרט יאָ געווען אַ רב באָכדערצו גאָר אַ לייטישער, נאָר אַזוי ווי ער איז נפטר געוואָרן און ס'איז געבליבן אַ זון וועלכער האָט געטענה'ט „טענת חזקה", אָבער

---

*) נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה איז דער געגנט מאַרמאַראַש צעטיילט געוואָרן אין צווייען צווישן ראָמעניען און טשעכאָסלאָוואַקיי. די העלפט וועלכע איז געפאַלן אין טשעכאָ-סלאָוואַקיי האָט זיך גערופן „קאַרפּאַטן-רוסיאַ" ווייל דער געביט האָט אַמאָל פאַר הונדערטער יאָרן געהערט צו רוסלאַנד, און די באַפעלקערונג זענען מערסטנס געווען פון רוסישן אָפּשטאַם.

איצט געהער דאָס ווידער צו רוסלאַנד, ווייל נאָך די צווייטע וועלט-מלחמה איז עס צוריק אַנעקסירט געוואָרן פון רוסלאַנד.

די קהילה האָט בשום אופן נישט געקענט זיך אייניגן איבער אים מ׳זאָל אים אויפ־נעמען פאַר אַ רב, ער האָט געהאַט אַ סאַך קעגנערס, און ס׳וואָלט געווען געקומען צו גרויסע מחלוקת׳ן. אָבער דאָס שטעטל מוז דאָך האָבן אַ מורה הוראה יעדן טאָג און אַ יעדע שעה, האָט מען געמאַכט אַזאַ מין שפּיצל אַז מ׳האָט דערוויל אויפ־גענומען אַ דיין, וועמען מ׳האָט גערופן „ר׳ נחמן דיין״, וועלכער איז — אגב — געווען אויך אַ גוטער רעדנער און אַ שיין געשטעל, דער יונגער דור האָט אים גע־גליכן, און וועגן אַ רב וועט מען זען שפּעטער... און ביי דעם איז עס געבליבן.

סייווי איז עטליכע יאָר שפּעטער נאָכן דיין׳ס אָנקומען אַהין אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט מלחמה, און היטלער ימ״ש האָט חרוב געמאַכט די קהילות אין אייראָפּאַ.

אין דער אמת׳ן איז אַ דיין טאָקע ווינציג געווען פאַר אַזאַ אידיש שטעטל, שאלות און ספקות אייבער מיט׳ן אַנדערן האָט דאָך נישט געפעלט. איז פאַר אַ צוגאָב דער שוחט ר׳ יעקב אשר אויך געווען אַ מורה הוראה ער האָט געהאַט „הורמנא״ פון גרויסע גדולים, האָט ער מיט שאלות פּסק׳ענען אַרויסגעהאָלפן דעם דיין ווען ער האָט געהאַט צייט. פריער אַז דער רב האָט געלעבט האָט טאָקע ר׳ יעקב אשר געהייסן סיי אַ שוחט סיי אַ מורא הוראה, כאָטש אָפיציעל איז ער געווען אויפגענומען נאָר פאַר אַ שוחט.



דאָס שטעטעלע צ. — האָט איר דאָך שוין געהערט — איז באַשטאַנען פון אַ הונדערט פאַמיליעס, מערסטנטייל פרומע אידן, אָבער ס׳איז אויך שוין געווען אַ קלייגער חלק איבערהויפּט צווישן די אינגערע מענטשן, וועלכע מ׳קען נאָר אָנרופן „רעליגיעזע אידן״ און נאָך אַ קלענערער חלק „שוואַכע אידן״ אין לשון הקודש רופט מען דאָס „קלים״ רח״ל.

וואָס איז דער חילוק צווישן „פרומע אידן״ און „רעליגיעזע אידן״?

אַ „פרומער איד״ איז זיין גאַנצער וועזן און זיין גאַנצער לעבן תורה און אידישקייט, ער לעבט מיט דעם און אָטעמט מיט דעם, און דאָס איז זיין גאַנצער אינטערעס אויף דעם עולם, ער ווייס, אַז אָן תורה און „קיום המצות״ איז זיין לעבן קיין לעבן נישט. אַלעס וואָס ער טוט אויף דעם עולם און אַ יעדער טריט וואָס ער גייט מוז זיין פאַרפלאָכטן און פאַרבינדן מיט „קיום התורה והמצות. אפילו ווען ס׳איז נישט דער „עצם המצו׳ה״ אַליין, איז עס אַ פאַר־בערייטונג צו די מצו׳ה, אַ מיטל צוצוקומען צו די מצו׳ה, ממילא איז שוין דאָס אויך אַזוי ווי די מצו׳ה אַליין. און אַזוי ווי אין פּסוק שטייט „כי הוא חייך ואורך ימיך״, אַז די תורה איז דאָס לעבן דיינער, אָן תורה איז בכלל נישטאָ קיין לעבן.

אַ „רעליגיעזער איד״ איז טייטש, אַז צו זיין לעבן וואָס ער לעבט אויף דעם עולם, איז צוגעטשעפּעט אויך אַ זאַך, וואָס רופט זיך „רעליגיע״. אָבער דאָס

מיינט נישט, אַז דאָס איז זיין גאַנצער אינטערעס אויף דעם עולם, דאָס „לעבן" פאַר זיך מיט אַלע אירע געניסן איז ביי אים אַ שטאַרקער אינטערעס, נאָר ער איז משתדל דאָס צוצופּאַסן צו די רעליגיע, ער זאָל געניסן פונ'ם לעבן — ווי ווייט מעגליך — נאָר דאָס וואָס די רעליגיע דערלויבט. ווייל ער האָט אַזוי אויף זיך גענומען, אָדער ער האָט אַזוי מקבל געווען פון זיינע עלטערן.

נו, דאָס איז שוין אַ גרויסער אונטערשייד!

אַמאָל איז דאָס שטעטעלע צ. באַשטאַנען פון לויטער פרומע אידן, פון גרויס ביז קליין. אַזוי ווי ס'איז אויך אין אַלגעמיין געווען אין אַלע קאַרפּאַטארוס שטעטעלעך און דערפער. אַלע אידן זענען געגאַנגען מיט גאַנצע בערד און פיאות, מ'וואָלט נישט געווען אַנגערירט אפילו אַ האָר אָפּצושערן פאַר קיין געלט אין דער וועלט. אפילו הערצקע דער שערער אַליין אין צ. — ווען מ'האָט גערופן דער „שערער דמתא" — וואָלט נישט געווען אַנגערירט אָפּצושערן אַ האָר פון יענעמס באָרד און פיאות ווען מ'גיט אים אפילו אַ פאַרמעגן. נישט נאָר דאָס, ער פלעגט זיין קליענט דערמאָנען איידער ער האָט זיך גענומען צו דער מלאכה: — פאַרגעס נישט אין זינען צו האָבן, מקיים זיין די מצוה פון „לא תקיפו פאת ראשכם ופאת זקנכם לא יגלחו", ווייל אַ „מצות לא תעשה" איז מען נאָר מקיים ווען „בא לידו ופירש" דאָס מיינט: ס'האָט זיך אים געמאַכט אַ געלעגנהייט עובר צו זיין אויף די לא תעשה ח"ו און ער האָלט זיך צוריק. אַז ער האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ מער „תמים ירא אלקים" האָט ער אים געזאָגט: — מעגסט אַרויסזאָגן מיטן מויל „הריני מוכן ומזומן לקיים מצות לא תעשה... ס'איז בעסער ווען מ'זאָגט עס אַרויס ווי מ'האָט עס נאָר אין זינען.

ווער שמועסט אין עסנווארג זאַכן, האָט מען זיך נישט פאַרלאָזט אויף קיינע פאַבריק זאַכן וואָס מ'ברענגט אַריין פון די גרויסע שטאָט, אַפילו ווען דער בעל הבית זאָל זיין אַ גרויסער חסיד און בעל צדקה. ס'טייטש! מ'וועט זיך די אייגענע נשמה וואָס דער אויבערשטער האָט איינעם צוגעטיילט, איבערגעבן אין יענעמס האַנט אַריין? דאַרט ווי יענער דאַרף פון דעם מאַכן פּרנסה, וואָס דאָס איז דער שווערסטער נסיון אויף דעם עולם. ניין! די נשמה — דאָס טייערסטע פונ'ם מענטשן — געטרויט מען נישט פאַר קיינעם נאָר פאַר זיך אַליין, און אויך מיט שטאַרקע „תפלות ותחנונים" צו השי"ת ער זאָל אונז היטן מ'זאָל נישט נכשל ווערן ח"ו.

אין די שטעטלעך און דערפער פון די מאַרמאַראש (קאַרפּאַטנרוס) פלעגט מען תמיד אַלעס מאַכן אַליין. גרויסע השגות און באַדערפעונישן האָט מען נישט געהאַט. ברויט האָט מען אַ גאַנצע וואָך נישט געגעסן. מ'האָט זיך דערנערט צוזאַמען מיט די קינדער פון „מאַליי" (קוקאַריץ - ברויט) וועלכעס איז געוואַקסן אין די מאַרמאַראש לרוב. אַ חוץ אויף שבת האָט די בעל הבית'טע געבאַקן שיינע פרישע חלות „לכבוד שבת" ס'איז טאַקע געלעגן דערינען אַ גן עדן־טעם, די קינדער האָבן געפילט, אַז ס'איז שבת. ס'איז באַקאַנט דאָס ווערטל, אַז מ'האָט געפרעגט אַ אינגל אין מאַרמאַראש וואָסערע ברכה מאַכט מען אויף ברויט?

האָט ער געענטפערט: — אַ גאַנצע וואָך מאַכט מען „שהכל״ (אויף מאַלײ־ברויט האָט מען געמאַכט אַ שהכל) און שבת מאַכט מען „המוציא״.

אַ קו אָדער צוויי אויף צו געבן מילך און מאַכן אַביסל פּוטער און קעז, ברינזע, טאָקיי — וואָס דאָס איז געווען דער הויפּט שפּייז אַ גאַנצע וואָך — האָט יעדער געהאַט אַליין. אַ ביסל קאַטשקעס און הינדלעך האָט מען אויך גע־האָדעוועט כמעט יעדער, און דער עיקר אויף צו פאַרקויפן עס פאַר די גע־ציילטע גילד׳ישע אידן אין שטעטל, אָדער אַריינטראָגן זיי אייבמאָל אין חודש אין די גרויסע שטעט צו פאַרקויפן. מ׳האָט זיך נאָר איבערגעלאָזט חיפּיל מ׳דאַרף אַ הינדל אויף שבת קודש. דאָס האָט די בעל הבית׳טע אַליין געטראָגן צום שוחט, אָדער געשיקט די גרויסע טאָכטער, און מ׳האָט עס אַליין געפּפנט, נאָכ־געקוקט גוט אויב ס׳איז נישט דאָ עפּעס אַ שאלה אינ׳ם פּיפּיק, אין די קיש־קעס א. א. וו. אין וועלכן יעדע אידענע איז געווען גוט באַהאָוונט, און די מאַמעס האָבן דאָס געגוי איבערגעגעבן פאַר די טעכטער, מ׳האָט עס אויסגע־זאַלצן און כשר געמאַכט כדת וכדין, צוגעגרייט מיט ערליכע כוונות לכבוד שבת קודש. און אזוי איז געווען מיט אַלע באַדערפעניש.

און אַ פּלא, אַלע אידן אין קאַרפּאַטנרוס — כמעט אָן אויסנאַם — זע־נען געווען געזונטע מענטשן, טראָצדעם וואָס זיי האָבן שווער געהאָרעוועט אַ גאַנצע וואָך אויף פּרנסה, געלעבט פון „יגיע כפם״. מ׳האָט נישט געוואוסט פון קיין צוקער קראַנקהייט, מאָגן קראַנקהייט א. א. וו. ל״ע, די הערצער זענען גע־ווען געזונט, מ׳האָט כמעט קיינמאָל נישט געהערט פון אַ האַרץ־אַטאַקע רח״ל. מ׳האָט זיך אויסגעלעבט די יאָרן אויף די פיס און מיט אַלע ציין, דערגרייכט אַ טיפן עלטער מיט נחת פון קינדער און קינדסקינדער.

די קינדער האָט מען אין קאַרפּאַטנרוס, אַלע אָן אויסנאַם, דערצויגן צו תורה ויראת שמים. געשיקט זיין אין חדר, אָפּגעשפּאָרט דעם ביסן פון מויל צו קענען באַצאָלן מלמדות געלט פאַר אַ גוטן מלמד. אַחוץ וואָס די מאַמע האָט נאָך אונטערגעשטופּט פאַר׳ן מלמד אָדער מלמד׳קע אַ ביסל פּוטער, געלובטע קעז, אַ הינדל אַמאָל אַמאָל — אַפילו אָן דעם וויסן פונ׳ם מאַן — כדי דער מלמד זאָל האָבן אַ ספּעציעלן אויפזיכט אויף איר קינד, ער זאָל למעה״ש קענען ביים פאַרהערן.

ווי נאָר די קינדער זענען געוואָרן בר־מצוה, האָט מען זיי שוין גענומען צוגרייטן אין די ישיבה אַריין. מ׳האָט זיי געשיקט אין די גרויסע מפורסם־דיגע ישיבות, וועלכע זענען געווען אין דער נאָענט, חוסט, סעליש, בערעגסאַס, מונקאַטש, אונגוואר א. א. וו. די מאַמע איז געווען די גליקליכסטע אויף דער וועלט ווען זי האָט צוגעגרייט און אַרויסבאַגלייט צו די באַן סטאַציע איר זונדל אין די ישיבה אַריין.

זי האָט פון צייט צו צייט אַריבערגעשיקט צו אים אַ גוט פּעקעלע מיט געשמאַקע האָניג־קיכעלעך, אַ קיילעכדיקע לבנה־קעז, אַביסל היימיש געמאַכטע גערייכערט פליייש. און אַז די מיידלעך אין שטוב האָבן זיך אַביסל אָפּגערעדט:

— אַלע גוטע זאַכן שיקסטו אַוועק פֿאַר שלמה'ן לאָזט פֿאַר אונז גאָרנישט איבער אין שטוב! איר פֿאַרגלייכט אייך צו שלמה'ן?! — האָט זיי די מאַמע אָנגעשריגן — שלמה זיצט און לערנט תורה! אין זיין זכות לעבן מיר אַלע.

פֿאַר דעם ישיבה־בחור איז טאַקע די מאַמעס פּעקעלע זייער צונוץ געקומען. עפ"י רוב האָט ער נישט געהאַט אַלע טעג אין דער וואָך וואו צו עסן, ס'האָט אים געפֿעלט אַ מאָנטאָג און אַ מיטוואָך, איז דאָס געוואָרן דער־זעצט פֿונ'ם פּעקעלע. און געוויינלעך האָט ער פֿאַר אַ חבר אָדער צוויי אויך אָראָפּגעגעבן עפּעס דערפֿון, פֿאַר אַזעלכע וואָס זענען געווען אַזוי אָרעם פֿון דערהיים, אַז די מאַמע האָט זיי קיין פּעקעלע אויך נישט געקענט שיקן, אָדער זענען געווען האַלבע יתומים רח"ל.

איינמאָל אין יאָר אויף אַ יום טוב, איז דער בחור אַהיימגעקומען צו די עלטערן, אָנגעזאַפּט מיט תורה, יראת שמים און חסידות, אָנגעטאָן אין חסיד'ישע מלבושים, אַ סאַמעטענעם קאַפּעלוש (ביבער הוט) אַ לאַנג רעקל מיט אַ גאַרטל צום דאַווענען. די קלענערע קינדער האָבן געקוקט מיט גרויס קנאה אויף די גרעסערע בחורים, זיי האָבן שוין געוואָרט מיט אומגעדולד, אַז זיי זאָלן אויך אַביסל אונטערוואַקסן און קענען זיי נאָכטאָן. די עלטערן האָבן גע־שעפּט נחת פֿון דעם אַהיימגעקומענעם ישיבה־בחור. דער רב פֿונ'ם שטעטל האָט אים גענומען אַביסל אויפֿ'ן צימבל. אָדער די בעלי בתים אין בית המדרש — וועלכע זענען אויך נישט געווען קיין עמי הארצים — האָבן געכאַפּט אַ שמועס אין לערנען מיט דעם בחור, און דער טאַטע איז געשטאַנען אין זייט און געקוואָלן פֿון נחת, זעענדיק ווי זיין בחור ענטפֿערט צו דער זאַך. דאָס האָט אים געגעבן כח אויף ווייטער איבערצוטראָגן די שווערע האָראָוואַניע וואָס ער האָט זיך געפּלאָגט אַ גאַנץ יאָר איבער די פּרנסה.

אַזוי האָט מען אויפֿגעצויגן די קינדער ביז צו די חתונה. מ'האָט נישט געזאָרגט פֿאַר זיי אויף וואָס מ'רופֿט היינט „אַ תכלית", אַרויסצונעמען זיי יונ־גערהייט פֿון די ישיבה מאַכן זיי פֿאַר סוחרים, בעלי מלאכות א. ד. ג. מ'האָט זיך פֿאַרלאָזט אויפֿ'ן הייליגן באַשעפֿער וואָס ער שפּייזט אַלע זיינע באַשעפֿע־נישן, אויך דעם וואָרעם אונטערן שטיין. און מ'האָט געוואוסט און געגלויבט, אַז די גאַנצע וועלט שטייט אויף תורה.

די טעכטער האָט מען אויפֿגעצויגן באַשיידן מיט צניעות'דיגע קליידונג, ווייט פֿון לוקסוס און מאָדעס. אויסער די וואָכנקליידער האָט זיי די מאַמע אויפֿ־געבייט איין אָדער צוויי שיינע שטאָפֿענע קליידער, לויט אַלע צניעות'דיגע פֿאַר־שריפֿטן, און דאָס האָט געדינט אויף שבת און יום טוב, אויף אַ חתונה אין שטעטל, אָדער אַנדערע פֿייערליכע געלעגנהייטן, ביז ס'איז געוואָרן אָפּגענוצט און מ'האָט געדאַרפֿט אַן אַנדערע אויפֿנייען. די שפּאָרזאַמע מאַמעס האָבן עס נאָך דעמאָלס אויך נישט גלאַט אַוועקגעוואָרפֿן, מ'האָט עס אויפֿגעטרענט און איי־בערגעאַרבעט פֿאַר אַ קלענערע שוועסטער. וועלכע האָט זיך נאָך אַזוי אויך באַ־לעקט די פֿינגער דערפֿון.

מיט די האָר איז נישט געווען קיין פּראָבלעמען, וויאַזוי מ׳זאָל דאָס אַ יעדן מאָנטאָג און דאָנערשטאָג אַנדערש פּאַרקעמען. מער אַרויף מער אַראָפּ, אָדער צופּלאָשעטע הפקר׳דיג ח״ו, אַזוי, אַז דער טאַטע זאָל דאַרפן שטאַרק אויסבערקלערן צי ער מעג מאַכן אַ ברכה אין איר קעגנוואַרט. אַ יעדעס מיידל איז בעגאַנגען די האָר פאַרפלאָכטן אין צוויי צעפּ ביז צו די חתונה.

צו די חתונה האָט מען איר — זעלבסטפאַרשטענדליך — אָפּגעשוירן די גאַנצע האָר, און זי האָט נישט געקלאָגט און געוויינט ביים אָפּשערן ווי מ׳מאַכט איינעם אומגליקליך, אדרבה זי איז געווען גליקליך, אַז זי קאָן טאָן דערמיט דעם „רצון השם״, דאָס איז דאָך דאָס גאַנצע לעבן פון אַ איד. אויפ׳ן קאָפּ האָט זי זיך אָנגעטאָן אַ טיכל מיט אַביסל זיידענע שפּיצלעך פון פאָרנט אַרום. און אַמאָל אַפילו אָן דעם, נאָר מיט אַ בלויזן טיכל. אין יעדן אָרטשאַפט ווי ס׳איז געווען איינגעפירט אויפ׳ן העכסט פרומען אופן.

אַ מאַמע האָט נישט געלאָזט אַ טאָכטער אַרומדרייען זיך אין די גאַס פראַנק און פריי. די מאַמע האָט געדאַרפט וויסן פון יעדן טריט און שריט אירן. און אין מערסטנטייל זענען זיי געזעסן אין שטוב, געהאָלפן די מאַמען, אָדער געלייענט ערליכע ספרים אויף אידיש־טייטש. אַריינגעזאַפּט אין זיך אין שטוב אַ תורה־גייסט, אַז אַלעס שטייט אויף דער תורה און אויף טאָן וואָס מער מצות און מעשים טובים. זיי האָבן זיך פאַרקוקט אויף אַנדערע מיידלעך אין שטעטל, וועלכע האָבן חתונה געהאַט צו ישיבה בחורים תלמידי חכמים, און זיי האָבן אויך נאָר צו דעם געשטרעבט און געהאָפט.

מ׳האָט זיי פון הימל טאַקע נאָכגעגעבן זייער וואונטש, זיי האָבן אויפגעשטעלט ערליכע אידישע הייזער. דער גאָלדענער קייט, וועלכער ציט זיך פון ווען די תורה איז געגעבן געוואָרן אויפ׳ן באַרג סיני, דור נאָך אַ דור, איז ביי זיי חלילה נישט איבערגעריסן געוואָרן, נאָר פאַרקערט זיי האָבן ווייטער געוועבט און געשפּינט דעם גאָלדענעם פאָדעם, און געבעטן השי״ת, אַז דאָס זאָל זיך פון זיי אָן און ווייטער אויך ציען אַזוי, ביז משיח וועט קומען בב״א.

אַזוי האָבן אויסגעזען די שטעטלעך און דערפער אין מאַרמאַראָש. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז אַסאַך האָט צו דעם צוגעהאָלפן דער רב פונ׳ם שטעטל, דער „מרא דאתרא״, וועלכער איז געווען עפ״י רוב אַ געהויבענער מענטש. גרויס אין תורה און אין צדקות. אַרום אים האָט זיך גרופּירט דאָס גאַנצע שטעטל. מ׳האָט אים געקוקט אין מויל אַריין וואָס ער זאָגט, זיין וואָרט איז געווען הייליג ביים פאָלק.

שבת, האָבן זי די אָרעמע פאַרהאָרוועטע מאַרמאַראָשע אידן — וועלכע זענען אַ גאַנצע וואָך געגאַנגען אָנגעטאָן אין ביליגע צייגענע מלבושים, און מ׳האָט עס נישט אויסגעטאָן ווילאַנג ס׳איז נישט אַליין אַראָפּגעפאַלן אין שטיקער — האָבן זיי זיך לכבוד שבת אַלע אָן אויסנאָם אָנגעטאָן אַ שטריימל און בעקישע, און געפילט זיך דערהויבן אין אַ ספּעציעלע שבת׳דיגע קדושה. ליל שבת און שבת נאָכמיטאָג האָבן זיי זיך גרופּירט אַרום דעם רב, וועלכער האָט מיט זיי „קובע

עתים לתורה״ געווען, ער האָט נישט געקאַרגט מיט פערל ווערטער אויף די סדרה און מעורר געווען זיי מיט גוטע דיבורים צו אמת'ע אמונה און בטחון אין השי״ת, און צו גוטע מדות „בין אדם לחבירו״. דאָס פאָלק האָט געטרונקען זיינע רייד אין דורשט. און דאָס האָט זיי דערהאַלטן ביז'ן צווייטן שבת.

אַזוי האָט אויך אויסגעזעזן דאָס שטעטעלע צ. אין קאַרפּאַטנרוס מיט יאָרן צוריק, פאַר דער דאַזיקער תקופה, וואָס מיר באַפאַסן זיך דאָ מיט איר.

און אַזוי וואָלט דאָס געווען געבליבן אויף ווייטער, ווען נישט דער ציוניסטישער אַנשיקעניש, וועלכער האָט זיך גענומען צעשפּרייטן, דער עיקר נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה, און האָט צוביסלעך זיך גענומען אַריינדריגען אויך אין די פאַרוואָרפענע שטעטלעך און דערפער פון קאַרפּאַטנרוס.

דער „ציוניזם״, וואָס די גרויסע קליפּה — דער כופר „הערצל״ — האָט ערפונדן און געמאַכט דאָס פאַר אַ וועלט־באַוועגונג, האָט חרוב געמאַכט אומזערע טייערע יוגנט, איבערגעהאַקט גרויזאַם דעם גאָלדענעם קייט, וועלכעס ציט זיך פון דור דורות, און אַריינגעברענגט אַ צעמישונג אין די מוחות פונ'ם כלל ישראל — מיט אַן אויסנאַם פון אַ קליינעם פּראָצענט — אין אַזאַ מאַסשטאַב, וואָס נישט נאָר עס איז נישט געווען זיין גלייכן אין דער היסטאָריע, נאָר ס'איז אוודאי קיינמאָל נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז די אידישע וועלט קען אַמאָל קומען צו אַזאַ „ירידה״, צו אַזאַ רוחניות'דיקן חורבן, רח״ל.

אין דער אמת'ן האָט זיך דער הערצל־ציוניזם אָנגעהויבן — ווי באַוואוסט — נאָך עטליכע יאָר פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, און אָנגעמאַכט נישט אַ קליינעם חורבן אומעטום וואו ס'האָט אנגעלאנגט. אָבער ס'האָט נאָך נישט געהאַט אַזאַ כח אַריינצוכאַפּן זיך אין די פאַרוואָרפענע אידישע שטעטלעך. יעדער האָט דאָך געקענט זען ווער ס'זענען די, וועלכע שטייען אין שפּיץ.

אָבער שפּעטער נאָך דער מלחמה, אָנהייבנדיג פון שנת תר״פ־תרפ״א (למספרם 1920־21), נאָך דעם ווי ס'איז אַרויסגעקומען די „הצהרת בלפור״ (באַלפור דעקלאַראַציע *), און דאָס האָט שטאַרק בעאיינפלוסט רעליגיעזע אידן. איבערהויפּט ווען ס'האָט אָנגעהויבן צעשפּרייט ווערן אין דער וועלט דער אויפרוף און לוח פון „קרן קימת״ מיט אַ בילד פון אַ רב אין אַ גרויסן ספּאָדיק אין דער שפּיץ, „דער רב קוק״, וועלכער איז אין יענער צייט אויפגענומען גע־

---

*) דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט אָנגענומען לאָרד באַלפור'ס פּאָרשלאָג, צו באַשטעטיקן די „נאַציאָנאַלע״ אָנגעהעריקייט פון אידן צו ארץ ישראל, און האָט אָנערקענט די פרייע ציוניסטן אַלס פאַרטרעטערס פונ'ם פאָלק ישראל, דעמאלס איז געגרינדעט געוואָרן דער ציוניסטישער „וועד הלאומי״, וועלכעס פרומע אידן האָבן נישט אָנערקענט.

דער וועלט באַרימטער מונקאַטשער רבי — בעל מנחת אלעזר זצ״ל — פלעגט רופן דעם „הצהרת בלפור״ — „צרת בעל פעור״, ווייל פון דעמאלס אָן האָבן זיך אָנגעהויבן די עיקר צרות און נסיונות פאַר'ן ערליכן אידנטום פון די פרייע ציוניסטן.

וואָרן אַלס רב פונ׳ם ציוניסטישן ״ועד הלאומי״ אין ירושלים, און דאָס האָט מען צעשפרייט און צעזייט איבער גאַנץ אייראָפּע אין אַלע שולן און בתי מדרשים, דאָס איז אָנגעקומען אויך אין די פּאַרוואָרפענע שטעטלעך און דערפער פון קאַרפּאַטנרוס. און אויך פאַרשידענע ״רעליגיעזע״ שליחים האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין די וועלט צו פאַרפירן אידן צום ציוניסטישן ״קרן קימת״ און נעמען אין שטוב אַריין זייערס אַ פּושקע, וכדומה.

דאָס האָט פאַראורזאַכט אַ גרויס צעמישונג צווישן פרומע אידן, און אַראָפּגעפירט דעם יוגנט צוביסלעכווייז לטמיון, רח״ל. אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט׳ן רעליגיעזן ציוניזם, און אויסגעלאָזט האָט עס זיך עפ״י רוב מיט׳ן סאָציאַליסטישן אָדער מיט׳ן רעוויזיאָניסטישן ציוניזם. ״אלו ואלו״ זענען געווען אַ נעסט פון אויסגעלאַסנקייט און כפירה ומינות רח״ל.

אין די קאַרפּאַטנרוס שטעטלעך איז אַריינגעדרונגען דער ציוניזם דורך דער פּוילישער גרעניץ, וועלכע איז געווען זייער נאָענט אַהין. ס׳איז געווען געענוג איינער אָדער צוויי ציוניסטישע ״מסיתים ומדיחים״ (פאַרפירערס), וואָס זענען אָנגעקומען אין אַ שטעטעלע. מ׳האָט נישט געוואוסט פון וואו זיי זענען דאָ אַראָפּגעפאַלן. און וואָס זיי באַצוועקן מיט זייער באַזוך. זיי האָבן שוין אָנגעגעבן עפּעס פאַלשע תירוצים שקרים, און געוויינלעך האָבן זיי אָנגעהויבן זייער אַרבעט פאַרשטעלט אין פאַרשידענע פאָרמען, לויט ווי ס׳האָט זיך פאַרלאַנגט צום אָרטשאַפט. באַלד האָט מען געהערט ווי זיי נעמען אָן צו לערנען פריוואַט מיט די בעל בתי׳שע קינדער, און זיי לערנען אויך העברעאיש. זיי זענען געווען געניטע חברה, אָרגאַניזאַטאָרן. זיי האָבן געהאַט אין זייער באַזיץ פאַרשידענע פּאַמפלעטן ״תעודות״ און ״המלצות״ פון ״גדולים״. זיי האָבן אָנגעקניפּט גלייך אַ פאַרבינדונג צווישן ירושלים און די בעלי בתים פון שטעטל. ס׳האָט נישט לאַנג גענומען ביז זיי האָבן געהאַט צו זיך אַ קרייז פאַרערערס און נאָכפאָלגערס. אַזוי צוביסלעך האָט זיך גענומען פאַרשפרייטן דער ציוניסטישער געדאַנק צווישן דער יוגנט.

ביי די ישיבה־בחורים האָט זיך אָנגעהויבן די ״ירידה״ אין קאַרפּאַטנרוס (מאַרמאַראָש) מיט דעם, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט מער פאָרן אין די קאַרפּאַטנרוסישע ישיבות ווי מונקאַטש, חוסט, סעליש, א. א. וו., נאָר דווקא אין אויבערלאַנד, מיט אַ אויסרייד, אַז אין די אויבערלענדישע ישיבות איז מער ריין און באַקוועם, און מ׳לערנט דאָרט בעסער.

ס׳דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז אין אויבערלאַנד זענען טאַקע געווען זייער פיינע חשוב׳ע ישיבות וואו ס׳זענען אויסגעוואַקסן גדולי תורה, אָבער זיי זענען געווען גוט דער עיקר פאַר אויבערלענדישע בחורים. אַ בחור פון די מאַרמאַראָש, אַז ער איז אָנגעקומען אין אויבערלאַנד, האָט ער זיך דאָס ערשטע געוואָלט צוגלייכן צו די דאָרטיקע בחורים, פאַרקירצט זיך די מלבושים און אָנגעטאָן אַ קראַוואַטל מיט געפּרעסטע הויזן — פון וועלכע ער האָט אין די מאַרמאַראָש נישט געוואוסט — די צייגענע מלבושים פון די מאַרמאַראָש האָבן זיך

גאַרנישט געלאָזט פּרעסן. ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס האָט פאַר אים געמיינט אַ ירידה, און איין ירידה ברענגט נאָך אַ צווייטע ירידה.

און אַזוי ווי די אויבערלענדישע בחורים זענען געווען נאַטירליך מער געבילדעט אין גוי־אישע לימודים ווי די מאַרמאַראָשע, וועלכע האָבן אין מערסטנ־טייל נישט געקענט אפילו דעם נאָמען אַראָפּשרייבן אין גוי׳איש. נו, פאַרוואָס זאָלן זיי — די מאַרמאַראָשע — זיין צוריקגעבליבן פון די איבריגע, און זיין ביי די שטאָט בעלי בתים „ללעג ולקלס״ (צו שאַנד און צו שפּאָט) ? האָבן זיי זיך גענומען צו די ביכער, אַביסל „בגלוי״, און מער „בסתר״. ביז די אויגן האָבן זיך זיי צעעפנט, און זענען געוואָרן גאַנצע פילאָזאָפן.

דאָס אַלעס איז געווען געזאָגט אויך איידער די קליפּה פון ציוניזם האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן אין קאַרפּאַטנרוס. נאָר דעמאָלס איז עס געווען אַ זעל־טענע זאַך, און פון די איינצלנע פאַלן, אַז אַ בחור פון מאַרמאַראָש זאָל וועלן פאָרן דווקא לערנען אין אַ אויבערלענדישע ישיבה, ווייט פון זיין היים. ס׳זאָל אים נישט אָנשטיין צו לערנען אין די מפורסם׳דיגע חסיד׳ישע ישיבות פון קאַר־פּאַטנרוס. און אַז ס׳איז פאַרגעקומען אַזאַ זאַך האָט מען געוואוסט, אַז דער בחור מיינט נישט דאָס לערנען, עפּעס אַנדערע זאַכן האָט זיך אים פאַרשמעקט אין אויבערלאַנד.

אָבער זינט די קליפּה פון ציוניזם האָט זיך גענומען אַריינכאַפּן אין קאַרפּאַטנרוס, האָט דאָס וועלן פאָרן לערנען אין אויבערלאַנד געהאַט אויך אַנ־דערע מאָטיוון. אין אויבערלאַנד איז די קליפּה פון „ציוניזם״ געווען שוין מער פאַרשפּרייט ווי אין אונטערלאַנד, אין אַלע פאָרמען. און פאַרשידענע פּאַרטייען. אַ „רעליגיעזער״ האָט זיך געקאָנט אויסקלייבן אַ רעליגיעזע פּאַרטיי פונ׳ם ציוניזם. אין אונטערלאַנד זענען געווען חסיד׳ישע צענטערס מיט גרויסע מפורסם׳־דיגע רבי׳ס בראש, וועלכע האָבן געקעמפט מיט מסירת נפש קעגן אַלע בייזע דערשיינונגען, מכל שכן קעגן די ציוניסטישע קליפּה, אין אַלע מיני פאָרמען.

ממילא, אַז אַ מאַרמאַראָשער בחור איז געקומען קיין אויבערלאַנד, האָט ער געהאַט מער געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט׳ן ציוניזם. און דערלערנען זיך די „פּאַרטיי־פּאָליטיק״. און צווישן די ביכער אין וועלכע ער האָט אַריינגעקוקט „בסתר״ אָדער „בגלוי״ זענען אויך געווען העברעאישע ביכער.

אפשר פאַר דעם אויבערלענדישן בחור האָט עס תחילת נישט אַזוי גע־שאַדט, און ס׳האָט אים נישט אַזוי גענומען. אָבער אַ מאַרמאַראָשער בחור ווען ער איז נאָך עטליכע יאָר אָפּזיין אין אויבערלאַנד — צוריק אַהיימגעקומען אין זיין קאַרפּאַטנרוסיש שטעטל, איז ער געווען אין מערסטנטייל אַ גאַנצער ציוניסט. זאָל זיין אין אַנהייב אַ „פרומער״ אָדער „רעליגיעזער״ ציוניסט, אָבער ער איז געווען דורכגענומען מיט דער ציוניסטישער אידייע דורך און דורך, אַז ער האָט שוין געהאַט געגוג כח צו באַאיינפלוסן אויך אַנדערע פון זיינע פריערדיגע חברים.

ס׳איז געווען אַ נאָרמאַלע דערשיינונג, אַז אַ גרויסער בחור, ווען ער איז

אַהיימגעקומען פון אויבערלאַנד, איז אַ האַלב יאָר אָדער אַ יאָר שפּעטער, האָט מען געהערט, אַז ער איז געפאָרן ערגעץ אין אַ „הכשרה", גרייטן זיך צו פאָרן קיין ארץ ישראל.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז אויסנאַמען זענען געווען. ווען אַ מאַרמאַראָשער בחור איז אַהיימגעקומען צוריק פון אַ אויבערלענדישע ישיבה אָנגעזאַפּט מיט תורה און יראת שמים, און איז טאַקע ביי דעם געבליבן. אָבער דאָס איז טאַקע נאָר געווען אַן אויסנאַם, אין אַלגעמיין איז ליידער אַזוי געווען דער מצב פון די מאַרמאַראָשער בחורים, וועלכע זענען געפאָרן אין אויבערלאַנד לערנען, ווי מיר באַשרייבן דאָ.

אַ חוץ עטליכע ישיבות אין אויבערלאַנד, וואו די רבנים און ראשי ישי־בות מיט זייערע תלמידים זענען שוין געווען אָנגעשטעקט מיט'ן אונטערלענדישן חסידות. די האָבן שוין געוואוסט וויאַזוי צו באַקעמפן דעם ציוניזם אין אַלע פאָרמען, נישט געלאָזט פאַר דער דאָזיגער קליפה אַ „דריסת רגל" אין זייערע קרייזן. די זענען — זעלבסטפאַרשטענדלעך — געווען אַן אויסנאַם.

די מיידלעך האָבן נאָכגעטאָן די אינגלעך. דער ציוניזם איז אַריין אין דער מאָדע. אויף זיי האָט עס געהאַט נאָך אַ ערגערע ווירקונג. זיי האָבן אין געהיים געלערנט העברעאיש, און געהאַט געהיימע צוזאַמענקונפטן, געזונגען הע־ברעאישע לידער, ביז זיי האָבן זיך אָפן אַרויסגעשטעלט מיט חוצפה קעגן די אייגענע עלטערן. ס'האָבן נישט געהאָלפן די רייד פונ'ם טאַטן, און דאָס וויינען און בעטן זיך פון דער מאַמען. און אין אַ שיינעם טאָג זענען זיי ערגעץ פאַר־שוואונדן, אָדער אין אַ „הכשרה" אויפ'ן וועג קיין ארץ ישראל, אָדער נאָך אויף ערגערע וועגן, זיי האָבן שוין נישט געהאַט קיין געדולד צו דערוואַרטן זיך ווילאַנג זיי קומען אָן קיין ארץ ישראל.

*

דאָס איז געווען ליידער דער טראַגישער און ביטערער אמת פונ'ם מצב אין אַסאַך קאַרפּאַטנרוסישע שטעטלעך און דערפער, עטליכע יאָרן פאַר'ן אויס־ברוך פון דער צווייטער וועלט מלחמה. אין די שיינע אידישע שטעטלעך, וואו דאָס אידישקייט האָט געהאַט געבליט אויף אַלע געביטן, און ס'האָט אַזוי אָנגע־האַלטן דורות לאַנג, האָט דער ציוניזם אָנגעמאַכט אַ חורבן. די יוגנט איז גע־וואָרן אָפּגעשניטן פונ'ם שורש.

ס'פאַרשטייט זיך, אַז די עלטערע מענטשן האָבן זיך נאָך — ווי ס'זאָל נישט זיין — געהאַלטן ביי אידישקייט. מ'האָט זיך אָנגעשטרענגט צו פירן ווי־טער אין שטעטל אַ אידיש קהל'יש לעבן. אָבער די יוגנט — די טייערע מאַר־מאַראָשע אידישע יוגנט — איז אַוועק... ווייט ווייט אַוועק. אויף פרעמדע וועגן פון וואו מ'קומט שוין — געוויינלעך — נישט צוריק. ס'האָט זיך נאָך פאַר־וואָרפן עפּעס אַ גוט קינד דאָ און דאָרט. אָבער די זענען געווען אויסנאַמספאַלן.

ביי די עלטערע מענטשן איז אויך שוין ווייט נישט געווען דאָס וואַרעמ־קייט און דער אינטערעס פאַר אידישקייט ווי פריער. די קליפה פון ציוניזם האָט

אַז אייגנשאַפט — ווער ס׳רירט זיך אָן דערצו — אַז ס׳ברענגט אַריין אַ מין קאַלטקייט אין הארץ צו אמת׳ע אידישקייט און צו אמת׳ע אמונה און בטחון אין באַשעפער. דער מאַטעריאַליזם — כחי ועוצם ידי — פאַרנעמט דעם אויבנאָן. אָבער דאָך... די עלטערע מענטשן האָבן זיך נאָך אָנגעשטרענגט צו האַלטן זיך אין די ראַמען פון זייער אַלטע איינגעפונדעווטע אידישקייט. אָבער אַ טייל זענען שוין געווען צופרידן צו אַ מין „רעליגיעזער" אידישקייט (אויף יוצא צו זיין) נישט אַזאַ פרומע... ווי מיר האָבן שוין פון דעם אויבן געמאָלדן. און ס׳האָבן זיך שוין באַוויזן אין שטעטל אויך „קלים־וריקים", אַ זאַך, וואָס איז פריער נישט געווען.



און אַז דאָס איז געווען דער מצב אין אַלגעמיין אין די קאַרפּאַטנרוסישע שטעטלעך און דערפער, וואו די רבנים און מנהיגים זענען כאָטש געווען געהויבענע אידן, עפ״י רוב פונ׳ם אַלטן דור. האַנטשע נאָך אין אונזער שטעטל צ. וואָס מיר באַפאַסן זיך איצט דערמיט. ווייל מיר ווען אייך מגלה סוד זיין, אַז אין אונזער שטעטל צ. איז דער אויבנדערמאָנטער „ר׳ נחמן דיין" אַליין געווען געכאַפּט אויף די מעשה, ער איז געווען אַ ציוניסט. ער איז געווען אַ געטרייער תלמיד פונ׳ם רב קוק אין ירושלים, און ער האָט געהאַלטן פון אים וועלטן, און פון זיינע ספרים, אין וועלכן דער עטאַטיסטישער ציוניזם ווערט געכשר׳ט מיט טיפע מיסטישע דערקלערונגען („על פי סוד" און „על פי קבלה" רח״ל), ווי איר וועט ווייטער זען אין אונזער דערציילונג.

ר׳ נחמן דיין איז געווען אַ טרייער נאָכפאָלגער פון זיין רבי׳ס שיטה אין ציוניזם. פון זיין „אהבת ישראל" (מכלומרשט) און פון זיין „אהבת ארץ ישראל" (ווי איר וועט אַביסל דאָ זען אין אונזער ווייטערדיגער דערציילונג). אַזוי, אַז די בחורים פונ׳ם שטעטל צ. האָבן נישט באַדאַרפט פאָרן אויף אויבערלאַנד צו ווערן ציוניסטן, ער — ר׳ נחמן דיין — האָט דאָס געמאַכט בעסער און פּרעציזער ביי זיך אינדערהיים. מיט זיין אָראַטאָרישן „כח הדיבור" און אָרגאַניזאַטאָרישן טאַלאַנט, אַ צוגאב צו זיין חריפ׳ישן קאָפּ אין לערנען, האָט ער געוואונען דעם צוטרוי פון דער יוגנט און דעם איינפלוס איבער זיי, כמעט אויף הונדערט פּראָצענט.

# ב.

## אַ פירער פאַרפירער מיט׳ן ספּאָדיק.

חשוב׳ע לייענערס! איר ווילט דאָך אוודאי וויסן ווי קומט עס עפּעס, אַז אין אַ קאַרפּאַטנרוסיש פאַרוואָרפן שטעטעלע זאָל ווערן אַ דיין אַ „תלמיד פון

רב קוק״ אין ירושלים? וויאַזוי האָט ער זיך עפּעס פאַרוואַלגערט אַהין? אין איינוועגס איז דאָ אַזעלכע וועלכע ווילן וויסן וואָס איז דאָס געווען עפּעס אַזוינס דער רב קוק? וואָס איז געווען זיין שיטה? איז ער געווען אַ איד מיט באָרד און פּיאות און אַ חסיד׳יש געשטעל? אָדער איז ער געווען אַ מאָדערנער רב?

צו דעם אַלעם מוזן מיר איין ערשט אויפמישן אַ קאַפּיטל געשיכטע פון ירושלים עיר הקודש, מיט אַ עטליכע און פופציג יאָר צוריק, און אַראָפּ־שרייבן אייך אויך אַ שטיקל ביוגראַפיע און לעבנסגעשיכטע פונ׳ם רב קוק. וועלכעס וועט וואַרפן אַ ליכט אויף אונזער דערציילונג, וואָס מיר גייען אייך דאָ דערציילן פונ׳ם שטעטעלע צ. אין קאַרפּאַטנרוס.

מיר פאַרזיכערן אונזערע לייענערס, צו זיין דאָ אין אונזער שריפט — ווי ווייט ס׳איז מעגליך — אָביעקטיוו, דאָס מיינט צו זאָגן, אַז מיר וועלן נישט זיין קיין „סתם באַשמוצער״ אָן גרונדן און אָן מאָטיוון, ס׳איז נישט אונזער דרך. מיר וועלן דער עיקר אַרויסברענגען עטליכע מעשיות „פאַקטן״, וועלכע רעדן פאַר זיך. און די לייענערס וועלן זיך שוין דערפון אַרויסדרינגען די קאָנסעקווענצן ווי זיי אַליין פאַרשטייען.

אַלס הקדמה ווילן מיר אייך צוערשט באַמערקן, אַז אויפ׳ן רב קוק פלעגט מען זאָגן, די מעסיגע רבנים און שיינע אידן, וועלכע האָבן נישט איבערגעריסן מיט אים די באַציאונגען, זיי האָבן אָבער נישט געקענט פאַרענטפערן די ווי־דערשפּרוכן פון זיינע אַנטפּלעקונגען. פון איין זייט איז ער אַ רב מיט אַ ספּאָ־דיק אַ גאון אין „נגלה״ און אין „נסתר״, ער זאָגט סודות־פולע תורות ביי שלש סעודות א. ד. ג. פון דער צווייטער זייט, איז ער אַ בוזעם־פריינט מיט אַלע כופרים און אפיקורסים, פירערס און שישקע־פילוועורס פונ׳ם ציוניסטישן געזעמל, און מיט אַלע קאָמיסאַרן פון די חלוצ׳ישע קיבוצים. ער קומט צו זיי ביי יעדע פייערליכע געלעגנהייט, און זיי קומען צו אים, ווי צו זייערס אַ פריינט אַן אייגענער, ער איז מחזק זייער אַרבעט אין וואָרט און אין טאַט, און מיט גע־הויבענע דעקלאַראַציעס א. א. וו.

נו, ווי קען דאָס הויזן אין איין און דעם זעלבן מענטש?

פלעגן אַ טייל רבנים און שיינע אידן — אויך פון זיינע אונטערטעבער

— אויף דעם זאָגן, מיט פאַרוואונדערונג:

— דער רב קוק האָט „אַ געשפּאַלטנטע נשמה״ האַלב אַהער און האַלב אַהין...

די דאָזיגע באַהויפּטונג איבער אים האָט אים — ווי ס׳זעט אויס — אימפּאָנירט (אבי מ׳זאָגט נישט ערגערס), ווייל ער האָט דאָס אַליין איבער־געחזר׳ט ביי עטליכע געלעגנהייטן, ער האָט עס אפילו אָנגעשריבן אין זיינע כתבים, אַזוי צו זאָגן:

— „ווער ס׳זאָגט אויף מיר, אַז איך האָב אַ געשפּאַלטנטע נשמה צע־טיילט אין צווייען, דער זאָגט ריכטיג, זיכער איז זי געשפּאַלטנט! מיר קענען

זיך גאָרנישט פאָרשטעלן אין אונזער שכל אַ מענטש, וואָס זיין נשמה איז נישט געשפאלטנט(?) נאָר אַ דומם (אַ נישט לעבהאַפטיגע זאַך) איז גאַנץ. אָבער אַ מענטש האָט אין זיך צוויי קעגנגעזעצטע נייגונגען, און דאָס ברענגט אים צו קאָנ־טראַסטן (קעגנגעזעצטע טאָטן)".

און האָט פאָרגעזעצט, ווי זיין שטייגער צו דערקלערן אַלעס מיט הויכע מיסטישע געדאַנקען, אַזוי, אַז די „פשוט'ע בשר־ודם'ס" זאָלן זיך נישט קענען פונאַנדערקלייבן דערין:

— „די גאַנצע אַרבעט פון אַ מענטש איז צו פאַראייניגן די דאָזיגע קאָנ־טראַסטן אין זיין וועזן, דורך אַ אַלגעמיינע הויכע אידייע, וואָס אין זיין גע־הויבנקייט האָט אַלעס אַ אָרט, און ס'קומט דאָרט צו אַ פולשטענדיגע האַרמאָ־ניע. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז נאָר אַ „אידיאַל", וואָס מיר שטרעבן און גלוסטן צו דעם. אָבער פּאַקטיש צוצוקומען צו דעם איז אוממעגלעך פאַר אַ געוויינליכן ילוד אשה. מיר קענען נאָר דערנעענטערן זיך צו די בחינה מער און מער. און דאָס איז וואָס אין „קבלה" ווערט עס אָנגערופן „יחודים".

איר פאַרשטייט מיט אַזעלכע „הויכע געדאַנקען" (מכלומרשט) האָט ער געוואָלט פאַרענטפערן אַלע זיינע קרומע דרכים. און דער עיקר אַבסורד אין זיינע רייד איז, וואָס ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז די „נשמה" פון אַ יעדן איד איז געשפאלטנט? און דאָס מוז זיך אַנטפּלעקן אין קאָנטראַסטן. גענוי ווי די וועלט זאָגט: — איינמאָל אַ מלאך און איינמאָל אַ גלח.

אָבער מיר אידן, וועלכע האָבן מקבל געווען אַ תורה אויפ'ן באַרג סיני ווייסן, אַז אמת ס'שטייט טאַקע אין דער תורה „ראה נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב ואת המות ואת הרע" — דאָס מיינט צו זאָגן, אַז דער אויבערשטער האָט באַשאַפן דעם מענטש מיט אַ מעגליכקייט און אַ אייגענשאַפט צו טאָן גוטס און שלעכטס (ח"ו). פירט אָבער אויס דאָרט די תורה „ובחרת בחיים" — דאָס מיינט צו זאָגן, אַז דער אויבערשטער האָט געגעבן פאַר'ן מענטש אַ „כח הבחירה" (אויסוואַל קראַפט) ער זאָל זיך אויסוועלן נאָר דאָס לעבן און דאָס גוטע. און דאָס פאַרלאַנגט דער אויבערשטער פונ'ם מענטש. (נישט קיין געמישעכץ גוטס מיט שלעכטס אין איינעם, ח"ו).

נאָר דער אמת איז, אַז מ'דאַרף נישט זיין קיין גרויסער נשמה־פאַר־שער און פסיכיאַטאָר, צו דערגרונטעווען זיך פון וואַנען ס'האָבן זיך גענומען רב קוק'ס קאָנטראַסטן און פלאָנטערנישן.

ער איז געווען איינער פון די דאָזיגע דורכגעפאַלענע „עילויים" אין די ליטווישע ישיבות, וועלכע האָבן ביים לערנען די הייליגע תורה, גלייכצייטיג איינגעזאַפּט אין זיך אַ גרויסע פאַרציע חקירה מיט פילאָסאָפיע, אַריינגעקוקט אַסאַך אין „ספרים חיצונים" רח"ל, און דאָס האָט זיי פאַרשאַדט, און צוגרונד געלייגט.

דער רב קוק איז געווען אַ „הציץ ונפגע" ער האָט געקוקט וואו מ'דאַרף נישט, און ער האָט זיך אָנגעברינטשלט. די סאַך חקירה ספרים, אָנגעהויבן ביים

„מורה נבוכים" און דער „כוזרי" אין וועלכע ער איז געלעגן אין די יונגע יאָרן טעג און נעכט, און — להבדיל אלף אלפי הבדלות — אַפלטון, אריסטו. ביז צו די שפּעטערע שלעק, דער גרויסער כופר שפּינאָזע, און בערגסאָן, מענדלסאָן, ניטשע א. א. וו. אין וועלכע רב קוק איז געווען אין זיין דור, דער גרעסטער בקי — לויט ווי זיינע תלמידים אַליין זאָגן אויף אים עדות — זייערע פּסול׳ע טעאָר־יעס און געדאַנקען האָבן זיך אַריינגעזעצט אין זיין מוח. און די דאָזיגע „דיעות כוזבות" מיט פאַרשידענע אפיקורס׳ישע געדאַנקען, האָבן געגוגט און געקייט זיין האַרץ, אַז ער האָט זיך נישט געקענט פון זיי באַפרייען איבער זיין גאַנץ לעבן. און דאָס האָט אים געשטויסן צו די אַלע דורכפאַלן און פאַרקרומטע מעשים, וועלכע ער האָט אַריינגעטייטשט אין דער געשפּאָלטנטע נשמה.

זיינער אַ ליבלינג תלמיד „מרדכי (מאַרקוס) כהן", אַ סטודענט אויף גע־זעצגעבונג אין דער שווייץ. אַ זון פון׳ם באַזעלער רב ד״ר כהן. ביי וועמען דער רב קוק איז איינגעשטאַנען אַ לענגערע צייט, זייענדיג אין שווייץ אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. שרייבט צו זיינעם אַ קאָלעגע „דוד כהן" אַ סטודענט אויף פילאָזאָפיע (דער שפּעטערדיגער באַוואוסטער „נזיר" מיט די לאַנגע צעפלאָשעטע האָר אין ירושלים) אַז ער ראָט אים צו קומען באַזוכן דעם יפו׳ער רב (רב קוק) ער וועט קענען ביי אים ערפאַרן און לערנען זאַכן, וואָס ביי קיינעם נישט זיין גלייכן.

איך שרייב דיר אַלס עדות — שרייבט מרדכי כהן — אַז דער רב קוק זיצט גאַנצעטע נעכט איבער׳ן „מורה נבוכים", וואָס די ליבסט אַזוי, און אין די פילאָזאָפיע פון „אַפלטון" און „אַריסטו" איז ער אַ זעלטענער בקי. אויך די „שפּי־נאָזע" טעאָריע קען ער מסביר זיין בעסער ווי יעדער איינער, אויבצוואר ער פרעגט אים אָפּ זייער לאַגיש (שפּינאָזע איז געווען אַ כופר מפורסם רח״ל, די אַמסטערדאַמער רבנים האָבן אים אין חרם געלייגט).

שפּעטער אַביסל ווען דוד כהן איז שוין נתקרב געוואָרן צום רב קוק, שרייבט ער — דוד כהן — צו אַ דריטן, זיינער אַ קאָלעגע: ס׳איז נישטאָ אין דער וועלט נאָך איינער ווער ס׳זאָל אַזוי באַקאַנט זיין אין דער „גריכישער פילאָזאָפיע" ווי דער רב קוק, און (להבדיל) דער „מורה נבוכים" מיטן „כוזרי" גייען נישט אַרויס פון זיינע הענט.

מ׳פלעגט זאָגן: צווייי זאַכן האָט דער רב קוק אויפגעטאָן אין יפו, זיי־ענדיג דאָרט אַ רב איידער ער איז געקומען קיין ירושלים. איינס, ער האָט מחנך געווען דאָרט דעם „העברעאישן גימנאַזיום" מיט אַ גרויסע פּאָמפּע, פון וועלכן ס׳איז נישט אַרויסגעקומען קיין איין „מאמין בהשם". דאָס צווייטע, ער האָט געגרינדעט אַ שיעור אין ספר „כוזרי" פאַר אַ גרויסן עולם צוהערערס, און אַרייב־געלאָזט זיך אַלעמאָל אין טיפע פילאָזאָפיע.

דער אַלטער רעספּעקטפולער הרה״ג רבי ישעי׳ אָרענשטיין זצ״ל אין ירושלים (דער פאָטער פון הגאון רבי יעקב אָרענשטיין וועמען מ׳האָט גערופן דער „ירושלים׳ער גאון" און דער שווער פון רבי יצחק שלמה בלוי ז״ל) האָט

אים איבער דעם שיעור ברבים אינ׳ם „כוזרי״ געשריבן א תוכחה־בריוו. היתכן? ער האט נישט געטראפן קיין אנדערן שיעור צו לערנען ברבים, פאר פשוט׳ע מענטשן, ווי דער ספר הכוזרי? אנשטאט ער זאל לערנען מיט זיי א שטיקל גמרא, משניות אדער עין יעקב. האט ער צוריקגעענטפערט מיט חוצפה.

און די דאזיגע חקירה ספרים האבן אים פארשאדט, ס׳האט אים צוגע־ברענגט צו פארטיפן זיך אין אלע „ספרים חיצונים״, שפינאזע, ניטשע, מענדלסאן א. א. וו. ווי מיר האבן אויבן געשריבן. און פון דארט האט זיך גענומען זיין „געשפאלטענע נשמה״.

נישט אומזיסט האט מען זיך ביי חסידים און ערליכע אידן אין אלע צייטן אזוי שטארק דערווייטערט אפילו פון צו לערנען אינ׳ם „מורה נבוכים״, מכל־שכן אין אנדערע פילאזאפישע ספרים. *)

עס וועט אונז זיין אינטערעסאנט אראפצוברענגען דא די פאר ווער־טער, וואס דער פריערדיגער גערער רבי זצ״ל שרייבט אין א בריוו, אנבאלאנגט דאס לערנען אין מורה נבוכים.

נאכדעם ווי ער ווארנט שטארק קעגן אריינקוקן אין פילאזאפישע ביכער (חקירה ספרים), שרייבט ער בזה הלשון:

— **מי לנו גדול מרבינו הרמב״ם ז״ל, מעידני עלי שמים וארץ כי בעת שהנני מוכרח לעיין במורה נבוכים, במקום שהביאו בשמו איזה ענין, הנני מתפלל לבורא שמים וארץ שלא אכשל...**

איבערגעזעצט אין אידיש:

— **ווער איז נאך גרעסער פון רבינו הרמב״ם ז״ל, דאך, ברענג איך אויף מיר פאר א עדות הימל און ערד, אז ווען איך מוז עפעס נאכ־קוקן אין „מורה נבוכים״ וועגן עפעס א זאך, וואס ווערט געברענגט אין זיין נאמען, בין איך מתפלל צום באשעפער, אז איך זאל נישט נכשל ווערן...**

אז דער גערער רבי — וועלכער איז געווען א צדיק מפורסם און א

---

*) מיר וועלן דא באמערקן, וואס מיר האבן שוין געשריבן אין פריערדיגן בוך „ליכט שטראלן״ (נומ. 4) דאס צדיקים און חסידים פלעגן זאגן, אז דעם ספר „מורה נבוכים״ האט דער הייליגער רמב״ם געשריבן אויסדריקליך פאר „רשעים גמורים״ איבערצוצייגן זיי און ארויס־פירן זיי פון זייער בלאנדזשעניש און טעות. אדער — להבדיל — פאר „צדיקים גמורים״ פאר וועלכן ס׳קען שוין קיין זאך נישט שאדן. אבער דער „סתם עולם״ חסידים האבן זיך דערפון דערווייטערט. דאס זעלבע איז אויך מיטן „ספר כוזרי״ וואס רבי יהודא הלוי האט פארפאסט. מכל־שכן פון אנדערע חקירה און פילאזאפישע ספרים.

פאר מיטלגאטונג מענטשן ווי מיר זענען, מאכן די אלע חקירה ספרים — די ערליכע — נאר אן א איבעריגן טומל און צעמישונג אין מוח, וועלכעס איז א גרויסע סכנה.

פון אנדערע פילאזאפישע ספרים און „ספרים חיצונים״ רח״ל, איז דאך אפגערעדט, אז **ס׳איז סם פאר דער נשמה.**

רבי איבער צענדליגער טויזנטער אידן — האָט אַזוי געשריבן, האַנטשע נאָך אַ מיטלגאַטונג איד, ווי ווייט דאַרף זיך היטן.



נאָך די שטיקעלע הקדמה, וועלן מיר זיך נעמען צו שרייבן אַ קאַפּיטל געשיכטע פון ירושלים עיר הקודש, וואָס מיר האָבן אויבן פאַרשפּראָכן. און באַקענען אייך מיט עטליכע פאַקטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אַרום דעם רב קוק, וועלכע מיר דאַרפן וויסן צו אונזער ווייטערדיגער דערציילונג פונ׳ם שטעטעלע צ. אין קאַרפּאַטנרוסלאַנד, וועלכע וועט זיין אַ שטאַרק שפּאַנענדע און טראַגישע דערציילונג, אָבער מיט אַ גוטן אויסגאַנג.



אין שנת תרס״ד איז דער רב קוק געקומען קיין יפו, צו פאַרנעמען דאָרט דעם „כסא רבנות״.

אין ירושלים איז דעמאָלס געווען דער רב ואב״ד אַ גרויסער פּערזענליכקייט אַ באַוואוסטער גאון אין דער וועלט, רבי שמואל סאַלאַנט זצ״ל.

אין אָנהייב האָט מען נאָך נישט דערקענט, נאָר די גוטע זייטן פונ׳ם רב קוק. אַ גדול בתורה, אַ גוטער רעדנער א. א. וו. רבי בן ציון יאדלער זצ״ל דער באַוואוסטער מ״מ (מגיד מישרים) פון ירושלים עיר הקודש, וועלכער איז אויך געווען דער עסקן און דער ממונה אויף תרומות און מעשרות אין ירושלים, איבער צענדליגער יאָרן, האָט זיך געווענדעט מערער מאָל צום רב קוק ער זאָל אים בייהילפיג זיין אויסצופועל׳ן, אַז די פּראָדוקטן וועלכע קומען פון יפו און די אומגעבונג זאָלן ווערן געמעשר׳ט כדת וכדין.

ס׳האָט נישט לאַנג גענומען און מען האָט אָנגעהויבן זיך אָפּצורעדן אין ירושלים, אַז דער יפו׳ער רב איז פּאַניע־בראַט מיט אַלע ציוניסטישע שישקע־פּילווערס. זיי קומען צו אים, און זיצן ביי אים אָפּ שעות איבער שעות. חלוצים מיט ווילדע טשופּרינעס, דרייען זיך ביי אים אַריין און אַרויס. זיי קומען אוודאי נישט נאָך אַ תיקון הנפש...

אין שנת תרס״ט איז רבי שמואל סאַלאַנט זצ״ל דער רב ואב״ד פון עיה״ק ירושלים נסתלק געוואָרן. מ׳האָט אויפגענומען אויף זיין פּלאַץ דעם אַלטן וועלט באַרימטן גאון רבי חיים בערלין זצ״ל. אין שנת תרע״ג איז אויך רבי חיים בערלין נסתלק געוואָרן, און דער רבנות שטול פון ירושלים איז ליידיג געוואָרן.

מ׳האָט זיך געווענדעט צו רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, ער זאָל וועלן איבערנעמען דעם כסא הרבנות, וועלכער איז נאָך מיט צענדליגער יאָרן צוריק געווען ראב״ד אינ׳ם בי״ד פונ׳ם בריסקער רב הגאון הצדיק רבי יושיע ליב דיסקין זצ״ל, און איז שוין דעמאָלס געווען אָנערקענט פאַר אַ גרויסן גאון און צדיק, און אַ אומדערמידליכער קעמפער פאַר אידישקייט, פאַר אַ אמת׳ן ערליכן חינוך א. א. וו. נישט צו ענדערן כקוצו של יו״ד פון אַלע אַלטע דרכים. אַ טרייער נאָכ־

פאַלגער דעם דרך פון חתם סופר. רבי שמואל סאלאנט האָט געזאָגט עדות אויף אים „רבי יוסף חיים זאָנענפעלד איז דער גרעסטער תלמיד חכם אין ירושלים״.

אָבער צוליב זיין גרויסן עניוות, האָט ער דאָס קאַטעגאָריש צוריקגעוויזן, ער האָט נישט געוואָלט איבערנעמען דעם כסא הרבנות אין ירושלים.

באין ברירה, האָט מען זיך באַגנוגנט צו מאַכן אַ „וועד רבנים״ פון זיבן גדולים, צווישן זיי איז אויך געווען דער אַלטער באַוואוסטער גאון רבי יצחק ירוחם דיסקין זצ״ל דער זון פונ׳ם בריסקער רב, וועלכער האָט אויך נישט געוואָלט ווערן רב אין ירושלים. אין דעם דאָזיגן וועד רבנים האָט רבי יוסף חיים מסכים געווען אַריינצוגיין. און למעשה האָבן טאַקע געפירט די שטאָט די צוויי גדולים, רבי יוסף חיים זאָנענפעלד און רבי יצחק ירוחם דיסקין.



אין יענע צייטן האָט זיך רבי בן ציון יאדלער דערטראַכט צו אַ גוטן אויפטו. אַז עטליכע חשוב׳ע רבנים זאָלן אַרויספאָרן אין די דערפער און קאָלאָניעס פון וואַנען די פרוכטן און גרינצייג ווערן געליפערט אויפ׳ן מאַרק אין ירושלים, און אויך אויף אַנדערע פלעצער, און משפיע זיין אויף זיי, אַז זיי זאָלן ווערן לאָזן מעשר׳ן זייערע פראָדוקטן נאָך ביי זיי אין דער היים, וועלכעס איז — זעלבסטפאַרשטענדלעך — נישט געווען פון די גרינגע זאַכן צו פועל׳ן. דער מאָטיוו וואָס האָט געטריבן צו די פעולה איז געווען, ווייל וויבאַלד ס׳ווערט פאַרשפרייט איבער׳ן לאַנד איז עס שוין אַ אומגעהויערע שווערע זאַך דאָס דורכצופירן און קאָנטראָלירן, ס׳איז פאַרבונדן מיט גרויסע שפּעזן און עס בויטיגט זיך אַ גאַנצער אַפּאַראַט מיט אַ גרויסן שטאַב מענטשן. און דערצו דער גוטער ווילן פון די פאַרשידענע סוחרים. און די אַלע זאַכן האָבן עפ״י רוב געפעלט. און אין איינוועגס — האָט רבי בן ציון געטראַכט — וועלן די חשוב׳ע רבנים מעורר זיין די דאָרפסלייט — ווי ווייט מעגליך — צו תשובה, זיי זאָלן פאַרבעסערן זייערע מעשים און אַ קער טאָן זיך צוריק צו אידישקייט.

ס׳דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז מ׳דאַרף פונאַנדערשיידן צווישן די אַלטע דערפער און קאָלאָניעס, וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרן נאָך בעפאָר דעם הערצל־ציוניזם, דורך די „חובבי ציון״. אָדער אַנדערע סאָרט גרופּעס, וועלכע האָבן זיך באַזעצט מיט׳ן גרינדן קאָלאָניעס אין ארץ ישראל — און צווישן די „מושבות״ און הונדערטער קיבוצים, וועלכע זענען געגרינדעט געוואָרן שפּעטער אינ׳ם גייסט פונ׳ם הערצל־ציוניזם.

די ערשטע, כאָטש זיי זענען אויך געווען — ווען נישט באַלד זענען זיי שפּעטער געוואָרן — שטאַרק פאַרדאָרבן, עפ״י רוב קיין זכר פון שבת און כשרות א. א. וו. — אַ חוץ איינצעלנע אויסנאַמען אין אַביסל בעסערן מצב — אָבער עס האָט דאָרט נישט געהערשט — אין אַלגעמיין — דער סיסטעמאַטישער „כפירה״ גייסט רח״ל פון „לית דין ולית דיין״, נאָר סתם פאַרגרעבט און פאַרדאָרבן, אַנדערש ווי דער הערצל־ציוניזם, וועלכער איז לכתחילה געגרינדעט גע־

וואָרן דורך הערצל'ען אויף אַ באַזיס פון „כפירה" רח"ל. און אויף „ככל הגוים בית ישראל" גלייך צו זיין מיט אַלע פעלקער פון דער וועלט. און אויף דעם יסוד איז געשטעלט געוואָרן דער נייער ציוניסטישער ישוב אין ארץ ישראל.

די ערשטע, צו זיי האָט מען נאָך געקאָנט אַמאָל רעדן אַ וואָרט, רבנים אידישע אידן, אַז זיי האָבן געוואָלט ביי זיי מאַכן אַ באַזוך, האָבן זיי נאָך גע־האָט דאָרט אַ „דריסת רגל", אויבצוואַר אויפצוטאָן עפּעס איז ביי זיי אויך גע־ווען זייער שווער, אָבער פאָרט אַנדערש ווי דער צווייטער סאָרט, די מושבות און קיבוצים פון נאָכ'ן הערצל־ציוניזם, וועלכע האָבן פשוט נישט אַריינגעלאָזט צו זיך אַ אידישן איד, ווער שמועסט אַ רב, זיי האָבן אים פאַרטריבן מיט בזיונות.

און נאָך אַ זאַך. די פאָן טרעגער פון הערצל־ציוניזם, נאָכדעם ווי זיי האָבן איבערגענומען די מאַכט אין ישוב, און די דרוך זיי געגרינדעטע „סוכנות" איז געוואָרן דער לעגיטימער פאָרשטייער און וואָרטזאָגער פונ'ם ישוב אין אַל־געמיין, זענען זיי נישט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט איבער די פריער גע־גרינדעטע דערפער און קאָלאָניעס, וועלכע האָבן געדאַרפט סיי ווי אָנקומען צו זיי, זיי האָבן זיי געוואָלט דורכאויס גלייכשטעלן מיט זיי, אויסרייסן די אמונה אין גאַנצן רח"ל, כאָטש פונ'ם יונגען דור. צו דעם צוועק האָבן זיי אומעטום אַריינגעזעצט אַ „קאָמיסאַר", זייער אַ געשוואוירענער מענטש, וועלכער איז גע־ווען געוויינליך דער סעקרעטאר פונ'ם אָרטשאַפט, אָדער וויינציגסטנס אלס „מורה" (לערער) און פילמאָל ביידע. דער דאָזיגער האָט געהאַט זיין הויפּט אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן כפירה און מינות רח"ל מיט אַ סיסטעמאַטישן גאַנג. און אויפ־ציען אַ דור פון ווילדע כופרים און שונאי ישראלים.

אַלזאָ, דער פּלאַן פון רבי בן ציון יאדלער, אַז רבנים זאָלן אַרומפאָרן אין די דערפער און קאָלאָניעס צו פּועל'ן וועגן „תרומות ומעשרות" איבער די פּראָדוקטן, וועלכע זיי ליפערן אין די שטעט, און אין אייבוועגס זיי מעורר זיין צו אידישקייט ווי וויט מעגליך, איז דער עיקר כוונה געווען אויף די „מושבות" און קאָלאָניעס פונ'ם ערשטן סאָרט.

רב"צ יאדלער האָט צונויפגעשטעלט אַ דעפּוטאַציע — אַ חוץ זיך — די פאָלגענדע רבנים: הרב הגאון רבי יוסף חיים זאָנענפעלד. רב קוק יפו'ער רב, צוזאַמען מיט זיין תלמיד רב יעקב משה חאַרלאַפּ, וועלכער האָט אומעטום מיטגעהאַלטן מיט זיין רבי'ן. און הרב יונתן בנימין הלוי איש האָראָוויטץ, פון פראַנקפורט ד'מיין, וועלכער האָט פאַרטרעטן דעם חרד'ישן ישוב פון דייטשלאַנד און האָלאַנד אין ירושלים עיה"ק. און איז געווען באַליבט און אנערקענט פאַר אַ ערליכן איד אין אַלע קרייזן.

ס'איז אויך געווען אָפּגערעדט, אַז אין דער געגנט פון חיפה וועט זיך אָנשליסן צו זיי דער חיפה'ער רב הרב מאַרקוס. און אין טבריא'ער געגנט דער רב הגה"צ ר"מ קליערס. און צפת'ער געגנט דער צפת'ער רב הרה"ג ר' רפאל זילבערמאַן.

רב״צ יאדלער האָט אַ נאָמען געגעבן דעם גאַנצן פּראָיעקט „מסע התשובה״. ער האָט געהאַלטן, אַז ס׳וועט זיין אַ גרויסער ערפאָלג.

רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, וועלכער איז געווען — אויסער זיין אָנערקענטער גאונות און צדקות — אויך אַ גרויסער ענוו, ער איז נישט געווען קליינבעריש צו טאָן, וואָס פאַרא פּעולה ס׳זאָל נישט זיין, אויף אויפצוטאָן עפּעס אין אידישקייט. און אַזוי ווי רבי בן ציון יאדלער מיט זיין גרויסער תמימות האָט געהאַלטן פון דעם פּלאַן וועלטן, האָט ער — רבי יוסף חיים — נישט אָפּגעזאָגט זיך אָנצושליסן צו דער דעפּוטאַציע. כאָטש ס׳איז געווען פאַרבונדן מיט אַ גרויסער טירחה, אַרומצופאָרן מיט אַ וואָגן עטליכע וואָכן צייט פון איין מקום צום צווייטן.

און וואָס אָנבאַלאַנגט דער צוזאַמענאַרבעט מיט׳ן רב קוק אויפ׳ן וועג, האָט רבי יוסף חיים געהאַלטן, אַז ער מוז נישט מקבל זיין די אַלע שמועות, וואָס מ׳רעדט אויף אים, דערווייל איז ער נאָך ביי אים בחזקת כשרות. אָבער דאָס איז טאַקע געווען דער ערשטער און לעצטער פאַל, וואָס רבי יוסף חיים זאָנענפעלד האָט צוגעשטימט אויף אַ צוזאַמענאַרבעט מיט׳ן רב קוק. ביי די נסיעה האָט ער שוין איינגעזען, אַז „אין אני והוא יכולים לדור במדור אחד״ — ער מיט׳ן רב קוק קענען נישט הויזן צוזאַמען ביי קיין פאַל.



מיר ווילן דאָ נישט מאריך זיין מיט די איינצלהייטן פון די נסיעה, ס׳באַצוועקט נישט די אינטערעסן פון אונזער איצטיגער דערציילונג אין דעם „ליכט שטראַלן״. ס׳איז דאָ נאָך עטליכע אַלטע אידן אין ירושלים, וועלכע געדענקען די נסיעה מיט אַלע איינצלהייטן. מיר וועלן נאָר אַרויסהייבן צווי פּאַסירונגען פון די פיר וואָכעדיגע נסיעה, וועלכע זענען פאַר אונז זייער אינטערעסאַנט.

דאָס ערשטע זענען זיי אָנגעקומען אויף אַ שבת אין דער אַלטער קאָלאָניע „זכרון יעקב״, וועלכע איז נאָך געגרינדעט געוואָרן אויף דער איניציאַטיוו פון די ערשטע „חובבי ציון״, דורכ׳ן „נדיב הידוע״ (אַזוי האָט מען גערופן דעם דעמאַלסדיגן באַראָן ראָטשילד). דאָנערשטיג פאַרנאַכט זענען די רבנים אָנגעקומען. מ׳האָט זיי באַזאָרגט — פאַרהעלטניסמעסיג — אַ באַקוועמע דירה אין צענטער פונ׳ם שטעטל. זייערע צימערן צו שלאָפן זענען געווען איינער נעבן דעם אַנדערן.

רבי יוסף חיים האָט זיך אויסגענומען אַ תנאי פאַר׳ן אַרויספאָרן, אַז אַזוי ווי ער פאַרפעלט נישט אינדערהיים יעדע נאַכט אָפּצורעכטן חצות, וויל ער האָבן די געלעגנהייט, אַז ער זאָל דאָס אונטערוועג׳ס אויך נישט פאַרפעלן. זיי האָבן אַלע מסכים געווען, אדרבה זיי וועלן אויך מיטהאַלטן, מ׳וועט מאַכן דעם „תיקון חצות״ אין איינעם — האָט הרב קוק געזאָגט.

ביינאַכט נאָענט צו חצות, האָט זיך געהערט אַ גרויסער רעש אין דרויסן,

ס׳זענען דורכגעפאָרן דריי גרויסע וועגענער אָנגעפּאַקט מיט יונגען און מוידן, חלוצים מיט חלוצ׳קעס, מיט שרעקליכע פּרוצות׳דיגע אָנגעטועכצער, ווי ביים דור המבול רח״ל. ס׳איז געווען די צייט פון ווײנטרויבן־לעזן, און די חברה זענען געפאָרן אין די ווײנגערטנער צו דער אַרבעט, אָדער זיי זענען געקומען פון דער אַרבעט. זיי — די יונגען מיט די מוידן צוזאַמען — האָבן געזונגען העברעאישע לידער מיט פאַרשאַרטע קולות, אַז עס האָט אָפּגעהילעכט ווייט און ברייט אין מיטן דער נאַכט. אויף די קולות האָבן זיך די רבנים איבערגעוועקט, דער רב קוק איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט מיט אַ גרויסער הנאה זיך צוגעהערט צו דעם זינגען.

אין צענטער פון׳ם שטעטל האָבן זיך די וועגענעס אָפּגעשטעלט. ס׳איז פּונקט אויסגעקומען קעגנאיבער די פענצטער וואו די רבנים זענען איינגעשטאַנען. אפשר האָבן זיי געוואָלט אָנפּיטערן די פערד, אָדער אָנגרייטן זיך מיט אַנדערע זאַכן אויף ווייטער צו פאָרן. אָדער אפשר — ס׳איז זייער מעגליך — אַז זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז דאָרט אַ קעגנאיבער שטייען איין רבנים פון ירושלים, האָבן זיי דאָס אייגנס געטאָן צו דערצערנען די רבנים.

זיי האָבן ווייטער געזונגען מיט אַ גרויסן רעש און טומל. אַ גרופּע זענען אַראָפּ פון׳ם וואָגן און זיי האָבן געטאַנצט אַ „הורא״. דער רב קוק איז ווייטער געשטאַנען ביים פענצטער און איינגעהערט זיך מיט אַ הנאה.

איך וואָלט אין דער אמת׳ן נישט גערדאַרפט אַראָפּברענגען קיין איין וואָרט פון זייער טריפה׳נעם ליד, וואָס זיי האָבן געזונגען, נאָר כדי מ׳זאָל האָבן אַ אָנונג, וואָס איז געווען דאָס ליד, וועלכעס האָט דעם רב קוק אַרויסגעבראַכט פון די כלים און אויפגעהויבן אין אַ הויכן עקסטאַזיס, וועל איך יאָ אַראָפּברענגען כאָטש איין זאַץ (אָן אידישער איבערזעצונג), וועלכעס איז געווען דער רעפראַנש, וואָס זיי האָבן אַלעמאָל נאָך יעדע פאָר ווערטער איבערגעחזר׳ט:

„יאָ חלילי יאָ עמלי — בוא נצאה לכרמי
העבודה הוא חיינו — מכל צרה תצילנו״

איך וויל נאָכאַמאָל בעטן אַנטשולדיגונג פון די לייענערס פאַר׳ן אַראָפּברענגען די פאָר ווערטער פון זייער אפיקורס׳ישן ליד. איך האָב עס געטאָן כדי ס׳זאָל דינען פאַר אַ מוסר השכל, ווי ווייט אַ „רב בישראל״ מיט אַ גרויסן ספאַדיק, אַ גדול אין „נגלה״ און אין „נסתר״, קען ווערן פאַרפירט און פאַרדרייט, צו זאָגן אויף טומאה און כפירה רח״ל, אַז ס׳איז קדושה און געהויבנקייט, אַזוי ווי איר וועט נאָך ווייטער זען.

נאָך אַ ווײלע פאַרברענגען האָבן זיי זיך גענומען — מיט אַ הויך געזאַנג — ווייטער צו פאָרן. דער רב קוק האָט זיי באַגלייט מיט זיינע בליקן ביז זיי זענען פאַרשוואונדן ווייט אין דער פינצטערניש.

דער רב י. מ. חאַרלאַפּ איז אין מיטן אַריין אין צימער. דער רב קוק פאַר גרויס דביקות פון׳ם זינגעכץ האָט אים נישט באַמערקט, נאָר ווען די חברה זענען שוין פאַרשוואונדן אין דער ווייטעניש, האָט ער זיך אויסגעדרייט

און באַמערקט אים. דער רב האַרלאַפּ אַליין זאָגט עדות, אַז פאַר זיין רבי׳ן זענען געקומען טרערן פון די אויגן פאַר פרייד.

— זאָגט ר׳ יעקב משה, וואָס האָט איר געהערט? — האָט דער רב קוק געפרעגט זיין תּלמיד.

דער רב האַרלאַפּ — וועלכער האָט שוין אַלעמאָל געניי געוואוסט נאָכצוקייען זיין רבי׳נס תּורה, און האָט שוין פאַראויס געוואוסט זיין געדאַנקען גאַנג — האָט געענטפערט.

— אַ „קול נגינה" פון די „היכלות עליונים" — האָב איך געהערט, און איך האָב זיך איבערגעוועקט.

איר האָט גוט געהערט! איר האָט גוט געהערט! — האָט דער רב קוק איבערגעטאָפּלט מיט אַ באַגייסטערונג צום רב האַרלאַפּ.

מ׳דאַרף קענען דערהערן דעם „פּנימיות" פון אַ „נגינה" — האָט רב האַרלאַפּ געצויגן ווערטער פון זיין רבי׳ן.

אוודאי! אוודאי! — האָט רב קוק געענטפערט — ווער ס׳איז זוכה הערט און דערהערט...

רבי יוסף חיים, וועלכער האָט אויך דורך זיין פענצטער דערהערט און דערזען דעם „חורבן" וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זיך איינגעקורטשעט אין אַ ווינקל מיט גרויס האַרץ ווייטאָג, ער האָט זיך פאַרשטאָפּט די אויערן מיט אַ פינגער, און געוואַרט, אַז די זאַך זאָל פאַריבער.

שפּעטער האָט ער געפרעגט פון רבי ב"צ יאַדלער: — זיי זענען שוין אַוועק?

יאָ! — האָט רבי ב"צ געענטפערט.

רבי יוסף חיים איז אַריין צום רב קוק אין צימער אין די זאָקן, איינגעבויגן, מיט אַ צעבראָכן געמיט, און געזאָגט:

— יפו׳ער רב ס׳איז שוין שפּעט! תּיקון חצות!

מיר וועלן די נאַכט בישט זיין די ערשטע מיט אונזער „תּיקון חצות" אין זכרון יעקב — האָט רב קוק געזאָגט — איין תּיקון חצות האָבן מיר שוין זוכה געווען די נאַכט צו הערן.

תּיקון חצות אין זכרון יעקב? — האָט רב יוסף חיים געפרעגט מיט אַ שטאַרקער פאַרוואונדערונג.

יאָ תּיקון חצות אין זכרון יעקב! — האָט רב קוק געענטפערט דרייסט — פון טייערע אידישע קינדער „בנים־בונים" (בויערס) פון אונזער הייליג לאַנד.

רבי יוסף חיים מיט זיין פּקחות האָט שוין אַלעס פאַרשטאַנען.

אוי! — האָט ער געגעבן אַ קרעכץ, מיט אַ ציטער אין אַלע ביינער. און געגעבן אַ פאַרדריסליכן בייזן בליק אויפ׳ן רב קוק.

נו, און איר האָט אויך מיטגעהאַלטן מיט זיי? — האָט רב יוסף חיים געפרעגט מיט איראָניע און שפּאָט.

מיר זענען נישט געווען מיט זיי צוזאַמען, אָבער פון דערוויטנס האָבן מיר זיי נאָכגעפאָלגט — האָט רב קוק געזאָגט, און האָט אָנגעהויבן זיין ערקלע־רונג — דער ענין איז, אַז פאַר ביאת משיח האָט די שכ׳ הק׳ אַראָפּגענידערט אין די טיפענישן . . די אַרבעט, וואָס די דאָזיגע אידישע קינדער טוען צו עלית השכ׳ קאָן אַן אַנדערער נישט טאָן... אַז מ׳ווייסט נאָר מכוין צו זיין די ריכטיגע כוונות, קאָן מען דאָס מעלה זיין גאָר הויך . . .

ער האָט נאָך געוואָלט ווייטער זאָגן, אָבער רבי יוסף חיים האָט אים נישט געוואָלט לאָזן פאַרזעצן זיינע רייד.

נו, גענוג ! גענוג ! יפו׳ער רב ס׳איז שוין שפּעט, מ׳דאַרף אָפּריכטן חצות — האָט רב יוסף חיים איבערגעריסן זיינע רייד — און ער האָט זיך שוין אַראָפּ־געזעצט אויף דער ערד און אָנגעהויבן צו קלאָגן שטאַרק אויף צער השכינה, כביכול. און אויף דעם גרויסן חורבן פון די קדושה, אַז אַ רב בישראל קען האָבן אַזאַ פאַרדרייטן דעת אַריינצוטייטשן אין דער ערגסטער טומאה פון כפירה און מינות רח״ל, אַז ס׳איז גאָר אַן עלי׳ און אַ געהויבנקייט פאַר די ש . . . (רח״ל מהאי דעתא).



דער צווייטער עפּיזאָד איז פאָרגעקומען אין דער קאָלאָניע „יבנאל״, וועל־בער האָט דעמאָסקירט דעם „אהבת ישראל״ פון רב קוק.

ווייל דאָס איז באַוואוסט, אַז ביי די אַלע פאַלשע אהבת ישראל׳ניקעס, איז זייער אהבת ישראל נאָר מיט צוויי תנאים. איינס, זיי טוען דאָס נישט פּראַקטיצירן נאָר צו כופרים אפיקורסים, אָדער קלים וריקים. צו אמת׳ע ער־ליכע פרומע אידן, ווער שמועסט צו אַזעלכע, וואָס פאָלגן נישט נאָך זייער שיטה, צו זיי דערגרייכט נישט זייער אהבת ישראל.

דער צווייטער תנאי, זיין אהבת ישראל איז נאָר ווילאַנג ס׳רירט נישט אָן זיין כבוד און פּרעסטיזש. טאָמער טשעפּעט מען זיין כבוד, איז אויס אהבת ישראל.

דער צווייטער תנאי איז אַרויסגעקומען קלאָר ביי דעם פאָלגענדעם עפּיזאָד.

דאָרט אין דעם דאָרף „יבנאל״ האָבן די רבנים פאַרבריינגט אַ שבת. זיי האָבן שבת געדרש׳נט און געזאָגט „דברי התעוררות״.

נאָך שבת איז זיך צונויפגעקומען נאָכאַמאָל דער גאַנצער ישוב, צו הערן די רבנים. דער רב קוק האָט געדרש׳נט צום ערשטן וועגן „תרומות און מעשרות״.

איינער פון די דאָרפסלייט איז אַרויסגעשפּרונגען אין מיטן דער דרשה מיט בזיונות׳דיגע רייד אַ קעגן רב קוק:

— איר קומט אַהער רעדן אַזעלכע באַרישקייטן, איר וועט דאָ נישט אויפ־טאָן קיין שום נייע זאַך, דאָ קען מען זיך נישט פירן לויט דער תורה ! איר ווייסט דען וואָס טוט זיך דאָ, שוין דאָס צווייטע יאָר, וואָס די היישעריקן האָבן

באַפאַלן אונזערע פעלדער און פרעסן אַלעס אויף, דאָס קענט איר נישט פועל׳ן אין הימל, אַז די מכה פון היישעריקן זאָל זיך אָפּטאָן, איר קומט נאָר אַהער רעדן וועגן דער תורה און וועגן מעשר׳ן...

רב קוק האָט געוואָלט זאָגן ווייטער, אָבער דער מענטש האָט נישט אָפּ־געלאָזט, ער האָט אים נישט געלאָזט צום וואָרט קומען.

מיר ווילן נישט הערן אייערע רייד, איר זאָלט מיר אַנטשולדיקן, איר רעדט ווי אַ נאַר, מעשר׳ן... מעשר׳ן... קודם זאָלט איר זען ס׳זאָל זיין וואָס צו מעשר׳ן. אוודאי אייך איז גרינג צו רעדן, מ׳באַצאָלט אייך פאַר דעם. איר זיצט זיך אויף אַ גוט געהאַלט אינדערהיים, און טוט גאָרנישט עפּעס אַנ־דערש ווי רעדן און רעדן, העלפן אונז קענט איר מיט גאָרנישט, טאָ פאָרט אייך צוריק אַהיים געזונטערהייט, און קומט נישט צו אונז מיט אייער תורה, און מיט בייזע זאַכן.

דער רב קוק איז געוואָרן אין כעס, ער האָט זיך שטאַרק אויפגערעגט און האָט געשאָלטן דעם מענטש מיט טויטע קללות.

איר זענט אַ גראָבער פויער! איר פאַרדינט נישט בעסערס, איר וועט האָבן אַ מיאוס׳ן סוף! איר וועט נישט דערלעבן צו זען די פירות פון אייער פעלד... א. א. וו.

דער מענטש איז בלאַס געוואָרן פאַר אויפרעגונג, און באַלד רויט גע־וואָרן ווי אַ בוריק, מ׳האָט דערקענט, אַז ער וויל צושפּרינגען צום רב קוק, כאַטש אַרויסרייסן אים די באָרד. ווען נישט וואָס רבי יוסף חיים זאָנענפעלד איז אַריין אינדערמיט.

יפו׳ער רב, שעלטן?! — האָט רבי יוסף חיים געזאָגט פאַרוואונדערט.

ס׳קומט אים נישט בעסערס — האָט רב קוק געזאָגט אויפגערעגט.

אָבער נישט שעלטן! יפו׳ער רב — האָט רבי יוסף חיים געזאָגט — איך האָב נאָך אין מיין לעבן נישט געשאָלטן אַ איד, אַפילו דעם ערגסטן. אויב ס׳איז דאָ אַזעלכער וועמען מ׳דאַרף שעלטן, האָב איך אין זין יוצא צו זיין מיט דער ברכה אין שמונה עשרה — „ולמלשינים אל תהי תקוה...״

ס׳איז מיר אויף אייך אַ וואונדער יפו׳ער רב — האָט אים רבי יוסף חיים ווייטער געזאָגט — יענע פאַרדאַרבענע חלוצים און חלוצ׳קעס אין זכרון יעקב, האָט איר געזאָגט, אַז זיי רעכטן אָפּ חצות מיט זייער זינגען אפיקור־סישע לידער, און זענען מעלה די שכ׳. און דער דאָזיגער איד, ווייל ער איז אַ פאַרגרעבטער און האָט אייך באַליידיגט, דאַרפט איר אים שוין שעלטן? וואו איז אייער גרויסער אהבת ישראל?!

אפשר איז דער איד שטאַרק אַ דערביטערטער? דעריבער רעדט ער צו־זאַמען, וואָס ס׳קומט אים אַריין אין מויל. מען קען נישט וויסן וואָס פאַראַ דוחק ער ליידט אין שטוב, אפשר איז ער טאַקע שטאַרק געטראָפן געוואָרן, און ער האָט נישט צו געבן אַ שטיקל ברויט פאַר זיינע קינדערלעך?

איר וועט נאָך זען יפו׳ער רב — האָט רבי יוסף חיים אויסגעפירט —

אַז דער איד וועט נאָך תשובה טאָן, און ער וועט אַליין בעטן מ׳זאָל מעשר׳ן זיינע פירות און זיין תבואה.

די אסיפה האָט שוין גישט געהאַט קיין טעם פאַרצוזעצן. ס׳איז שוין געווען אַ צערודערטער מצב. דער עולם איז זיך צעגאַנגען אַהיים.

שפּעטער האָט רבי יוסף חיים געמאַכט אַ באַזוך ביי דעם איד אין שטוב, אין באַגלייטונג פון רבי בן ציון יאדלער. דער איד האָט נישט געוואוסט וואָס ער זאָל טאָן פאַר איבערראַשונג. רבי יוסף חיים האָט זיך פאַרשלאָסן מיט דעם איד אין אַ באַזונדער צימער אויף אַ שעה צייט, קיינער האָט נישט געהערט, וואָס זיי רעדן.

נאָר רבי בן ציון יאדלער זאָגט עדות, אין זיין אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ער האָט אַליין געשריבן (ספר „בטוב ירושלים״), ער ברענגט דאָרט די מעשה שטאַרק בקיצור, און פירט אויס אַזוי:

— די רייד פון הגאון רבי יוסף חיים זענען מקוים געוואָרן אין גאַנצן. ווען איך פלעג צו קומען אין דעם דאָרף, איז — אַ חוץ, וואָס דער איד האָט געלאָזט מעשר׳ן זיינע פירות און פראָדוקטן — האָט ער מיר געהאָלפן ביי אַנ־דערע, און איז מיר געשטאַנען ביי מיין זייט צו העלפן מיר אין אַלע ענינים״.



דער רב קוק, וועלכער איז געווען יפו׳ער רב, איז נאָענט צום אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה אַרויסגעפאָרן אין דער שווייץ, צו קורירן זיך וועגן עפּעס אַ מיחוש. און דאָרט האָט אים באַגעגנט די מלחמה, ער האָט שוין נישט געקענט צוריקפאָרן קיין ארץ ישראל. איז ער באין ברירה געבליבן איבער דער גאַנצער מלחמה אין חוץ לארץ.

נאָענט צום סוף פון דער מלחמה איז ער אַריבער קיין לאָנדאָן. דאָרט האָט ער זיך באַגעגנט מיט׳ן פּראָפעסאָר ווייצמאַן, און נחום סאָקאָלאָוו, די צוויי הויפּט זיילן פונ׳ם הערצל־ציוניזם, און באַוואוסטע אויסגעשפּראָכענע אַטעאיסטן (כופרים) רח״ל. דער רב קוק האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט׳ן גאַנצן כח צו העלפן פאַר ווייצמאַן׳ען אַרויסצוברענגען, ביים סוף פון דער מלחמה, די „באַלפור־דעקלאַראַציע״ (הצהרת בלפור).

ווייצמאַן אַליין האָט עדות געזאָגט, אַז רב קוק׳ס מיטהילף צו דער זאַך איז געווען פון אַ אומגעהויערער וויכטיגקייט. אַזוי ווי דאָס ענגלישע פאָלק איז אַ „בייבל״ פאָלק, האָט אים זייער אימפּאָנירט צו ערשיינען אויף זיינע אוידיענצן און זיינע באַגעגענישן מיט די הויכע מיניסטאָרן און לאָרדן, באַגלייט פון אַ רב מיט אַ גרויסן ספּאָדיק, און אַ פּאַטריאַרכאַלישע צורה. ביי אַ סאַך פאַלן האָט ווייצמאַן זיך באַנוצט מיט רב קוק׳ס עצות, וויאַזוי און אויף וואָס פאַראַ באַזיס ער זאָל שטעלן זיינע פאָדערונגען וועגן ארץ ישראל, אין ענגלישן פאַרלאַמענט.

ווייצמאַן און סאָקאָלאָוו האָבן געאַרבעט אויפצושטעלן אַ אידישן רעגי־מענט (לגיון עברי) אין חוץ לארץ, וועלכער זאָל זיך אָנשליסן צום ענגלישן מי־

ליטער צו העלפן איינבנעמען און ערֲאָבערן ארץ ישראל פון די טערקן. דאָס איז געווען מיט אַ כונה „נושא חן" צו זיין ביי דער ענגלישער רעגירונג, און צו קענען קומען שפעטער מיט די פאָדערונגען איבער ארץ ישראל מיט מער האַפט און אָנשפאַר.

ווען דער אידישער לעגיאָן האָט — פאַר׳ן אָפּפאָרן אין מיטל־מזרח — סטאַציאָנירט אין „פּלימוט" — אַ מיליטערישע באַזע נעבן לאָנדאָן — איז ווייצמאַן געקומען צום רב קוק און איינגעלאַדנט אים ער זאָל קומען מאַכן אַ אינספּעקציע איבער׳ן אידישן לעגיאָן. און אין איינוועגס מחזק זיין זיי מיט וואַרימע רייד, צום אַרויספאָרן אין פראָנט אַריין. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דער רב קוק האָט די איינלאַדונג אָנגענומען.

דער רב קוק מיט ווייצמאַן׳ען זענען אָנגעקומען צום אידישן לעגיאָן — וועלכע זענען געשטאַנען אין זייערע מונדירן, אויסגעשטעלט אין אַ מיליטעריש־שער אָרדענונג — באַגלייט פון הויכע מיליטער לייט. און אויך דער ענגלישער קאָלאָניאַל מיניסטער. זיי האָבן אין איינעם מיט׳ן רב קוק פאַרביי געשפּאַנט איבער די באַטאַליאָנען.

ביים סוף האָט זיך דער רב קוק אָוועקגעשטעלט אַקעגנאיבער דעם לע־גיאָן, און האָט געהאַלטן אַ קורצע וואַרימע ציוניסטישע רעדע צו די זעלנער:

— „געדענקט טייערע ברידער, אַז נאָך אַ לאַנגן גלות פון קרוב צו צוויי טויזנט יאָר, האָט אויף אייך די „השגחה עליונה" אַרויפגעלייגט די אויפגאַבע צו מאַרשירן אין דער שפּיץ פון דער באַפרייאונגס קאַמאַנדאַ, און צו באַפרייען ענד־ליך אונזער הייליג לאַנד פון אַ פרעמדן יאָך. די ענגלישע רעגירונג, וועלכע פאַרטרעט אַ בייבל פאָלק, וועט זיכער רעספּעקטירן אונזערע נאַציאָנאַלע רעכטן אין אונזער אַלטן הייליגן לאַנד, דאָס לאַנד פון אונזערע אבות, און העלפן צוריק אויפשטעלן דאָרט אונזער נאַציאָנאַלע היים. זאָל דער באַשעפער פון דער וועלט זיין מיט אייך, צו היטן אייך אין דעם מסירת נפש׳דיגן וועג אין וועלכן איר דאַרפט גיין. און איך בין זיכער אַזוי ווי איר זענט דאָך „שליחי מצוה" — שליחים פונ׳ם פאָלק ישראל, וועט איר באַגליקן, און ס׳וועט אייך נישט פאַסירן קיין שום שלעכטס."

צום סוף האָט דער רב קוק אויפגעהויבן ביידע הענט, צעשפּרייט אין דער הויך, אַזוי ווי ביים דוכנ׳ען, און געזאָגט הויך מיט אַ פּאַטוס „ברכת כהנים" יברכך ה׳ וישמרך וכו׳ דריי מאָל, ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ טעיאַטראַלער אַקט.

ווייצמאַן האָט אויפ׳ן פאַרלאַנג פון די ענגלישע פריצים ערקלערט זיי, אַז אַזוי ווי דער חשוב׳ער רב איז אַ כהן, און מסביר געווען, וואָס דאָס מיינט, האָט ער געבענטשט דעם לעגיאָן מיט דער זעלבער ספּעציעלער ברכה, וואָס די כהנים פלעגן בענטשן דאָס פאָלק, אין בית המקדש.

ס׳איז כדאי דאָ צו באַמערקן, אַז פון דעם דאָזיגן אידישן לעגיאָן איז נישט איבערגעבליבן קיין צען פּראָצענט, כמעט אַלע זענען געפאַלן אין דער מלחמה.

עס וועט כדאי זיין דאָ איבערצוגעבן אַן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, צו זען וויאַזוי רבי יוסף חיים זאָנענפעלד זצ״ל — דער פאַקטישער מנהיג פונ׳ם דעמאלס׳דיגן יהדות החרדית אין ירושלים — האָט געהאַנדלט אין אַזאַ אויבנדערמאָנטער אַנגעלעגנהייט.

ווען די ענגלענדער האָבן שוין געהאַט איינגענומען ירושלים, און דער „גליל״ איז נאָך געווען אין די הענט פונ׳ם טערקישן מיליטער, ס׳איז נאָך דאַרט אָנגעגאַנגען אַ שווערע מלחמה גאַנץ אַ היבשע צייט. האָט ווייצמאַן געוואָלט, אַז אויך אין ירושלים זאָל אויפגעשטעלט ווערן אַ אידישער לעגיאָן, וועלכער זאָל העלפן דעם ענגלישן מיליטער איינצונעמען דעם גליל, און אויך העלפן זיי אין דער מלחמה אין די אַרומיגע לענדער אינ׳ם מיטל־מזרח.

היכע רעגירונגס־לייט אין לאָנדאָן האָבן זיך געלאָזט הערן — אינקאָגניטאָ — אַז די רעגירונג וואָלט געקוקט מיט אַ גוט אויג און סימפּאַטיע, אויף אַזאַ אידישן לעגיאָן אין ארץ ישראל. אָבער זיי האָבן באַמערקט דורכאויס, אַז דאָס טאָר נישט אַרויסקומען אין דער עפנטלעכקייט, אַז ס׳איז געווען עפּעס אַ ווענדונג אָדער דערמוטיגונג פון דער רעגירונג אין דער אַנגעלעגענהייט. ווארים די ענגלישע רעגירונג האָט זיך געהאַט אירע פּאָליטישע אויסרעכענונגען — סיי וועגן די שכנים אין ארץ ישראל און אין די אַרומיגע לענדער, סיי איבער אינטערנאַציאָנאַלע אַנגעלעגנהייטן — אַז זי זאָל נישט האָבן קיין האַנט אינ׳ם אויפשטעלן אַ אידישן לעגיאָן, פון די קאָלאָניאַלע איינוואוינער. ס׳דאַרף הייסן, אַז דאָס איז געשאַפן געוואָרן אויסשליסליך אויף דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער אַגענטור.

ווייצמאַן האָט דעמאלס נישט געקענט פאַרלאָזן לאָנדאָן, צוליב וויכטיגע ציוניסטישע טעטיגקייטן. איז געבליבן, אַז דער באַראָן ראָטשילד (דער זון פונ׳ם „נדיב הידוע״) — וועלכער האָט געהאַט דעם קאָלאָנעל־ראַנג אין דעם ענגלישן מיליטער, און איז געווען שטאַרק חשוב ביי דער רעגירונג, מיט אַ גרויסן איינפלוס. און איז אויך געווען אַ פּרעזידיום־מיטגליד פונ׳ם ציוניסטישן פאַראיין אין ענגלאַנד — אַז ער זאָל פאָרן קיין ירושלים — באַפולמעכטיקט פון דער אַל־וועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע — דורכצופירן די מיסיע אויפצושטעלן אַ אידישע בריגאַדע.

באַראָן ראָטשילד קומענדיג קיין ירושלים, האָט ער זיך אַרומגענומען מיט אַ גאַנצן שטאַב מיטהעלפערס, וועלכע האָבן אים געהאָלפן צו פאַררופן אסיפות און האַלטן וואַרימע רעדעס לטובת דעם „גדוד העברי״ — וויאַזוי מ׳האָט דאָס גערופן אין ירושלים. זיי האָבן ערקלערט פאַר׳ן עולם, אַז דאָס וועט ברענגען אַ גאַנצע ישועה פאַר׳ן פאָלק ישראל. און אַז די ענגלישע רעגירונג קוקט מיט אַ גוט אויג אויף דעם גאַנצן פּראָיעקט, און טוט אים שטיצן אין געהיים.

ראָטשילד האָט אויך צוגעזאָגט אַ גוט געהאַלט פאַר די מאָביליזירטע, איבערהויפּט פאַר די פאַרהייראַטע, זייערע פאַמיליעס וועלן ווערן אויפגעהאַלטן בכבוד.

דער יוגנט איז געוואָרן באַצויבערט פון דער גאַנצער זאַך, און די התלהבות צו פאַרשרייבן זיך אינ׳ם „גדוד״ איז געווען גרויס. אויך אַ טייל רבנים זענען מיטגעשלעפט געוואָרן מיט׳ן שטראָם, און ביי די אסיפות האָבן זיי גערעדט לטובת דעם „גדוד״.

אַ טייל מענטשן פון די פאַרשריבענע האָבן געזאָגט, אַז זיי טוען דאָס צוליב שרעק פון דער רעגירונג, וועלכע האָט אַ שטאַרקן אינטערעס אינ׳ם גרינדונג פונ׳ם „גדוד העברי״, און זי האָט גענויע אינפאָרמאַציעס פון אַלע פעולות אין דער אַנגעלעגנהייט.

ס׳איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די התלהבות האָט אָנגעכאַפּט אויך די „בני ישיבה״ קרייזן, און חרד׳ישע מענטשן. און אַפילו די, וועלכע האָבן נישט געהאַלטן דערפון, האָבן אָבער מורא געהאַט צו נעמען אַ קעגנשטעלונג און אָפּרעדן מענטשן, ווייל די אַגיטאַטאָרן האָבן אָנגעוואָרפן אַ פחד, אַז מ׳טשעפּעט זיך מיט דער רעגירונג.

רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, איז פון דער ערשטער רגע געווען אין האַרצן קעגן דער גאַנצער זאַך, ער האָט געהאַלטן, אַז ס׳איז „מעשה בעל דבר״. אָבער **ער האָט געשוויגן, טראַכטנדיג, אַז די „התלהבות״ איז נאָר אין אָנהייב, ס׳וועט** זיך באַלד איינשטילן פון זיך אַליין, און ס׳וועט קיין ממשות׳דיגע זאַך נישט אַרויסקומען דערפון.

ווי ער האָט אָבער געזען, אַז ס׳גייט אין די „גדולות״, ישיבה־לייט און איידילע מענטשן ווערן אַריינגעכאַפּט, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער טאָר נישט ווייטער שווייגן! דער „בעל דבר״ האָט אויסגעשפּרייט זיין נעץ פאַר די ירושלים׳דיגע אידן זיי אַריינצוכאַפּן, און ס׳קען אַרויסקומען דערפון אַ גרויס אומגליק ח״ו פאַר׳ן גאַנצן ישוב. (ווי דער אמת איז געווען, אַז פון די אַלע, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם „גדוד העברי״, איז זייער אַ קליינער פּראָצענט צוריקגעקומען גאַנץ מיט׳ן גוף, און נאָך ווייניגער גאַנץ מיט די נשמה. ווארים דאָס ביסל וואָס איז יאָ צוריקגעקומען לעבעדיג, זענען זיי אַלע געווען פאַרקריפּלט אין אידישקייט, אויסגעטאָן פון תורה און פון אמונה, רח״ל).

האָט זיך רבי יוסף חיים אַרויסגעשטעלט, קעגן פאַרשרייבן זיך אינ׳ם „גדוד העברי״, מיט אַ אַקטיוון ווידערשטאַנד. ווי זיין שטייגער אַלעמאָל, אַז ווען ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מ׳דאַרף עפּעס טאָן פאַר׳ן אויבערשטנס וועגן, האָט ער נישט געקוקט אויף די גרעסטע „סכנות״, וואָס לויערן אויף אים איבער דער זאַך. ער האָט זיך דאָסמאָל אויך נישט באַגנוגנט מיט דעם, וואָס ער האָט אָפּגערעדט די, וועלכע האָבן זיך געווענדעט צו אים מיט אַ שאלה און עצה — וואָס דאָס אַליין איז שוין געווען פאַרבונדן מיט אַ סכנה — נאָר ער איז אַליין אַרומגעגאַנגען אין די ישיבות און בתי מדרשים, און אויפגעקלערט דעם עולם די גרויסע סכנה און „מעשה בעל דבר״, וואָס ס׳שטעקט אין דער גאַנצער זאַך. ס׳פאַרשטייט זיך, אַז רבי יוסף חיים זאָנענפעלד׳ס רייד האָבן געהאַט אַ גרויסע ווירקונג.

די זאַך איז אָנגעקומען צו דער רעגירונג. אָבער — ווי געזאָגט — די רעגירונג האָט נישט געוואָלט טאָן קיין זאַך, וואָס ס׳זאָל עפנטליך ארויסווייזן, אַז זי איז דערפאַר פאַר׳ן אויפשטעלן דעם „גדוד העברי״. דער באַראָן ראָטשילד האָט געלאָזט רופן צו זיך רבי יוסף חיים זאָנענפעלד׳ן.

מענטשן, גוטע פריינט פון רבי יוסף חיים האָבן זיך געשראָקן פאַר דער באַגעגעניש, ס׳זאָל נישט אַרויסקומען עפּעס שלעכטס פאַר רבי יוסף חיים׳ען. איבערהויפּט, אַז ס׳איז נאָך דעמאלס געווען אַ מיליטערישע רעגירונג מיט אַ אויסנאַם־צושטאַנד געזעץ, און פאַר דעם מינדעסטן פאַרדאַכט האָט מען אַרויסגעגעבן שווערע אורטיילן. אָבער רבי יוסף חיים האָט זיך נישט געשראָקן גאָרנישט, ער איז געגאַנגען רואיג, מיט פעסטקייט און זיכערקייט אין זיין שטעלונג.

ווען רבי יוסף חיים איז דאָרט אַריינגעקומען האָט ער דאָרט געטראָפן זיצן — אַ חוץ דעם באַראָן ראָטשילד, וועלכער איז געווען אָנגעטאָן אין זיינע קאַלאָנעל־מונדירן, צו מאַכן אַ גרעסערן איינדרוק — אויך עטליכע הויכע רעגירונגס־אָנגעשטעלטע. ס׳האָט געהייסן, אַז זיי זענען נאָר צופעליג דאָרט אַלס קאָמפּאַניע פאַר׳ן באַראָן.

רבי זאָנענפעלד! — האָט באַראָן ראָטשילד זיך געווענדעט צו אים — איך האָב געהערט אויף אייך זאָגן, אַז איר רעדט אָפּ מענטשן פון צו פאַרשרייבן זיך אינ׳ם „גדוד העברי״! איז דאָס ריכטיג?

יאָ, ס׳איז ריכטיג! — האָט רבי יוסף חיים געענטפערט דרייסט.

דענקט איר נישט, אַז איר גייט מיט דעם אַקעגן, די אינטערעסן פון דער רעגירונג?! — האָט באַראָן ראָטשילד געשטעלט די פראַגע מיט אַ הארבן טאָן.

ניין! דורכאויס נישט! — האָט רבי יוסף חיים געענטפערט, און האָט פאַרגעזעצט זיין ערקלערונג מיט גרויס חכמה — אונז פרומע אידן זענען געבאָטן צו היטן די באַפעלן און געזעצן פונ׳ם מלך און פון זיין הויכגעשעצטע רעגירונג. און ווען די רעגירונג זאָל דאָס פון אונז פאַרלאַנגען, וואָלטן מיר אַלע געגאַנגען יונג און אַלט, און איך וואָלט אויך אַגיטירט ביי אַנדערע אויפצודערפילן אונזער פליכט צו די רעגירונג. אָבער ווילאַנג די רעגירונג פאַרלאַנגט דאָס נישט פון אונז — זיכער האָט זי זיך אויף דעם אירע אויסגעהאַלטענע מאָטיוון, אַז ס׳איז אַזוי בעסער פאַר אירע אינטערעסן — זע איך נישט קיין אורזאַך פאַרוואָס צו האַנדלען אַנדערש!

רבי יוסף חיים׳ס קלוגער ענטפער האָט איבערראַשט אַלע אַנוועזנדע, און זיי האָבן נישט געפונען קיין אויסרייד צו זאָגן דערקעגן דאָס מינדעסטע.

רבי יוסף חיים האָט פאַרגעזעצט זיין התנגדות צום פאַרשרייבן זיך אינ׳ם „גדוד העברי״, און ער האָט מיט דעם אַסאַך אידן אָפּגעראַטעוועט „בגוף ובנפש״.

דאָס איז געווען „רבי יוסף חיים זאָנענפעלד״ דער אמת׳דיגער תורה׳דיגער אויסגעהאַלטענער מנהיג.

# ג.

# דער אָנפאַנג פונ׳ם הייליגן קאַמף...

די מלחמה האָט זיך איינגעשטילט. ארץ ישראל איז שוין געווען ביי די ענגלענדער. „דער באַלפור־דעקלאַראַציע״ (הצהרת בלפור) איז אַרויסגעקומען. וויצמאַן איז געוואָרן אנערקענט פון די פרייע וועלט אויטאָמאַטיש אַלס „נשיא״ פונ׳ם פאָלק ישראל.

ווייצמאַן האָט זיך תיכף געגרייט צו פאָרן אויף ירושלים, מיט גרויסע פינאַנציעלע מיטלען אין דער האַנט, כדי איינצונעמען באַצייטנס, אונטער דעם ציוניסטישן הערשאַפט, דעם אידישן ישוב, און באַצווינגען און באַהערשן די רבנים און ישיבות און מוסדות.

בעפאָר ער איז אָפּגעפאָרן איז ער געקומען — צוזאַמען מיט סאָקאָלאָוו׳ן — צום רב קוק, צו געזעגענען זיך מיט אים. ווייצמאַן האָט אים שטאַרק געדאַנקט פאַר די אַלע זאַכן וואָס ער איז אים געשטאַנען ביי דער האַנט. איבער־הויפּט האָט ער אים געגעבן זיין אנערקענונג פאַר׳ן צוהעלפן אים אַרויסברענגען דעם „באַלפור דעקלאַראַציע״.

ווייצמאַן — דער באַוואוסטער „שונא רבנים״ — האָט געזאָגט צו רב קוק:

ס׳איז גוט וואָס דאָס פאָלק ישראל פאַרמאָגט נאָך אַזעלכע רבנים ווי איר „רב קוק״, וועלכער איז גרייט אויך אויפצוטאָן פאַר׳ן פאָלק, נישט ווי די אַנדערע וועלכע ווילן נאָר קאַליע מאַכן. איך וואָלט אייך זייער געוואָלט זען אַלס „רב הראשי״ (אָבערראַבינער) אין ירושלים, ס׳איז זיכער נישטאָ קיין מער פאַסיגער מענטש פון אייך.

רב קוק, איר זענט דאָך אַ כהן — האָט סאָקאָלאָוו, דער אפיקורס־ישער שנה ופירש׳ניק, צוגעגעבן זיינע פאַלשע חניפה רייד — אייער פלאַץ איז צו טאָן די „עבודה״ אין ירושלים.

ס׳וואָלט מיר אוודאי געווען אַ גרויסער כבוד און זכי׳ אַזאַ פּאָזיציאָן — האָט רב קוק געענטפערט — אָבער איך זע נישט אַז די זאַך זאָל זיין דורכפירבאַר.

איך וועל זיין אין ירושלים וועל איך טאָן אין דעם — האָט ווייצמאַן פאַרשפּראָכן, און ער האָט זיך וואַרעם געזעגנט מיט׳ן רב קוק.



נישט דאָ איז דאָס פּלאַץ אַרויסצוברענגען, מיט אַלע איינצלהייטן, די גרויסע אַנטווישונגען און נידערלאַגעס וואָס ווייצמאַן האָט געליטן אין ירושלים. ביים וועלן איינצונעמען און אונטערטעניג מאַכן דעם חרד׳ישן ישוב מיט אירע מוסדות.

דאָס איז אַ לאַנגע פּרשה פון קאַמף און מסירת נפש, וועלכעס וועט נאָך ווערן אפשר באַשריבן פון אונז מיט מער אריכות, ביי געלעגנהייטן אין די קומענ־דיקע ליכט שטראַלן בעזה״י.

אָבער — פּטור בלא כלום אי אפשר — אין גאַנצן מיט גאַרנישט וועלן מיר אייך דאָ אויך נישט אַרויסלאָזן. מיר וועלן אַראָפּשרייבן עטליכע חשוב׳ע עפּיזאָדן פון ווייצמאַנ׳ס ערשטע ערשייבונג אין ירושלים, וועלכעס איז געווען ענטשיידענד אין דעם העראָאישן קאַמף וואָס די ירושלים׳דיגע אידן האָבן דעמאָלס געפירט פאַר׳ן חינוך וועגן זייערע קינדער, קעגן ד״ר ווייצמאַן׳ען.

ווייצמאַן איז אָנגעקומען אין ירושלים אין אַ צייט, ווען דער ישוב אין ירושלים איז — נאָך די פיר־פינף מלחמה יאָרן — געווען פיזיש טאָטאַל צע־בראָכן. כמעט די גאַנצע צייט פון די מלחמה, האָט געבושעוועט אַ שרעקליכער הונ־גער און אַ עפּידעמיע רח״ל אין ירושלים, מענטשן זענען געפאַלן טאָג טעגליך, אָדער פון קרענק אָדער געשוואָלן געוואָרן פון הונגער און אַזוי אויסגעגאַנגען רח״ל. אַזוי אַז דער ישוב אין ירושלים איז פאַרקלענערט געוואָרן איבער די מלחמה יאָרן אויף די העלפט. באַזונדערס האָט עס געטראָפן די פרומערע קלאַס אידן און בני ישיבות וועלכע האָבן זיך געמאַטערט איבער די הייליגע תורה אין הונגער און נויט. די מלמדים האָבן פאַרגעזעצט זייער לערנען מיט די קינ־דער מיט מסירת נפש, ווען זיי מיט די קינדער צוזאַמען הונגערן אויף אַ שטיקל ברויט. קיין ווייץ־מעל איז שוין לאַנג נישט געווען צו זען פאַר די אויגן, מ׳האָט געמאַכט ברויט פון אַ מין דערזאַץ וועלכעס האָט זיך גערופן „דורא״ דאָס איז געווייבלעך אַ שפייז פאַר עופות, אָבער דאָס איז אויך געווען אַ זעל־טענע זאַך צו קריגן. פון צו קויפן עפּעס אַ אָנגעטועכץ פאַר זיך אָדער פאַר די קינדער, האָט מען אַוודאי נישט געקענט אפילו חלום׳ען, מ׳איז געגאַנגען איינ־געהילט אין שמאַטעס, פון וועלכן ס׳איז געפאַלן שטיקער. אין אַזאַ מצב האָט ווייצמאַן געטראָפן דעם חרד׳ישן ישוב אין ירושלים.

ווייצמאַן איז אָנגעקומען אין ירושלים, נישט נאָר אַלס נשיא פונ׳ם פאָלק ישראל — מיט וואָס די אידישע און נישט אידישע וועלט האָט אים געקרוינט — נאָר אויך אַלס העלפער און אויפריכטער פונ׳ם אידישן ישוב אין ארץ ישראל, מיט פאַנטאַסטישע פינאַנציעלע מיטלען אין דער האַנט.

תיכף נאָכ׳ן אַרויסקומען די „באַלפור דעקלאַראַציע״ וועלכעס די אי־דישע וועלט האָט אויפגענומען שטאַרק ענטוזיאַסטיש, ווי אַ גרויסער זיג — מכלומרשט — פאַר׳ן כלל ישראל, האָט ווייצמאַן אַרויסגעלאָזט אַן אַלאַרם־רוף איבער דער וועלט, אַז ער פאָרט אויף ירושלים אויפריכטן דאָרט די אידן פון זייער נויט, סטאַביליזירן דעם מצב, און אָרגאַניזירן דעם ישוב, און מ׳זאָל אים קומען צוהילף.

אַלע גרויסע פילאַנטראָפּן פון דער וועלט האָבן אים אַריינגעשיקט, פאַנ־טאַסטישע סומעס, אויך גאַנצע שיפן מיט פאַרשידענע לעבנסמיטלען און אָנגע־טועכץ זענען אָפּגעשווימען צו ארץ ישראל. אויך פון אַמעריקא איז אָנגעקומען

אַ גרויסער שיף מיט ווייץ־מעל און אַנדערע פּראָדוקטן מיט פאַרשידענע סחר־רות צוצוטיילן פאַר אָרימעלייט אין ירושלים. איבער דעם אַלעם איז געוואָרן דער אַבסאָלוטער בעל הבית ד״ר ווייצמאַן מיט זיינע פאַר מענטשן מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומגענומען. יעדער האָט עס פאַרשטאַנען פאַר נאַטירליך אַז ס׳דאַרף אַזוי זיין.

אין ירושלים איז שוין געווען באַריכטעט אין פאָראויס זיין אָנקומען, און מ׳האָט געוואַרט אויף אים ווי אויף אַ „מלאך מושיע״.



ווען ווייצמאַן איז אָנגעקומען, האָט ער זיך נישט צוגעאיילט מיט׳ן טיילן ברויט פאַר די הונגעריגע. די ערשטע זאָרג זיינע איז געווען צו טאַפּן דעם „דופק״ ביים חרד׳ישן אידנטום, די רבנים, ראשי ישיבות, מלמדים, וועלכעס איז געווען דער רוב רובו פונ׳ם ישוב אין ירושלים, אויף וויפיל זיי זענען גרייט צו קאָאָפּערירן מיט אים אויף דורכצופירן דעם ציוניסטישן פּראָגראַם און אונ־טערוואַרפן זיך אונטער אַ ציוניסטישע אויבערהערשאַפט. און זעלבסטפאַרשטענד־ליך — לויט דעם וועט מען טיילן די פאַרציעס.

ווייצמאַן האָט געלאָזט רופן צו זיך — איינציגווייז — אַלע פירערס פון די מוסדות און ישיבות און תלמוד תורות, ער האָט זיי פאָרגעשלאָגן אַ פעטן בודזשעט מיט אַ קאָמפּלעטע אויפריכטונג, אַ פאַרזיכערטעס רואיג זאָרג־לאָזן לעבן פאַר די דירעקטאָרן (מנהלים) פונ׳ם אנשטאַלט, און אויך פאַר אַלע אָנגעשטעלטע אינ׳ם מוסד אַדער ישיבה, תלמוד תורה. און פאַרשפּראָכן אַז אַלע „לימודים״ וועלן קענען פאָרגעזעצט ווערן ווי געוויינליך.

נאָר מיט איין באַדינג, זיי זאָלן מסכים זיין זיך אונטערוואָרפן אונטער אַ ציוניסטישע אויבערהערשאַפט, וועלכעס האָט זיך דעמאָלט גערופן „וועד הצירים״ און שפּעטער אַביסל איז עס איבערגעביטן געוואָרן אינ׳ם „וועד הלאומי״.

ווייצמאַן האָט געבעטן אַ שנעלן ענטפער ביז אַ פּאָר טאָג, און ביז דעמאָלס טיילט מען נישט אַ גראָשן, זיי דאַרפן באַשליסן הונגעריגערהייט.

דער נסיון פונ׳ם יהדות החרדית איז געווען אַ גרויסער און אַ ביטערער. די מנהלים פון די מוסדות האָבן געזען פאַר זיך צוויי וועגן. איינס: אַ זאָרג־לאָזער זיסער באַקוועמער לעבן, פון וועלכן זיי האָבן קיינמאָל אפילו נישט גע־חלומ׳ט. פאַר אַ פּרייז פון אַ קליינע ציוניסטישע השפעה. דאָס צווייטע: צו לעבן ווייטער אַ אָרימען פיינליכן לעבן אין שרעקליכע נויט און פּלאָג. אָבער היטן ווייטער אויפ׳ן הונדערט פּראָצענטיגן זעלבסטשטענדיגקייט פונ׳ם תורה־מוסד, וועלכעס איז די נשמה פונ׳ם יהדות החרדית.

ס׳איז געווען עטליכע שוואַכליגגען, פירערס פון אַנשטאַלטן, וועלכע האָבן זיך באַלד איבערגעגעבן, און די זענען טאַקע פאַרלוירן געגאַנגען פאַר׳ן יהדות החרדית אויף אייביג. ווי צום ביישפּיל, דער „בית חינוך עוורים״ (בלינדן אנ־שטאַלט) וועלכעס איז ביז דעמאָלס געווען אין גאַנצן אין חרד׳ישע הענט. און

איצט איז שוין פיל צענדליגער יאָרן אַז ס'איז אין פרייע הענט.

אָבער די איבערוויגענדע מערהייט פון די מוסדות, ווי שווער ס'איז זיי אָנגעקומען דער נסיון, האָבן זיך נישט געאיילט אונטערצוגעבן. זיי האָבן זיך געווענדעט איינהייטליך צו רבי יוסף חיים זאָנענפעלד — וועלכער איז געווען דער פאַקטישער מנהיג פונ'ם יהדות החרדית — נאָך אַ תשובה.

רבי יוסף חיים האָט צונויפגערופן אַלע מנהלים און ראשי ישיבות. ער האָט זיי ערקלערט אַז ס'איז נישט דאָ קיינע צוויי וועגן, ס'איז נאָר דאָ איין וועג.

נישט אונטערוואַרפן זיך אונטער אפיקורסים!

נישט פאַרראַטן זיך אַליין, און דעם הייליגן פאָזיציאָן וואָס מ'פאַרנעמט אַלס „שומר" פון די תורה און פון טייערע אידישע קינדערלעך!

נישט אויסליפערן די נשמה פונ'ם יהדות החרדית צום שונא פון כביכול, און פון זיין תורה! אַלעס האָט געפאָלגט.

ווייצמאַן האָט געהאַט זיין ערשטע נידערלאַגע.



ווייצמאַן האָט נישט אָפּגעלאָזט. ער איז געוואָרן ווייכער פון איין זייט, און שטרענגער פון דער צווייטער זייט.

פון איין זייט האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיינע פאָדערונגען ביז צו אַ מי־נימום. מ'וויל נישט זאָגן קיין שום דעה איבער'ן פירונג פונ'ם מוסד אָדער ישיבה, תלמוד תורה, און דאָך איז ער בערייט צו דעקן דעם גרויסן צוגעזאָגטן בודזשעט, און איבערגעבן דאָס אין די האַנט פון די מנהלים. נאָר איין קליין פאָדערונג האָט ער, אַז פאַר די אָפּיציעלע אונטעררעכטונגס שפּראַך אין די תלמוד תורות זאָל אָנגענומען ווערן די העברעאישע שפּראַכע.

נאָך אַ קלייניגקייט פאַרלאַנגט ער, אַז אין די איינשטעלונג פון די לערנ־שטונדן זאָל זיין אַ אָרדענונג, דער מלמד זאָל נישט פאַרמאַטערן די קינדער אַ גאַנצן טאָג און אַפילו א חלק פון די נאַכט אויב ער וויל, ס'זאָל זיין באַשטימטע לערנשטונדן פאַרמיטאָג און נאָכמיטאָג, אַזוי ווי ס'פירט זיך אין אַלע שולעס פון די גאַנצע וועלט. דאָס איז דאָך זיכער גאָרנישט, נישט מער ווי אַ בוצליכע איינפירונג לטובת די שוואַכע אויסגעמאַטערטע קינדערלעך. און אייגענטליך, אויך לטובת די מלמדים.

און אויך אַז די דערוואַקסענע, דאָס מיינט: אין די ישיבות, זאָל דער לערן־פּראָגראַם אַ ביסל אויסגעברייטערט ווערן...

אַ באַגרעניצטע אסיפה פון רבנים און ראשי ומנהלי ישיבות איז פאַר־רופן געוואָרן אין הויז פון הגאון רבי יצחק ירוחם דיסקין, צו וועלכן רבי יוסף חיים זאָנענפעלד איז אויך געלאַדנט געוואָרן, און ד"ר ווייצמאַן איז אַהין געקו־מען — מיט עטליכע באַגלייטערס — איבערצוגעבן זיין לעצטן פאָרשלאָג.

דאָרט האָט ער זיין פאָדערונג נאָך מער מיניזירט: ער וויל נאָר אַז

די מנהלים זאָלן צושטימען „אין פּרינציפּ" צו די „העברעאישע שפּראַך", אַלס אונטערריכטונגס שפּראַך, מ׳וועט נישט נאָך קאָנטראָלירן אויף וויפיל שעות אין טאָג דאָס ווערט אויסגעפירט. פאַר די דאָזיגע „קליינע" פאָדערונג איז ער אויך שוין בערייט צו העלפן די ישיבות און תלמוד תורות, מיט זייערע מנהלים און מלמדים, מיט אַ קאָמפּלעטע אויפריכטונג.

וויצמאַן האָט אָבער אויך געוואוסט צו זאָגן זייבע שטרענגע רייד פון דער צווייטער זייט.

אויב מ׳וועט נישט האָבן פאַרשטענדעניש צו אים מיט די קליינע מינימאַלישע פאָדערונג זיינע, קען מען נישט דערוואַרטן פון אים קיין הילף. ער וועט אויך ערקלערן פאַר די גאַנצע אידישע וועלט, אַז די ישיבות און תלמוד תורות אין ירושלים האָבן נישט קיין עקזיסטענץ בארעכטיגונג ... ער פּריוואַט וועט שטיצן די אָרימע און נויטבאַדערפטיגע אין די אנשטאַלטן — האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט, איבערטראַכטנדיג אַז מ׳קען אים נאָך נעמען פאַראַנטוואָרטליך פאַר די אַלע געלטער וואָס ער האָט צוזאַמען געזשויבט אין די וועלט אויף צוצרטיילן פאַר אָרימע לייט אין ירושלים, און נישט אויף צופירן דערמיט פּאָליטיק — אָבער דאָס וועט ער טאָן נאָר אַלס „נדבה" און „צדקה" פאַר אינדיווידועלע אָרימעלייט, אָבער נישט אַלס שטיצע פאַר תורה־אנשטאַלטן.

וויצמאַן׳ס רייד האָבן געמאַכט אַ איינדרוק אויף די פאַרזאַמלטע. מ׳האָט דערקענט אויף די פּנים׳ער פון אַ באַדייטענדן צאָל מנהלים און ראשי ישיבות, אַז זיי זענען אין אַ שטאַרקן פאַרלעגנהייט. זיי וואָלטן שוין זייער געוואָלט געניסן פון דעם פעטן בודזשעט וואָס וויצמאַן זאָגט צו, נאָך אַזויפיל יאָרן צרות און ליידן. און דערוויל כאַטש איין רעכטע סעודה, פון פליייש און ווייך־ברויט, אָפּעסן צוזאַמען, צו דערקוויקן אַביסל די אויסגעהונגערטע גלידער זייערע. און צו פאַרבייטן די שמאַטעס וועלכע הענגען אויף זיי, מיט עפּעס אַן אַנשטענדיגע אָנגעטועכץ. און וואָס פאַרלאַנגט „ער" דען — האָבן זיי זיך געטראַכט — ער פאַרלאַנגט דאָך שוין כמעט גאָרנישט ...

אָבער זיי האָבן אַלע געשוויגן מיט אַ פּייבליכן שווייגעניש. קיין איינער פון די וואַקלדיגע האָבן נישט געהאַט קיין העזה אַרויסצוברענגען זייערע געדאַנקען.

וויצמאַן האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער. רבי יוסף חיים זאָנענפעלד האָט פאַרשטאַנען דעם מצב. ער האָט געוואוסט — מיט זיין גרויסע חכמה און פאַרשטאַנד — אַז דער עקזיסטענץ פון אַ זעלבסשטענדיגן יהדות החרדית שטייט איצט — מעגליך אויף דורות לאַנג — אויף׳ן וואָגשאָל. ער האָט מורא געהאַט אַז דאָס שווייגן קען שוין אויך אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ צושטימונג.

ער האָט זיך ספּאָנטאַן אַ שטעלאויף געטאָן, און אויסגעגליכן זיך הויך מייעסטעטישן געשטאַלט, פון וועלכן ס׳האָט תמיד געשטראַלט קדושה און געהויבנקייט.

ד״ר וויצמאַן! ניין! און ניין! און ניין! — האָט ער געזאָגט דריימאָל

אַנטשלאָסן, פֿירנדיק די פֿינגער אַהער און אַהין — די ישיבות און תלמוד תורות זענען אונזערע, מיר וועלן זיי פֿירן ווייטער ווי מיר פֿאַרשטייען פֿאַר גוט. מיר וועלן ביי קיין פֿאַל נישט דערלויבן, אַז איינער וועלכער איז נישט קיין אונזעריגער, נישט אין טאַט נישט אין געדאַנק, זאָל אונז אַריינזאָגן דאָס מינדעסטע דיעה, סיי אינ׳ם אינערליכן פּראָגראַם, סיי אין אויסערליכן אויסזען.

ווייצמאַן איז ווייס געוואָרן פֿאַר אויפֿרעגונג. אָבער אויך עטליכע רבנים און מנהלים — וואַקלדיגע — זענען ווייס געוואָרן פֿאַר שרעק.

ווייצמאַן האָט זיך אָנגעשטרענגט צו קאָנטראָלירן זיך. ער האָט געזאָגט מיט אַ געמאַכטן רואיגן טאָן:

— רב זאָנענפעלד! איר האָט אפשר נישט דערהערט ריכטיג מיינע רייד?! מיר ווילן „פּאַקטיש" גאָר קיין דיעה נישט זאָגן פֿאַר אייך, טאַקע ממש גאָרנישט... דאָס גאַנצע וואָס מיר האָבן פֿאַרלאַנגט איז, אַז די מנהלים זאָלן דעקלאַרירן אַז אין „פּרינציפּ" נעמען זיי אָן די העברעאישע שפּראַכע... דאָס מיינט נישט מער ווי „למראית עין", אָבער „למעשה" וועט איר ווייטער פֿירן אייערע לערן־פּראָגראַמען, מיט די גאַנצע איינשטעלונג אינ׳ם אַנשטאַלט ווי איר ווילט.

ד״ר ווייצמאַן — האָט רבי יוסף חיים געזאָגט — מיינט נישט אַז מיר זענען אַזוי נאַאיוו, אַז מיר פֿאַרשטייען נישט וואָס מיר הערן, און מיר ווייסן נישט וואָס מיינט „אין פּרינציפּ". דער „אין פּרינציפּ" איז אַמאָל חשוב׳ער פֿונ׳ם „פּאַקט". אַ באַווייז האָט איר דאָך פֿון אייך אַליין, ד״ר ווייצמאַן. וואָרים איר ווילט דאָך זיכער אונטערברענגען דעם תורה־חינוך, אין האַרצן האָט איר פֿאַר דעם גאָר קיין אינטערעס. און אַז איר באַנוגנט זיך „דערווייל" מיט׳ן דעקלאַרירן „אין פּרינציפּ"... דאָס אַליין איז אַ באַווייז ווי חשוב דער „אין פּרינציפּ" איז.

ניין! ד״ר ווייצמאַן! — האָט רבי יוסף חיים ווידערהאָלט — מיר וועלן נישט נאָכלאָזן פֿון אונזער חינוך אַ האָר נישט! וואָרים אונזער „פּרינציפּ" איז נאָר איין זאַך „צו טאָן דעם רצון השם", און דאָס וואָס איר ווילט איז זיכער דאָס פֿאַרקערטע.

ווייצמאַן האָט נאָך נישט געוואָלט אַראָפּשלינגען דעם ביטערן פֿיל שאַ־שטיל, און אַוועקגיין „בבושת פנים", ער האָט זיך נאָך פּרובירט, און געזאָגט:

רבותי! איך שטעל מיר פֿאָר אַז דער רב זאָנענפעלד רעדט אין נאָמען פֿון די רבנים. איך וואָלט נאָך גערן געהערט די שטים פֿון די מנהלים און די־רעקטאָרן, וועלכע טראָגן דעם עיקר לאַסט אויף זייערע אויסגעמאַטערטע פּליי־צעס. וואָס איז זייער שיטה אין דעם אנגעלעגנהייט? — מיט דעם האָט דער „רעפּענירטער פֿוקס" ד״ר ווייצמאַן, געוואָלט אַריינברענגען אַ שפּאַלטונג אין די רייען פֿונ׳ם יהדות החרדית.

אַ קליינע ווילע האָט געהערשט אַ פּיינליכע שטילקייט, וועלכעס וואָלט

זיך געקענט ענדיגן מיט אַ שטאַרקן דורכפאַל און „חילול השם" ח"ו, און דאָס האָט קיינער פון די אַנוועזנדע נישט געוואָלט. יעדער איינער האָט פאַרשטאַנען די פאַראַנטוואָרטליכקייט פון דער זאַך. איבערהויפּט האָט רבי יוסף חיים זאָנענפעלד מיט זיינע דרייסטע באַגייסטערטע רייד און מיט זיין גרויסע קדושה, אַריינגעבלאָזן אַ פריש חיות אין די פאַרזאַמלטע. זיי זענען נתעורר געוואָרן נישט אונטערצוגעבן זיך אפילו מיט מסירת נפש. זיי האָבן זיך אַלע געווענדעט מיט זייערע בליקן צום רב... אַ מנהל פון אייגעם פון די חשוב׳סטע מוסדות אין ירושלים, וועלכער פלעגט זיין אַלעמאָל ביי די אסיפות דער „ראש המדברים" אַז ער זאָל זאָגן דאָס וואָרט, אין נאָמען פון אַלע מנהלים. ס׳פאַרשטייט זיך, אַ פאָזיטיווע שטעלונג אין׳ם גייסט פון רבי יוסף חיים זאָנענפעלד׳ס רייד.

דער רב... האָט זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

ד"ר ווייצמאַן! דער רב זאָנענפעלד, וועלכער איז ביי אונז אַלע זייער חשוב און טייער, רעדט אין נאָמען פון אונז אַלע. מיר טוען זיך מיט אים פולקאָם אידענטיפיצירן. זיין שטעלונג איז אונזער אַלעמענס שטעלונג. מיר קענען נישט און ווילן נישט אָפּווייכן פון זיין שיטה ביי קיין פאַל נישט.

דער זעלביגער רב... — וועלכער איז לכאורה געווען פון די וואַקלדיגע, נישט נאָר איצט נאָר אויך פון פריער ביי ענליכע פאַלן, ער איז אפילו געווען באַוואוסט פאַר אַ „גדול בתורה", נאָר ער איז געווען אַ שוואַכער כאַראַקטער אין עומד זיין בנסיונות — איז תיכף נאָך זיין אָפּזאָגן זיינע אויבנדערמאָנטע רייד, צוגעגאַנגען צום צאַרנדיגן און ברויזנדיגן ד"ר ווייצמאַן, אָנגעכאַפּט אים ביי דער האַנט, געצויגן אים אַביסל אין זייט, און געזאָגט אים אין אויער אַריין די פאַלגענדע ווערטער:

ד"ר ווייצמאַן! איר דאַרפט נישט האָבן פאַראיבל אויפ׳ן רב זאָנענפעלד, ער איז אַ גרויסער מענטש, וועלכער האָט ביי אונז גרויסע פאַרדינסטן. אָבער איר דאַרפט אויך נישט אין גאַנצן רעכנען זיך מיט אים, וואָרים ער איז שטאַרק אַ עקסטרעמער! אמת אַז ס׳וועט אונז שווער אָנקומען אייננצוגעווינען די העברע׳אישע שפּראַכע פאַר אַ אָפּיציעלע שפּראַכע, אָבער צוביסלעך מיטדערצייט ווען מיר צוגרייטן דעם באָדן צו דעם. און סוף סוף וועט איר ערגייכן אייער פאַרלאַנג צופרידנשטעלנדיג. אויף דעם צוזאָג מייגעם קענט איר שוין אָנגיין מיט אייער הילפס-פּראָגראַם. זאָגנדיג די רייד האָט ער געגלעט ד"ר ווייצמאַן׳ען, אים איבערצובעטן.

ד"ר ווייצמאַן, אַנשטאָט ער זאָל אים עפּעס ענטפערן, האָט ער — אָנכאַפּנדיג אים ביים אָרעם — צוריקגעפירט צום פּובליקום, און געזאָגט הויך:

— חשוב׳ער רב... זאָגט אָפּ און הויך אייער שטעלונג און מיינונג. דאָ רעדט זיך דאָך וועגן זייער אַ ערנסטע זאַך, וועלכעס קען פאַרזיכערן דעם צוקונפט פון אייערע מוסדות, אָדער פאַרקערט... אַ מענטש דאַרף נישט באַהאַלטן זיין שיטה און אַנשויאונג, איבערהויפּט אין אַזעלכע וויכטיגע פראַ־

בלעמען. ליבער רב... זאָגט קלאָר אייער שיטה אין דער זאַך — האָט אים ווייצ־מאַן דערמוטיגט.

דער רב... האָט געליטן אַ גרויסע בושה איבער ווייצמאַן׳ס רייד, און געקומען אין אַ שטאַרקן פאַרלעגנהייט. ער האָט קוים אַרויסגעשטאַמלט פאַרשעמטערהייט:

איך האָב נישט וואָס צוצוגעבן צו מיינע פריערדיגע רייד...

ד״ר ווייצמאַן איז געוואָרן אויפגערעגט, און געזאָגט:

אַנטשולדיגט מיר חשוב׳ער רב... איך פאַרשטיי אייך נישט! מיך פאַר־שטיי איך, און דעם רב זאָנענפעלד פאַרשטיי איך אויך. מיך פאַרשטיי איך: איך האָב אַ שיטה, וועלכעס איך האַלט פאַר אַ גערעכטע, און איך קעמף פאַר דעם. דעם רב זאָנענפעלד פאַרשטיי איך אויך: ער האָט זיך זיין שיטה, וועל־כעס ער האַלט פאַר אַ גערעכטע, און ער קעמפט פאַר דעם. אָבער אייך חשוב׳ער רב, פאַרשטיי איך אין גאַנצן נישט. ווי ס׳זעט אויס האָט איר אין גאַנצן נישט קיין שיטה!

דער עולם האָט געלאַכט מיט אַ ביטער געלעכטער אויף ווייצמאַן׳ס רייד. מ׳האָט שוין יעדער פאַרשטאַנען וואָס דאָ איז פאַרגעקומען. און מ׳האָט געוואָרפן פאַרוואורפנדע בייזע בליקן צום רב... וועלכער איז גרייט — מיט זיין שוואַכן כאַראַקטער — זיך אַליין צו פאַרראַטן.

זעלבסטפאַרשטענדליך אַז דער רב... האָט געהאַט אַ גרויסן דורכפאַל מיט זיין צווייזייטיגקייט און מיט זיין ביליגע חניפה און אונטערטעניגקייט. דער גאַנצער עולם איז געבליבן פעסט ביי רבי יוסף חיים זאָנענפעלד׳ס שטעלונג, נישט אונטערצוגעבן זיך.

*

ד״ר ווייצמאַן וועלכער האָט שוין געליטן די צווייטע נידערלאַגע, האָט נאָך גאָרנישט אין זינען געהאַט אָפצולאָזן, ער האָט זיך נאָך גאָרנישט מייאש געווען.

און דערווייל האָבן די פרומע אידן און די בני ישיבות מיט די מלמ־דים געהונגערט. ווייצמאַן האָט געוואָרעמט ביי זיך די גרויסע סומעס געל־טער, און די לעבנסמיטל פון די שיפן, וועלכע זענען געווען באַשטימט אויף צוצוטיילן זענען דערווייל געווען גוט פאַרפאַקט אין מאַגאַזינען.

ס׳פאַרשטייט זיך אַז זיינע מענטשן מיט וועלכע ער האָט זיך אַרומ־גענומען, און אויך אַלע געטרייע ציוניסטן, וויפיל ס׳האָבן זיך געפונען דע־מאָלס אין ירושלים, די האָבן שוין געלעבט אַ גוטן טאָג, די האָט ווייצמאַן אָב־געשטאָפּט מיט אַלעם גוטן. באַר די פאַרפלאָגטע אויסגעהונגערטע ערליכע פרומע אידן האָט ווייצמאַן פאַראורטיילט אויף ווייטערדיגע הונגער און נויט — אַזוי האָט אים דיקטירט זיין ציוניסטישער־פראָפעסאָרישער האַרץ — ביז ער וועט נישט ברעכן זייער ווידערשטאַנד, און זיי וועלן זיך אויסלערנען צו גיין אין שפאַן. וועלכעס ער האָט ב״ה נישט דערלעבט צו זען.

ווייצמאַן האָט זיך דערטראַכט צו אַ פּלאַן. ס׳איז געווען די צייט נאָך די צווייטע וועלט מלחמה, ווען דער קאָמוניזם און סאָציאַליזם איז געוואָרן אַ מאָדע אין דער וועלט. רוסלאַנד האָט אַרויסגעלאָזט דעם רוף „פּראָלעטאַרן (אַר־בייטער) פאַראייניגט זיך״ וועלכעס איז געוואָרן פּאָפּולער אומעטום. די אַר־בייטער האָבן אויפגעהויבן אַ קאָפּ און רעוואָלטירט קעגן זייערע בעלי בתים. מ׳האָט געמוזט נאָכקומען אַלע זייערע וואונטשן און לויך־העכערונגען, ווען נישט האָבן זיי געסטרייקט און געמאַכט סאַבאָטאַזש, ביז דער בעל הבית איז צוגרונד געגאַנגען.

ווייצמאַן האָט באַשלאָסן צו פּרובירן גיין אין דעם גאַנג. ער האָט פאַר־רופן אַן אסיפה דער עיקר פון די מלמדים און מחנכים פון אַלע תלמוד תורות, און „מגידי שיעור״ פון די ישיבות קטנות. דאָס וועט נעמען דעם כאַראַקטער אַז ער רעדט צו די אַרבייטער קלאַס, אויף וועלכע ס׳ליגט די פיזישע אַרבעט פון די תלמוד תורות און ישיבות. ער וועט שוין וויסן וואָס צו רעדן צו זיי, אַז ער זאָל געוואונען זייער צוטרוי.

און כדי זיי זאָלן וועלן קומען צו די אסיפה, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ער רופט זיי ווייל ער וויל פון זייער רייע באַשטימען אַ הילף־פאַרטיילונגס קאָרפּוס, כדי צו זיין זיכער אַז אַלעס קומט צו זיי אַן אין האַנט אַריין. אויך וויל ער פאַרצייכנען יעדע פאַמיליע אינדיווידועל וואָסערע געברוי־כער ער איז. ס׳פאַרשטייט זיך אַז דער קלאַנג האָט שטאַרק משפיע געווען צווישן די אויסגעהונגערטע געפּלאָגטע מלמדים, וועלכע האָבן אויסגעקוקט אויף אַ שטיקל הילף און פאַרגרינגערונג מיט פאַרשמאַכטע אויגן.

ווייצמאַן האָט זיך אויך באַזאָרגט מיט עטליכע אונטערגעקויפטע אַגי־טאַטאָרן, וועלכע האָבן זיך אויסגעמישט צווישן עולם, און צוגעפּלייסט די מלמ־דים צו ערשיינען צו די אסיפה אין דער צייט.

ליידער האָט איינער פון די שענסטע מוסדות אין ירושלים געשטעלט פאַר ווייצמאַן׳ען צופאַרפיגן זייערס אַ גרויסן זאַל אָפּצוהאַלטן דאָרט די אסיפה. אפשר האָבן זיי אויך נישט געוואוסט גענוי פון וואָס ס׳האַנדלט זיך. אָבער יעדנפאַלס דאָס האָט נאָך גרעסער געמאַכט דאָס פאַרפירעניש און פאַרבלעדעניש צווישן די מלמדים, אַז זיי זאָלן אַלע דערשיינען צו די אסיפה.

צו דער באַשטימטער צייט האָבן אַלע מלמדים און מחנכים פון אַלע תלמוד תורות אין דער שטאָט, און מגידי שיעור פון די ישיבות קטנות ער־שיינט. ס׳זענען אויך געקומען צוויי רבנים — פּערזענליכקייטן — וועלכע ווייצ־מאַן האָט אויסנאַמסווייז איינגעלאַדנט. די צוויי רבנים זענען שוין געווען פאַרקויפטע צו ווייצמאַן׳ען. זיי האָבן זיך פון דער ערשטער מינוט פאַר אים אי־בערגעגעבן. מיט די האָט ווייצמאַן פאַראַדירט ביי זייבע ערשיינונגען.

ווייצמאַן האָט פאַר די פאַרזאַמלטע געהאַלטן אַ לאַנגן רעפעראַט, און ערקלערט אַז ער האָט זיי גערופן איבער זייער טובה וועגן, ער וויל זיי העלפן פון זייער נויט. ער איז אינפאָרמירט גענוי וואָס ס׳איז איבער זיי דורכגע־

גאַנגען ביז אַהער איבער די גאַנצע מלחמה צייט, אַז זיי האָבן געליטן ממש הונגער אויף אַ שטיקל ברויט און אַ ביסל וואַרעם געקעכץ, און דאָס ליידן זיי נאָך היינט. ער ווייסט אַז אַ טייל פון זייערע קאָלעגן זענען געשטאָרבן פון הונגער, אויך אַסאַך פון זייערע אייגענע קליינע קינדערלעך זענען געשוואַלן געוואָרן פון הונגער און אויסגעגאַנגען. און טראָצדעם האָבן זיי אויסגעהאַלטן מיט מסירת נפש אויף זייער פּאָזיציאָן אין די תלמוד תורות און האָבן פאַרגעזעצט דאָס לערנען מיט די קינדערלעך, ווען נישט זיי וואָלט שוין קיין זכר נישט געווען פון די תלמוד תורה אָדער ישיבה. דאָס ווייזט אַז זיי זענען בראַווע פאַראַנטוואָרטליכע מענטשן.

איצט איז געקומען די צייט דאָס זיי זאָלן אויפגעריכטעט ווערן. ער — ווייצמאַן — איז גרייט צו פינאַנסירן די גאַנצע תלמוד תורה און ישיבה, מיט אַ ברייטע האַנט. ער וועט אַוועקשטעלן אַ שיין מאַנאַטליכן געהאַלט פאַר אַלע מלמדים און מגידי שיעור. אָנגעהויבן פון פופצן לירות אַ חודש פאַר די קלענערע מלמדים, און וועט אַרויפגיין ביז צוואַנציג לירות אַ חודש פאַר די גרעסערע מלמדים און מגידי שיעור (דאָס איז געווען אַ פאַנטאַסטישע סומע פאַר אַ געהאַלט. אַ פאַמיליע האָט אויסגעלעבט פון פיר ביז פינף לירות אַ חודש), זיי וועלן מער פון קיין דוחק נישט וויסן. אויך וועט ער זיי באַזאָרגן מיט שיינע באַקוועמע דירות.

דאָס גאַנצע וואָס איך פאַרלאַנג פון אייך — האָט ווייצמאַן פאַרגעזעצט — אַזוי ווי ס'איז אַרויסגעקומען די „הצהרת בלפור" אַז די ענגלישע רעגירונג טוט אנערקענען אונזער נאַציאָנאַלע אנגעהעריקייט צו ארץ ישראל. און איך ליכט דעם ווערט דער ענגלישער מאַנדאַט אַוועקגעשטעלט אין ארץ ישראל אַלס פאַרבערייטונג צו אַ אידישן נאַציאָנאַלן היים. מיט דעם פאַנגט זיך אָן אַ נייע תקופה (עפּאָכע) פאַר'ן פאָלק ישראל און ארץ ישראל, די תקופה פונ'ם פאַרבערייטונג צום פאַרווירקליכן דעם גרויסן דענקערס און פירערס — בנימין זאב הערצל'ס — פלאַן און שטרעבונג „אויפצושטעלן אַ זעלבסשטענדיגע אידישע מלוכה אין ארץ ישראל", גענוי ווי ער האָט דאָס באַשריבן אין זיין ספר „מדינת היהודים" (מיט דעם האָט זיך ווייצמאַן דאָ אַרויסגעכאַפּט דעם סוד אויף וואָסערע באַזיס זיינע פאַרלאַנגען זענען געבויעט). דאריבער ליגט אויף אונז אַלע צו טאָן עפּעס צוצוהעלפן צו אונזער נאַציאָנאַלע אויפלעבונג. איז, פון אייך פאַרלאַנגען מיר דאָס ווייניגסטע, כמעט ווי גאָרנישט. איר וועט קענען אָנגיין מיט אייער שטאַרק פרומען לעבנסגאַנג פונקט ווי ביז אַהער, און פאַרזעצן אייער תורה'דיגן חינוך מיט די קינדער אומגעשטערט. קיינע דאגות — פון וואו צו דעקן דעם בודזשעט — וועט איר מער נישט האָבן. דאָס וואָס מיר פאַרלאַנגען פון אייך איז מער אַ סימבאָלישער ווי אַ פאַקטישער, אַז איר זאָלט אנערקענען אונזער נאַציאָנאַלע שפּראַכע, דאָס מיינט די „העברע'אישע" פאַר'ן אונטערריכטונגס שפּראַך אין די תלמוד תורה. מ'וועט אפילו אייך נישט

נאָך קאָנטראָלירן אויף וויפיל איר טוט דאָס פּאַקטיש פּראַקטיזירן, דער עיקר אין „פּרינציפּ״ זאָל עס זיין אַזוי אָנגענומען.

אויך וועט איינגעשטעלט ווערן אַ „סדר״ אין די לערנשטונדן. איר וועט זיך נישט דאַרפן מאַטערן מיט די קינדער פערצן פופצן שעה אין אַ „מעת לעת״ און נאָכקומען אַלע קאַפּריזן פון אייערע בעלי בתים און דירעקטאָרס. איר זענט אויך מענטשן מיט אַנדערע גלייך, איר דאַרפט אויך נישט קראַנק ווערן און די לונגען אויסשפּייען (רח״ל) ביי אייער אַרבעט. ס׳וועט זיין אַ סיסטעם פון מאַקסימום פיר שעה פאַרמיטאָג און צוויי שעה נאָכמיטאָג. דאָס איז אויך גענוג און גענוג פאַר אייער שווערע אַרבעט וואָס ס׳ליגט אויף אייך. דאָס רעשט וועט איר פאַרברענגען מיט אייער פאַמיליע, אָדער שפּאַצירן אַביסל אין דרויסן, אביסל פרישע לופט שעפּן.

מיר ווילן אויך מאַכן אַ הונדערט פּראָצענטיגע רענאָווירונג אין די אַלטע חרוב׳דיגע געביידעס פון די תלמוד תורות, און אין די אַלע פאַרשימלטע חדרים — האָט וויצמאַן פאַרגעזעצט — דאָס אַליין ברענגט דאָך אַלערליי קרענק און עפּידעמיעס (רח״ל) אויף אייך און אויף די קינדערלעך. די אַלע אַלטע טישן און בענק ווילן ווערן אַרויסגעוואָרפן, ס׳וועט ווערן אַריינגעשטעלט שיינע נייע ספּעציעלע שול־בענק, מיט אַ קאַטעדרע פון אויבן פאַר׳ן לערער, אייער גאַנצער פּרעסטיזש און רעפּוטאַציע וועט ווערן דערהויבן, נישט ווי ביז אַהער אַז יע־דער בעל הבית׳ל זאָל זיך איזדעקעווען איבער אייך ווי זיין האַרץ גלוסט. מיר ווילן זאָרגן אַז מ׳זאָל האָבן רעספּעקט פאַר אייך. אויף אייער שווערע פיזישע אַרבעט שטייט דאָך די גאַנצע תלמוד תורה, נישט אויף די אַרבעט פון די דירעקטאָרן און די רבני׳שע פּירער׳ס.

איצט, איז וויצמאַן צוגעקומען צום עיקר פון זיין רעפעראַט, מיט זיינע בייזוויליגע כוונות, אויפצוהעצן די מלמדים זיי זאָלן רעוואָלטירן קעגן די רבנים און ממונים איבער זיי. און אַז מ׳דאַרף, אַ קעגן די גאַנצע לייטונג און דירעק־טאָריע פון די תלמוד תורה און ישיבה.

איר ווייסט דאָך אוודאי — האָט וויצמאַן פאַרגעזעצט — אַז ביי אַ אסיפה מיט די רבנים, ממונים, און מנהלים און ראשי ישיבות, האָבן זיי אַלע אָפּגעוואָרפן מיין פּלאַן, כאָטש איר הערט דאָך וואָס פאַראַ קלייניגקייט איך האָב פון זיי פאַרלאַנגט, כ׳האָב זיי פאַרזיכערט אַז — אַ חוץ די פּאָר קליי־ניגקייטן וועלכע כ׳האָב אויסגערעכנט, וועלכע זענען דער עיקר פאַר אייער טובה וועגן — וועט מען גאָר קיין דיעה נישט זאָגן איבער׳ם פירונג פון די תלמוד תורה און ישיבה, איר וועט קענען אָנגיין מיט אייער פּראָגראַם אין די „לימודים״ ווי ביז אַהער.

ביין! זיי ווילן גאָרנישט! זיי זענען נישט אינטערעסירט איבער׳ם גאַנצן הילף׳ס פּראָגראַם.

און צו וועמעס קאָפּ גייט דאָס אויס? נאָר צו אייערינן! איר האָט דער עיקר געליטן אין די מלחמה, און איר ליידט נאָך ווייטער.

זיי די רבנים און מנהלים, האָבן צענדליגע יאָרן געאַרבעט אויף פאַר־בינדונגען מיט די גבירים און פילאַנטראָפּן אין דער וועלט, ווי נישט איז זיי שוין זיכער געלונגען צוריק אָנצוקניפּן פאַרבינדונגען כאָטש מיט אַ טייל פון זיי, זיי דאַרפן שוין זיכער נישט ליידן קיין הונגער מיט זייערע פאַמיליעס. אָבער איר ווייסט דאָך אפילו נישט פון דעם אַלעמען, מ׳האָט אייך קיינמאָל נישט צוגעלאָזט צו די זאַכן, נאָר לערנען און לערנען מיט די קינדער און ערציען זיי טאָג איין, טאָג אויס, פּונקט ווי האַלצהעקערס, איז זיי גרינג צו זאָגן ניין! און צו זיין גרויסע העלדן, מכלומרשט. הרב זאָנענפעלד קען זיין אַ גרויסע העלד אויף אייער חשבון. זאָלט איר נאָר אָפּשטעלן אייער אַרבעט אויף אַ וואָך צוויי, וועט איר שוין זען ווי זייער העלדישקייט וועט אויסרינען, און צעגיין ווי אַ זייפנבלאָז. ווייל אָן אייך איז קיין תלמוד תורה נישטאָ, קיין ישיבה נישטאָ!

איר דאַרפט אַליין נעמען אין האַנט אַריין אייער שיקזאַל — האָט ווייצ־מאַן ווייטער געהעצט — היינט איז אַ צייט וואָס די אַרבייטער האָבן דאָס וואָרט! און איר זענט די אַרבייטערס פון די תלמות תורות און ישיבות. די גאַנצע וועלט וועט אייך געבן גערעכט. און איר זענט דאָס מחויב צו טאָן צוליב אייערע פאַמיליעס! צוליב אייער צוקונפט! און טאַקע צוליב׳ן צוקונפט פון די תלמוד תורות און ישיבות. שליסליך וועט איר זיי — די רבנים און מנהלים — טאָן די גרעסטע טובה.

וואָרים וויסן זאָלט איר, איך מוז אייך דאָס זאָגן, דאָס זעלבע וואָס איך האָב געזאָגט צו זיי. אז אויב מיין פּלאַן מיט מיין מינימום פאָדערונג וועט נישט ווערן אַקצעפּטירט, וועל איך צום באַדויערן נישט קענען העלפן אייך מיט גאָרנישט, און דער שולד וועט פאַלן אויף אייך. איך וועל אויך דעקלאַרירן פאַר די גאַנצע וועלט, אַז די תלמוד תורות און ישיבות אין ירושלים, האָבן נישט קיין עקזיסטענץ בארעכטיגונג, אין מיינע אויגן זענען זיי נישט מער ווי אַ נעסט פון צוריקגעבליבנקייט און פאַרדאַרבנקייט, מיט איינשטעלונגען פונ׳ם מיטל־אַלטער, און פון דאָרט ווערט צעשפּרייט קרענק און עפּידעמיע איבער די גאַנצע שטאָט (רח״ל).

דאַריבער בעט איך אייך מיינע טייערע אידן — האָט ווייצמאַן אויסגע־פירט — איר זאָלט נישט אַליין גרובן פאַר אייך דעם גרוב! איר זאָלט אָננעמען די האַנט וועלכע וויל אייך אַ קעגנקומען מיט הילף און אויפריכטונג. איר זאָלט נישט אויסלאָזן די גלענצענדע געלעגנהייט! אייער ווייב און קינדער וואַרטן אין שטוב אויף אַ וואַרעמע מאָלצייט מיט אַ ווייס שטיקל ברויט, נאָך אַזויפיל יאָרן הונגער און נויט. און אויף עפּעס אַ לייטישע אָנגעטועכץ פאַר אייערע טעכ־טער, אנשטאָט די פאַרוואורלאָזטע שמאַטעס אין וועלכן זיי גייען שוין יאָרן. זייט נישט קיין „אכזר״ איבער זיי! איבער די אומשולדיגע נפשות.

מ׳מוז זאָגן דעם אמת, אַז ווייצמאַן׳ס רייד האָבן געמאַכט אַ אומגע־הויערנעם איינדרוק און איינפלוס אויף די פאַרזאַמלטע אָרימע מלמדים און מגידי שיעור. אַסאַך פון זיי האָבן זיך צעווייגט פאַר הארץ־ווייטאָג און פאַר־צווייפלונג. זיי האָבן נישט געהאַט קיין כח צו עפנען אַ מויל. נישט „פאַר״ און נישט „קעגן״. ס׳האָט זיי עפּעס געדרוקט אויפ׳ן האַרצן אַ פילונג אַז מ׳טאָר נישט רעדן, מ׳קען עפּעס אַרויסרעדן וואָס מ׳זאָל נאָכהער דאַרויף חרטה האָבן. מ׳דאַרף ערשט האָבן אַ ישוב הדעת וואָס צו ענטפערן.

ווייצמאַן האָט מכבד געווען צו רעדן די צוויי קאַזינאָווער רבנים, מיט וועלכע ער האָט דאָרט פאַראַדירט ביי די אסיפה. זיי האָבן נאָך מיט זייערע רייד צוגעשמאָלצן, און גרעסער געמאַכט דעם צעמישונג. וואָרים די צוויי רבנים זענען לכאורה געווען אנערקענט פאַר „גדולים בתורה״, און געווען פונ׳ם אַלטן ישוב מיט ארץ ישראל׳דיגע אָנגעטועכץ, נאָר דער שטן האָט זיי איבערגע־וועלטיגט, גרעסער צו מאַכן דעם נסיון פאַר די אָרימע געפּלאָגטע מלמדים. זיי האָבן נישט געקאַרגט קיינע חניפה רייד צו ווייצמאַן׳ען, און אַז זיין פאַרלאַנג פון די תלמוד תורות קען מען נאָכקומען. איבערהויפּט אין אַזאַ „עת צרה״ וואָס מ׳קען ווייטער נישט אויסהאַלטן די נויט און הונגער. און אַז מ׳וועט מוזן די תלמוד תורות פאַרשליסן, וועט דען בעסער זיין ? ! א. א. וו. ווייצמאַן׳ס פּנים האָט אויפגעלויכטן פון די רייד.

ווייצמאַן האָט מיט זיינע כיטרע אויגן באַמערקט דעם צעמישונג און פאַרצווייפלונג צווישן עולם, אַז זיי זענען שטאַרק בעאיינדרוקט, נאָר זיי טרויען זיך נישט צו עפנען אַ מויל. האָט ער געזאָגט עפּעס אַ תירוץ, אַז ער מוז אויף אַ קורצע שעה פאַרלאָזן די אסיפה, דערוויל זאָלן זיי צווישן זיך פאַר־האַנדלען איבער דער זאַך, אַז ווען ער וועט צוריקקומען זאָל ער שוין קענען הערן דעם באשלוס. דענקענדיג, אַז זיי וועלן זיין צווישן זיך, וועלן זיי שוין עפנען אַ מויל.

די מלמדים זענען געזעסן מיט געמישטע געפילן, און געדריקטע גע־מיטער. אַ גרויסער חלק פון זיי האָבן געהאַלטן — און זיי האָבן עס טאַקע אַרויסגעבראַנגט אין ווערטער — אַז מ׳דאַרף זען אַ דורכצוקומען מיט ווייצ־מאַן׳ען. מ׳האָט פשוט שוין נישט קיין כח ווייטער אויסצוהאַלטן די הונגער און נויט. איבערהויפּט צוצוקוקן די גרויסע ליידן פונ׳ם ווייב און קינדער. און וועגן די העברע׳אישע שפּראַך וואָס ער פאַרלאַנגט, מ׳וועט זיך פון אים שפּעטער אויס־לאַכן. ער אַליין זאָגט דאָך, אַז מ׳וועט נישט נאָך קאָנטראָלירן אויף וויפיל מ׳האַלט דעם צוזאָג, וויפיל מ׳פּראַקטיזירט די העברע׳אישע שפּראַך מיט די קינ־דער, ס׳איז נאָר אַ „פּרינציפּ״ זאַך. און די אַנדערע זאַכן וואָס ער פאַרלאַנגט איז אַוודאי גאָרנישט. מיר וועלן לערנען מיט די קינדער פּונקט ווי ביז אַהער. און אַז ער וויל איבערבויען די בנינים פון די תלמוד תורה, וועם אַרט עס ? אדרבה . . .

אַנדערע פון די מער קנאות׳דיגע מלמדים האָבן צוריקגעענטפערט פאַר

די וואַקלדיגע, אַז מ׳טאָר נישט נאָכגעבן. אַנהייב פאַרלאַנגט ער אַביסל, שפּעטער וועט ער פאַרלאַנגען אַלץ מער און מער, ווען נישט וועט ער אָפּשטעלן דעם בודזשעט. מיר וועלן זיין אין זייבע הענט ווי געבונדענע שעפּסן. און אפילו נאָכצוגעבן נאָר אַביסל, וואָס ער פאַרלאַנגט איצט, הייסט אויך מכניע געווען זיך צו די „סטרא אחרא״ רח״ל. ווער קען מען אויף זיך נעמען אַזאַ אחריות ? ! ווער ווייס צו וואָס דאָס וועט צוברענגען ?

די וואַקלדיגע האָבן כמעט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. דאָס רוב פון זיי האָבן אויך פאַרשטאַנען אין האַרצן אַז ס׳איז אַ געפערליכער שפּיל, נאָר ס׳איז זיי שווער געווען בייצושטיין דעם נסיון, זיי האָבן זיך געוואָלט שוין אַ ביסל פאַרגרינגערן די צרות און ליידן. איבערהויפּט צוליב די רחמנות זייערע אויף די ווייב און קינדער. דאַריבער האָבן זיי עפּעס געמורמלט, נישט דערביי צו לאָזן פאַר די שאַרפע, וועלכע ווילן שוין איבערהאַקן דעם גאַנצן „משא ומתן״ מיט ווייצמאַן׳ען. אָבער צו אַ באַשלוס האָט מען נישט געקענט קומען.

אין מיטן איז ווייצמאַן צוריקגעקומען צו די אסיפה און געפרעגט :

— וואָס הערט זיך ?

דעמאלס האָט זיך אַ שטעלאויף געטאָן הרב אברהם אהרן פּראַג ז״ל וועלכער איז געווען דער „ראש המלמדים״ אין תלמוד תורה „כולל שומרי החומות״ (אונגאַרישע הייזער) און האָט אַ געשריי געטאָן אַז דער באַלקן האָט געציטערט :

— „אל תגעו במשיחי, אלו תינוקת של בית רבן !

(דער פּסוק זאָגט : „איר זאָלט נישט אָנרירן אין מיינע געזאַלבטע״. זאָגן אויף דעם די חז״ל : דאָס מיינט מען די קליינע קינדער אין די חדרים).

ד״ר ווייצמאַן ! טשעפּעט אייך אָפּ פון אונזערע קינדער !

אין הונגער וועלן מיר אויסגיין, צוזאַמען מיט אונזערע ווייב און קינדער ! — האָט ר׳ אברהם אהרן געשריגן — אָבער אונזערע תורה פעסטונגען וועלן מיר אייך נישט איבערגעבן ! מיר וועלן אייך נישט עפענען אַ עפענונג אפילו ווי אַ שפּיץ פון אַ נאָדל !

ערשטנס, זענען די קינדער איבערגעגעבן געוואָרן אין אונזערע הענט אַלס „פּקדון״ פון זייערע טאַטעס, און פון כביכול „דער טאַטע פון אַלע טאַטעס און קינדער״, איז, ווען אונזער מאַטעריעלישע ליידן וועלן מיר „מוּעל״ זיין (מיסברויכן די צוטרוי צו אונז) אין׳ם פּקדון וואָס מ׳האָט אונז אָנפאַרטרויט, און איינשטעלן די נפשות פון די קינדער ? ! ניין ! דאָס וועט נישט זיין ! שוין אַזויפיל יאָרן וואָס מיר זענען זיך מוסר נפש נישט צו פעלשן אונזער היי־ליגן פּאָזיציאָן איבער די דאָזיגע נפשות ישראל, וועלן מיר זיך ווייטער מוסר נפש זיין !

צווייטנס, האָבן מיר סיי ווי נישט קיין רעכט קיין זאַך צו באַשליסן, אָן אונזערע געטרייע מנהלים און רבנים, וועלכע גיבן זיך אָוועק זייער גאַנץ לעבן פאַר אידישע קינדערס וועגן שוין אַזויפיל יאָרן.

ד״ר וויצמאַן! איר וועט אונז נישט פאַרקויפן אייערע פסול׳ע קאָמו־ניסטישע־סאָציאַליסטישע אידייען! — האָט רבי אברהם אהרן געשריגן הויך — דאָס איז נאָר אַן אַרטיקל פאַר אייך און אייערס גלייכן, וועלכע האָבן אַוועקגעוואָרפן די תורה און די אמונה אין השי״ת רח״ל. מיר האָבן אַ הייליגע תורה! די תורה הייסט רעספּעקטירן די רבנים און פירערס, די בעלי בתים די ברויטגעבערס, וואָרים זיי זענען דאָך אויך תורה־טרייע אידן און זענען נישט נחשד צו פעלשן זייער פּאָזיציאָן. מיר קענען זיי. מיר האָבן צו זיי די פולע צוטרוי. זיי האָבן זיך געטיילט דעם ביסן פונ׳ם מויל מיט אונז. און אַז מיר האָבן געהונגערט, האָבן זיי אויך געהונגערט.

דער רב זאָנענפעלד — פון וועם איר רעדט מיט אַזאַ גרינגשעצונג — איז אַ הייליגער מאַן, צו זיין אמת׳דיגקייט, ערליכקייט און איבערגעגעבנקייט צו אידישע קינדער איז קיין גרענעץ נישטאָ. ער איז יעדע רגע בערייט אָפּפערן זיך פאַר אידנס וועגן. זיין וואָרט איז ביי אונז הייליג ווי אַ „בת קול״ פון הימל. מיר וועלן פון דעם ביי קיין פאַל נישט דאָס מינדעסטע אָפּקערן.

און דאָס וואָס איר האָט געזאָגט אין אָנהייב פון אייער פאָרטראָג, ד״ר וויצמאַן — האָט רבי אברהם אהרן פאָרגעזעצט — אַז יעדער מוז עפּעס טאָן צו אונזער נאַציאָנאַלע אויפלעבונג... זאָלט איר וויסן קלאָר, אַז אונזער „נאַ־ציאָנאַלע אויפלעבונג״ איז צו לערנען און האַלטן וואָס מער די הייליגע תורה. ווייל נאָר מיט די תורה זענען מיר אַ פאָלק, אַ נאַציאָן. אָן די תורה זענען מיר אבסעלוט קיין נאַציאָן נישט. די תורה האָט אונז ערהאַלטן אינ׳ם לאַנגן גלות ביז׳ן היינטיגן טאָג. ווען נישט די תורה וואָלט שוין דער פאָלק ישראל לאַנג אונטערגעגאַנגען ח״ו. פּונקט ווי אַלע אַנדערע אַסאַך פעלקער וועלכע האָבן עק־זיסטירט אין יענע צייטן, ווען מיר האָבן מקבל געווען די תורה אויפ׳ן באַרג סיני.

דעריבער אַז מיר לערנען די תורה, און מיר גיבן דאָס איבער פאַר אונזערע קינדער אויף ווייטער, טוען מיר מיט דעם אַסאַך צום עקזיסטענץ פונ׳ם פאָלק ישראל, און צו אונזער אמת׳ע נאַציאָנאַלע אויפלעבונג, וועלכעס מיר האָפן צו זען בקרוב — מיט׳ן אויבערשטנס הילף — דורך אונזער אויסלייזער דוד משיח צדקינו בב״א.

אָבער איר ד״ר וויצמאַן — האָט רבי אברהם אהרן פראג געוויזן אויף אים מיט די פינגער מיט באַשולדיגונג — איר וואָס טוט איגנאָרירן אונזער הייליגע תורה גענצליך, איר פירט זיך ווי אַ גוי פון אַלע גוים, און אייער „אמונה בהשם״ איז נאָך ווייניגער ווי אנשטענדיגע גוים. מיט וואָס טוט איר צוהעלפן צום עקזיסטענץ פונ׳ם פאָלק ישראל, און צו אונזער נאַציאָנאַלן אויפ־לעבונג ? ! ס׳איז זיכער אַז מיט אייער גוי׳אישן אויפפירונג גראָבט איר אונטער דעם עקזיסטענץ פונ׳ם פאָלק ישראל! ווען אַלע אידן פון פריער וואָלטן זיך ח״ו געפירט ווי איר, וואָלט שוין לאַנג קיין זכר נישט געווען פונ׳ם פאָלק ישראל.

און אפילו מיר זאָלן אָננעמען — האָט ר׳ אברהם אהרן פאָרגעזעצט — אַז ס׳וועט אייך געלונגען מיטדערצייט אויפצושטעלן דאָ איבן הייליגן לאַנד אַ זעלבסטשטענדיגע מלוכה, אין׳ם גייסט פונ׳ם כופר הערצל, אַזוי ווי איר אליין זאָגט — וואָרים ווער קען דען וויסן די וועגן פון השי״ת מיט וואָסערע נסיונות ער וועט נאָך מנסה זיין אידישע קינדער פאַר ביאת משיח צדקינו, כדי צו זען און צו לייטערן אַ יעדן איד ווי שטאַרק ער איז ביי די אמונה — אָבער ס׳איז זיכער אַז די מלוכה וואָס איר וועט אויפשטעלן וועט נישט זיין דער פאָרזעצונג פונ׳ם פאָלק ישראל, וועלכע האָבן מקבל געווען אַ תורה אויפ׳ן באַרג סיני. ס׳וועט נאָר זיין אַ פאָלק ווי אַלע פעלקער פון די גוים, ווי די כנעניים, חתיים, אמוריים א. א. וו. וועלכע האָבן געוואוינט אַמאָל אין ארץ ישראל. און מיר ווילן צו דעם גאָרנישט צוהעלפן, אפילו מיט׳ן קלענסטן קלייניגקייט! אַ נסיון וואָס דער אויבערשטער שיקט אויף איינעם, מוז מען עס „עומד״ זיין און בלייבן פעסט ביי השי״ת און ביי זיין הייליגע תורה. אָבער אַליין צו ברענגען אויף זיך אַ נסיון? ! אַ חוץ וואָס מ׳טאָר עס נישט טאָן, איז עס די גרעסטע נאַרישקייט צו טאָן.

רבותי! טייערע חברים! — האָט זיך רבי אברהם אהרן פראג געווענדעט צו זיינע קאָלעגן די מלמדים — ס׳איז זיכער און ס׳איז אפילו איבעריג צו זאָגן, אַז מיר וואָרפן אָפּ גענצליך ווייצמאַן׳ס פאָרשלאָג און אָנבאָט צו אונז, איך מיין אַז איר זענט אַלע איינפאַרשטאַנען צו מיינע רייד?

יאָ! יאָ! מיר זענען אַלע איינפאַרשטאַנען! — האָבן אַלע מלמדים און מגידי שיעור — וועלכע זענען סייווי געווען אויסערגעוויינליך באַגייסטערט און דורכגענומען פון רבי אברהם אהרן פראג׳ס רייד — געשריגן הויך. די וועלכע האָבן פריער — מחמת נסיון — געטראַכט אַביסל אַנדערש, האָבן זיך איצט גע־שעמט פאַר זייערע פריערדיגע געדאַנקען.

אָבער דאָך — האָט רבי אברהם אהרן געזאָגט — כדי אַרויסצוברענגען קלאָר אַז מיר זענען אַלע ביי איין מיינונג, און מיר זענען אַלע בערייט זיך מוסר נפש זיין נישט צו דערלאָזן דאָס מינדעסטע ענדערונג אין אונזער הייליגן חינוך סיסטעם, וועלכעס איז אונז איבערגעגעבן געוואָרן פון דור נאָך אַ דור. און אַז ד״ר ווייצמאַן זאָל זען קלאָר אַז ס׳איז נישטאָ צווישן אונז קיין מיי־נונגס־פאַרשידנהייטן אויף דעם געביט. וועלן מיר זאָגן אין איינעם דעם פסוק פון „קבלת עול מלכות שמים״.

„שמע ישראל ה׳ אלקינו, ה׳ אחד״.

און אַזוי ווי ס׳שטייט, אַז בשעת מ׳זאָגט דעם פסוק, דאַרף מען איב־זינען האָבן, אַז מ׳איז גרייט זיך צו לאָזן פאַרשטיינערן, פאַרברענען, הרג׳ענען, דערוואָרגן, בשעת אַ נסיון פאַר׳ן אויבערשטנס וועגן. און אַזוי ווי מיר שטייען אויך איצט ביי אַ ענליכן נסיון, מיר זענען אויסגעפּלאָגט און אויסגעהונגערט פון די מלחמה יאָרן, און ד״ר ווייצמאַן סטראַשעט אונז, אַז אויב מיר וואָרפן זיך נישט אַרונטער זיינע פאָדערונגען וועט ער אונז לאָזן ווייטער הונגערן, און

ער וועט אויך אָפּשטעלן די הילף וועלכעס קען קומען צו אונז פון דער דרוי־סנדיגער וועלט. וועלן מיר איצט אין זיבען האָבן — זאָגנדיג דעם פסוק פון „קבלת מסירת נפש" — אַז מיר זענען גרייט אפילו צו שטאַרבן אין הונגער צוזאַמען מיט אונזער פאַמיליע (ח"ו) איידער נאָכצוגעבן פאַר ד"ר ווייצמאַן'ען, און אָפּקערן אפילו אַ האָר פון אונזער הייליגן תורה'דיגן חינוך סיסטעם.

נו, לאָמיר אַלע שרייען אין איינעם, און מקבל זיין אויף אונז „עול מלכות שמים" מיט מסירת נפש — האָט רבי אברהם אהרן פראַג אויסגעפירט.

אַלע האָבן געשריגן מיט'ן גאַנצן כח:

שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד!

דער קידוש השם איז געווען גרויס.

ווייצמאַן — וועלכער איז געזעסן ביז אַהער ווי אויף הייסע קוילן, און אויסגעהערט די „מגילה" פון זיין מפלה — האָט זיך איצט ספּאָנטאַן אויפ־געריסן פון זיין אָרט און — צוזאַמען מיט זיינע באַגלייטערס — געגאַנגען אַרויס מיט שנעלע טריטן, ווי איינער וואָס מ'האָט אים אָפּגעגאָסן מיט אַ טאָפּ הייסע וואַסער.

הרב אברהם אהרן פראַג האָט געראַטעוועט דעם ישוב!

„יהי זכרו ברוך" (— זאָל זיין זיין אָנדענק געבענשט).

ווייצמאַן'ס ערשטע ערשיינונג „בשערי ירושלים" האָט זיך אים געענ־דיגט מיט אַ קאָמפּלעטן דורכפאַל.

# ד.

## רב קוק קומט אין ירושלים, דער קלימאַקס פּונקט...

ווייצמאַן — נאָך זיין אויבנדערמאָנטן דורכפאַל — האָט איינגעזען אַז איינצונעמען די ישיבות און תלמוד תורות איז אַ שווערער ביסן, האָט ער זיך דערווייל פון דעם מייאש געווען. אַנשטאָט דעם — האָט ער זיך באַרעכנט — וועט ער זיך נעמען צום „רבנות" פון ירושלים, אפשר וועט ער אויף דעם געביט מער מצליח זיין. און דורכ'ן רבנות וועט ער קענען שפּעטער באַהערשן דעם גאַנצן חרד'ישן ישוב אין ירושלים. ער האָט זיך דערמאָנט פון זיין צוזאָג צום רב קוק אין לאָנדאָן, אַז ער וועט משתדל זיין צו זעצן אים אויפ'ן „כסא רבנות" פון ירושלים. און פאַר גרויס פּאַרנומענהייט צו וועלן באַקעמפן און איינצונעמען די ישיבות און תלמוד תורות, האָט ער אין דעם ביז איצט גאָר־נישט געטאָן. איצט האָט ער זיך אין דעם אָנגעכאַפּט ווי אין אַ רעטונגס־ברעט, און איז געוואָרן נאָך מער באַגייסטערט צו דעם פּלאַן ווי פריער. טראַכ־

טנדיג, אַז נאָך דעם דורכפאַל וואָס ער האָט געהאַט מיט די ישיבות און מלמ־דים, וועט דאָס אים זיין אַ גוטער אַנהייב צו באַהערשן דאַדורך די שטאָט ירושלים מיט אירע מוסדות, ישיבות און תלמוד תורות. וואָרים דער רב קוק האָט אַ גרויסן איינפלוס־קראַפט אויף די אַלע קרייזן, און דערצו איז ער דאָך אַ טרייער ציוניסט וואָס מ׳קען זיך אויף אים פאַרלאָזן.

דערווייל האָט וויצמאַן פּלוצים געדאַרפט צוריקפאָרן אויף לאָנדאָן אין נויטיגע אנגעלעגנהייטן.

ער האָט געלאָזט רופן צו זיך דעם רב חאַרלאַפּ, רב קוק׳ס געטרייען תלמיד.

ווען רב חארלאפ איז געקומען צו וויצמאַן׳ען, האָט אים וויצמאַן געזאָגט די פאָלגענדע ווערטער:

— רב חאַרלאַפּ! איר זאָלט וויסן, אַז מיר — די ציוניסטישע אַגענ־טור — זענען אַנטשלאָסן אַהיימצוברענגען דעם רב קוק, צו זעצן אים אויפ׳ן רבנות שטול פון ירושלים. און אַזוי ווי איר זענט זיין געטרייסטער מענטש אויף וועם מ׳קען זיך פאַרלאָזן, גיב איך אייך איבער די אויפגאַבע דאָס דורכ־צופירן, איר זאָלט אַנהייבן פאַרזיכטיג אין דעם שריטע מאַכן. זעלבסטפאַר־שטענדליך איר דאַרפט נישט זאָגן אַז דאָס קומט פון אונז, אָבער איר מעגט זאָגן, אַז מ׳קען רעכענען אויף אונזער פולע שטיצע און קאָפּעראַציע. איינפלוס ביי די רעגירונג׳ס אינסטאַנצן, פאַרשטייט איר אַליין, אַז נאָכ׳ן „באַלפור־דעק־לאַראַציע” האָבן מיר גענוג.

רב חאַרלאַפּ איז געוואָרן זייער באַגייסטערט פון וויצמאַן׳ס פּלאַן, ער האָט געוואָלט זאָגן עפּעס שבחים און מעלות אויפ׳ן רב קוק, אָבער וויצמאַן האָט אים איבערגעהאַקט און געזאָגט:

רב חאַרלאַפּ! ס׳איז איבעריג אַ יעדעס וואָרט, מיר האָבן אים קענענ־געלערנט, נישט ווייניגער פון אייך. ער איז אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ, און מיט פאַרשטענדעניש צו אַלע אוניווערסאַלע פּראָבלעמען פונ׳ם אידישן פאָלק. און אויפ׳ן „רב הראשי” שטול וועט ער זיין דער ריכטיגער מענטש אויפ׳ן ריכטיגן פּלאַץ.

דערווייל מוז איך איצט נויטיג צוריקפאָרן אויף לאָנדאָן — האָט וויצ־מאַן געזאָגט צום רב חאַרלאַפּ — אָבער איך וועל מיט אייך שטיין אין פאַר־בינדונג און דער אנגעלעגנהייט.

ביים געזעגענען, האָט אים וויצמאַן דערלאַנגט אַ גרויסע סומע געלט אין דער האַנט אַריין, און דערביי אים געזאָגט:

דאָס האָט איר דערווייל אויף צו דעקן די שפּעזנס. געלט פראַגע וועט נישט שטיין אין וועג. און האָט אים געגעבן אַנצוהערן אַז ער זאָל טיילן „ביד רחבה” אויף רעכטס און אויף לינקס, צו פאַרזיכערן דעם ערפאָלג פון זיין מיסיע.

דער רב חאַרלאַפּ האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט, מיט אַ גרויסן

ברען און אימפעט. באלד האָט ער געוואונען אויף זיין זייט צוויי חשוב׳ע פּער־זענליכקייטן פון צווישן די רבנים, וועלכע האָבן פאַרנומען שליסל־פּאָזיציאָנען אין ירושלים (איינער איז געווען דער מנהל פון אַ גרויסן חרד׳ישן מוסד אין ירושלים). און זיי האָבן משפּיע געווען אויף די גבאים און ממונים פון׳ם „וועד הכללי למוסדות ירושלים" אַז זיי זאָלן צושטיין. ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטע, וועלכע זאָל טאָן אין דער זאַך.

וויסנדיג אָבער, אַז דער רוב „מנין ובנין" פון׳ם אמת׳ן „יהדות החר־דית" אין ירושלים, מיט די צוויי אַלטע רבנים גאונים „רבי יצחק ירוחם דיס־קין" „רבי יוסף חיים זאָנענפעלד" אין דער שפּיץ, וועלן זיך אַ קעגנשטעלן דעם פּלאַן — צו ברענגען דעם רב קוק אַלס רב אין ירושלים — מיט׳ן גאַנצן כח, ממילא קען דאָס צעברעכן דעם גאַנצן פּלאַן. האָט די קאָמיטע באַשלאָסן צו טאָן אַלע פאַרבערייטונגען, „בסוד סודות" — אונטערערדיש — כדי ס׳זאָל זיך נישט דערוויסן צו די „קנאים", און רבי יוסף חיים זאָנענפעלד׳ס מענטשן, ס׳זאָל זיי קומען די גאַנצע זאַך ווי אַ איבעראַשונג. אַזוי ווייט אַז אפילו דעם אַנטשיידענדן טעלעגראַם צום רב קוק, אַז „בא יבא ברנה" די גאַנצע שטאָט וואַרט אויף אים א. א. וו. האָט מען נישט געוואָלט אַוועקשיקן פון ירושלים, אפשר וועט איינער פון די פּאָסט־אַפּיסערס אויסזאָגן פון חדר. דער טעלע־גראַם איז אַרויסגעשיקט געוואָרן פון חברון. אַזוי אַז אין די שטאָט ירושלים האָט מען זיך דערוואוסט ערשט אַ טאָג בעפאַר, אַז מאָרגן דאַרף דער רב קוק אָנקומען צו פאַרנעמען דעם רבנות שטול אין ירושלים.

די שטאָט האָט געקאָכט און געזידט ווי אַ קעסל. ביז אַ פּאָר שעה איז שוין געווען אָפּגעדרוקט עטליכע קול קורא׳ס און פּאַמפלעטן פון „חרדי ירושלים" מיט די נעמען „קול מהיכל" „קול שופר" „קול גדול" וועלכע רופן צו אַ מסירת נפש׳דיגן קאַמף אַ קעגן דעם „מינוי" פון רב קוק, אַלס רב אין ירושלים.

די פאַרנעמסטע בעלי בתים און ישיבה לייט, זענען זיך צונויפגעקומען אויף אַ דרינגענדע אסיפה אין שטוב פון הגאון רבי יצחק ירוחם דיסקין. רבי יוסף חיים זאָנענפעלד איז אויך געווען דערביי. מ׳האָט געטראַכט, וואָס טוט מען דאָ אין די לעצטע מינוט צו פאַרמיידן אַ חורבן אין אידישקייט אין ירושלים עיר הקודש. און וועלכעס וועט מוזן צוברענגען צו אַ מחלוקה, וואָס האָט נאָך נישט געהאַט זיין גלייכן אין ירושלים.

ס׳איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז מ׳זאָל נאָך פּרובירן צו טאָן אַ שריט, אין די לעצטע מינוט. מ׳האָט אָפּגעשריבן אַ בריוו צום רב קוק בדרך כבוד אַלס יפו׳ער רב, אין וועלכן מ׳פאַרשטענדיגט אים פון די מחלוקה און פייער, וועלכעס גייט אויסברעכן תיכף מיט זיין אַריינטרעטן אין ירושלים אַלס רב. מעגליך אַז זיינע מענטשן האָבן אים פון דעם נישט געזאָגט, מ׳האָט אים פאַר־פירט אַז דאָס איז ברצון והסכם פון די גאַנצע שטאָט, זאָל ער וויסן דעם גרויסן אחריות וואָס ער נעמט אויף זיך. ירושלים וועט ווערן איינגעהילט אין אַ פייער פון מחלוקת, וועלכעס האָט נישט געהאַט זיין גלייכן ביז אַהער. ס׳איז

אַ שאָד ער זאָל אויף זיך נעמען אַזאַ „אחריות" און „פיזור הנפש", דאָרט ווי ער קען זיצן במנוחה ווייטער אויף זיין רבנות אין יפו. מ'האָט אים נישט געקענט פאַרשטענדיגן פון דעם פריער — שרייבט מען אין בריוו — וואָרים די טוערס אין דער זאַך האָבן פאַרהוילן די גאַנצע זאַך פון'ם חרד'ישן ציבור אין ירושלים, אויך פון די אַלטע גאונים צדיקים רבי יצחק ירוחם דיסקין און רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, וועלכע זענען די פאַקטישע מנהיגים אין ירושלים. מ'איז פון די גאַנצע זאַך געוואויר געוואָרן ערשט היינט, אַ טאָג בעפאָר ער האָלט ביים אָנקומען צופאַרנעמען דעם רבנות אין ירושלים.

צום סוף פון'ם בריוו בעט מען אים שטאַרק — מפני כבוד שמים, וכבוד תורתינו הקדושה, ושלו'ם ירושלים — ער זאָל זיך נישט לאָזן פאַרפירן מיט פאַרמאַכטע אויגן פון זיינע מענטשן, די וועלכע ווילן אים איינרעדן אַז ער וועט קענען זיצן אין ירושלים במנוחה. ער זאָל נישט אַריינקומען אין שטאָט פלוצים מיט אַ איילעניש, ער זאָל קודם פאָרן צוריק אויף יפו, און זייענדיג דאָרט זאָל ער זיך ערשט גוט אינפאָרמירן און אינטערעסירן זיך, וויאַזוי די זאַך האַלט מיט זיין רבנות אין ירושלים. און ערשט נאָך אַ רעכטן „ישוב הדעת" זאָל ער באַשליסן וואָס ער האָט צו טאָן.

דער בריוו ווערט פאַרענדיגט בדרך כבוד. אונטערגעשריבן פון אַ צוואָנציג רבנים און חשובים, די „פני" פון ירושלים.

מ'האָט אויסגעקליבן אַ חשוב'ן שליח הרה"ג ר' פנחס עפשטיין (שפּעטער דער ראב"ד פון ירושלים) וועלכער איז שוין דעמאָלס געווען אָנערקענט פאַר אַ גאון (ער האָט שוין געהאַט מחבר געווען אַ שיין לומדי'יש ספר אויף מסכת סוטה) אים האָט מען דעם בריוו אַוועקגעגעבן, אַז ער זאָל אינדערפרי אַ קעגנפאָרן מיט דער באַן דעם רב קוק, וועלכער קומט אָן פון חו"ל דורך מצרים, מיט דער באַן. און ס'איז געווען אויסגערעכנט אַז ר' פנחס זאָל באַגעגענען דעם רב קוק אין לוד, וואו ס'איז דער שיידפונקט, איין באַן פאָרט צו יפו, און דער אַנדערער באַן פאַרנעמט זיך צו ירושלים. דאָרט זאָל ער אַליין איבערגעבן דעם בריוו פאַר רב קוק אין האַנט אַריין.

דער רב קוק האָט דורכגעלייענט דעם בריוו, און האָט עס צוריקגעוואָרפן צו ר' פנחס'ן מיט אַ אויפרעגונג, און געזאָגט די פאָלגנדע רייד:

— איך לאָז זיך נישט דיקטירן פון אַ הייפל קנאים אין ירושלים. איך בין געגוי אינפאָרמירט ווער ס'זענען מיינע פריינט און ווער זענען מיינע שונאים. איך פאָר אויף ירושלים צו מיינע מענטשן, וועלכע האָבן מיך אויפגענומען.

מיט דעם האָט זיך די זאַך געענדיגט.



פרייטאָג ג' אלול שנת תרע"ט, איז דער רב קוק אָנגעקומען אין ירושלים.

דעמאָלס טאָג איז אָפּגעחתמ'עט געוואָרן דער גורל פון ירושלים עיה"ק, פאַר אַ שטענדיגן מסירת נפש'דיגן קאַמף איבער'ן אמת'דיגן אידישקייט אָן

פעלשונגען, איבער אַן אמת׳ן תורה׳דיגן חינוך אָן פשרות, און איבער אַן אַ אמת׳ע ריינע „אמונה בהשם״ אָן צעמישונגען.

דער דאָזיגער קאַמף וועט שוין אָנגיין בעזה״י ביז ביאת משיח צדקינו בב״א.



ווען ווייצמאַן איז צוריקגעקומען אויף לאָנדאָן, האָט ער איינגעהאַלטן זיין צוזאָג צו די ישיבות און מלמדים, אַז ער וועט זיי באַשמוצן, און אָפּהאַקן יעדע מעגליכקייט פון שטיצע צו זיי פון חוץ לארץ. ער האָט מפרסם געמאַכט העסליכע אומפאַרשעמטע ליגנערייען, אַז די ישיבות און תלמוד תורות אין ירושלים זענען נישט ווערט מ׳זאָל זיי שטיצן. זיי זענען נאָר אַ נעסט פון פאַרדאַרבנקייט און פרעכקייט, און פון דומהייט און אומוויסנהייט. און זייערע טעכטער טרייבן זיי אַרויס אין דער גאַס אויף הפקר . . . דאָס האָט צוגעברענגט דערצו אַז ירושלים שטייגט איבער פּאַריז מיט אויסגעלאַסנקייט . . . א. א. וו. און דאָס אַלעס האָט ער פאַרעפנטליכט אין די צייטונגען.

ס׳איז אַ שרעק, און אַ הימל-געשריי! אַ איד פון אַ אידישן טאַטע און מאַמע, קען אַזוי ווייט און טיף אַראָפּפאַלן — נאָך דעם וואָס ער פאַר־לאָזט די תורה און די אמונה אין אויבערשטן, רח״ל! — אַ מענטש וועל־כער איז באַקאַנט אין דער וועלט פאַר אַ גרויסן געלערנטן פּראָפעסאָר, און ער גרייט זיך צו ווערן אַ „נשיא ישראל״, זאָל קענען זיין אַזאַ אומפאַרשעמטער און גרויזאַמער ליגנער?! ער זאָל האָבן אַ האַרץ אַזוי צו באַשמוצן און דערנידערן טייערע צעבראָכענע אידן, וועלכע זענען זיך מוסר נפש אין הונגער און אין נויט, נישט נאָכצולאָזן דאָס מינדעסטע פון זייער נאָבעלן ערציאונג צו אידישע קינדערלעך. און טייערע געפּלאָגטע אידישע מאַמעס און טעכטער, וועלכע ליידן שוין יאָרן הונגער און נויט, פאַר אָפּצוהיטן זייער כבוד אַלס ערליכע צניעות׳־דיגע אידישע טעכטער.

ער — ווייצמאַן — איז געווען ביי זיך פאַרענטפערט. ער און זיין גלייכן האָבן געהאַלטן און געפּרעדיגט שוין פון לאַנג די מאַרקסיסטישע־גענגסטערישע לערע: — „דער ציל הייליגט די מיטלען״ (רח״ל מהאי דעתא). אויף צוערגרייכן דעם ערהויבענעם אידעאַליסטישן ציל פון׳ם „הערצל־ציוניזם״ האָבן אירע פירער און פאָן־טרעגער מתיר געמאַכט די דריי עבירות (עבודה זרה, גילוי עריות, שפיכת דמים) רח״ל. מכל־שכן אַזאַ קלייניגקייט ווי „צוליגנערן אַן רחמנות״ וויפיל ס׳איז נאָר מעגליך.

ווייצמאַן האָט נישט פאַרברענגט לאַנג אין לאָנדאָן. ס׳האָט אים געצויגן ווי אַ מאַגנעט צוריק אויף ירושלים. איבערהויפּט אַז ער האָט געהערט אַז זיין פריינט דער רב קוק געפינט זיך שוין — אַלס רב — אין ירושלים, אויף וועלכן ווייצמאַן האָט געלייגט גרויסע האָפנונגען, האָט ער פאַרשטאַנען אַז ער דאַרף אויך זיין דאָרט אויפ׳ן פּלאַץ, צו העלפן דעם רב קוק צו באַפעסטיגן זיך אינ׳ם זאַטל. איז ער געקומען שנעל צו פאָרן.

אין אָנהייב האָט עס געהייסן אַז דער רב קוק קומט אויף ירושלים, נאָר אַלס נשיא פון די מוסדות, וואָרים די אויפנאַמע האָט ער באַקומען פון „וועד הכללי למוסדות ירושלים". אָבער באַלד דאַרויף האָט דער „וועד הלאומי" בעגריינדעט די „קהילת ירושלים" — כנסת ישראל". באַפולמעכטיגט מיט גרויסע רעכטן און אָטאָנאָמיע פון די מאַנדאַטאָרישע רעגירונג, און רב קוק איז געוואָרן אויפגענומען דורכ'ן „וועד הלאומי" אַלס „רב הראשי לקהילת ירושלים".

אַ קורצע צייט דערויף האָט ווייצמאַן צוזאַמען מיט'ן רב קוק געגריינדעט דעם „רבנות הראשית לארץ ישראל" און דער רב קוק איז געוואָרן געקרוינט אַלס „רב ראשי לארץ ישראל". און דאָס איז געוואָרן דער העכסטער רעליגיעזער פאָרום פאַר'ן ישוב, איבער גאַנץ ארץ ישראל.

דער טאָג — וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אויסצורופן און פּראָקלאַמירן דעם „רבנות הראשית לא"י" — איז אויסגערופן געוואָרן פון רבי יצחק ירוחם דיסקין און רבי יוסף חיים זאָננענפעלד, פאַר אַ תענית ציבור. כמעט אַלע פרומע האָבן געפאַסט אַלטע און יונגע, פון העכער די בר מצוה.

נאָכמיטאָג איז מען זיך צונויפגעקומען אין ביהמ"ד פון ישיבת חתם סופר. ס'איז געווען דרשות, מ'האָט מסביר געווען דעם ביטערן שרעקליכן נסיון, פאַר וועלכן דער „יהדות החרדית" איז געשטעלט געוואָרן. פון איין זייט שטייט דער שונא באַלאָדנט מיט אַזאַ כח, אַ רב מיט אַ גרויסן ספּאָדיק און זיידענע אַטלאַס מלבושים אַ גאַנצע וואָך, אַ גרויסער חריף אין לערנען, אַ בעל מקובל, שבת צו שלש סעודות זאָגט ער תורה אין די פינסטער „רזי דרזין", וואָס דאָס איז געווען אַ צוציאונגס מיטל פאַר אַסאַך שיינע אידן און רבנים. איבערהויפּט אַז ס'איז געווען אונטערגעשמירט מיט אַ פעטע וואָכעדיגע מטבע. געלט האָט אַ גרויסן כח. הינטער דעם רב קוק'ס פּלייצעס שטייט דער „וועד הלאומי", דער גאַנצער ציוניסטישער אַפּאַראַט, צוזאַמען מיט די רעגירונג. און ער האָט דעם פולמאַכט און אויטאָראַזאַציע איבער ירושלים און איבער גאַנץ ארץ ישראל.

פון דער צווייטער זייט שטייט אַ אָרימער שוואַכער ציבור, מיט אויסגעהונגערטע ישיבה לייט, און מלמדים, אָן שום רעכטן ביי די באַהערדע.

אָבער „ה' אתנו ואל תיראום"! — דער אויבערשטער איז מיט אונז, דאַרפן מיר נישט האָבן קיין מורא! — האָבן די רעדנערס אויסגערופן.

דעמאָלס אין דעם „מעמד קדוש" האָבן די ערליכע אידן אין ירושלים געשוואוירן נאָכאַמאָל די אַלטע שבועה „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני"! מ'וועט זיך נישט לאָזן! מ'וועט נישט מפקיר זיין ירושלים עיר הקודש! מ'וועט זיך נישט אונטערגעבן! די תלמוד תורות און ישיבות וועט מען נישט אויסליפערן צום שונא! אפילו מ'זאָל דאַרפן חלילה אויסגיין אין הונגער צוזאַמען מיט'ן בני בית וועט מען אויך נישט ענדערן און נאָכלאָזן — בקוצו של יו"ד — פונ'ם אַלטן חינוך, און אַלע אַלטע דרכים און מנהגים.

דער התעוררות איז געווען זייער גרויס. די גייסטער זענען געווען געהויבן. ס'איז צוגעקומען צו אַ קלימאַקס־פּונקט. מ'האָט געפילט אַז ס'איז

געקומען די צייט וואָס עס מוז עפּעס געטאָן ווערן פּאָזיטיווען וועגן פאַרזיכערן „קדושת ירושלים לדורות". צופאַרזיכערן דעם עקזיסטענץ און אומאָפּהענגיגקייט פון אַ אמת'ן געלייטערטן „יהדות החרדית", מיט אַ שטאַרקע רייגע „אמונה בהשם" אָן צעמישונגען, און מיט אַ אומבויגזאַמען תורה־טרייען חינוך פאַר די קינדער, אָן שום ענדערונגען.

ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ אָפּגעטיילטע „קהילה חרדית" פאַר זיך, מיט אַ רבנות, מיט אַ שחיטה, און מיט אַלע צוגעהער דערצו.

מיט דעם באַשלוס איז ירושלים געראַטעוועט געוואָרן אויף דורות, בעזה"י. — אַריינגערעכנט אונזער אַרימער דור — ביז ביאת משיח צדקינו בב"א.



דאָס ערשטע איז אויפגעשוואוּמען די פראַגע, פון אַ רב ואב"ד פאַר די קהילה. מ'איז צוגעשטאַנען צו רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, ער מוז אָננעמען די רבנות שטעלע, ס'איז אַ פראַגע פון „הצלת נפשות דרבים", ער טאָר זיך מער נישט וויגערן!

אָבער רבי יוסף חיים — מיט זיין גרויס ענוות — האָט נאָך איצט אויך נישט געוואָלט זיך אונטערגעבן און ווערן דער רב אין ירושלים. מ'וועט זיך קענען באַגיין, מ'וועט זיך קענען איינאָרדענען אַ קהילה אַפּאַראַט אַזוי אויך, האָט רבי יוסף חיים געטענה'ט. העכסטנס וועט פונקציאָנירן ווייטער אַ „וועד רבנים" ווי ס'איז געווען פריער.

ניין! — האָט דער עולם געשריגן — מ'מוז האָבן אַ „מרא דאתרא" אַ אויטאָריטעט מיט אַ וואָגיג וואָרט, אָן דעם איז די קהילה קיין קהילה נישט, און דאָס איז נאָר רבי יוסף חיים זאָנענפעלד. קיין אַנדערער נישט!

ס'איז געווען חשוב'ע מענטשן וועלכע האָבן זיך געשושקעט, אַז דער ענוות פון רבי יוסף חיים איז שוין צופיל, ענוות האָט אויך אַ גרענעץ. מיר געפונען אין די חז"ל אַז צופיל ענוות אפילו פון א תנא האָט אויך נישט געטויגט (ענוותנותו של זכרי' בן אבקולס וכו'). הלוואי וואָלט רבי יוסף חיים פאַר זיבן יאָר נישט געווען אַזאַ ענוו, און וואָלט געווען אָנגענומען דאָס רבנות אין ירושלים, וואָלט אפשר איבגאַנצן נישט געקומען צו דעם איצטיגן חורבן — האָבן די מענטשן געזאָגט — דער רב קוק האָט נאָר זוכה געווען „מן ההפקר" ווייל ס'איז נישט געווען קיין רב אין ירושלים.

מ'איז אַריבער צו רבי יוסף חיים אין שטוב אַ דעפּוטאַציע פון די חשוב'סטע מענטשן, מיט הגאון רבי יצחק ירוחם דיסקין אין דער שפּיץ. מיט אַ אָפּגעשריבענעם „כתב רבנות". זיי ווילן אים דאָס איבערגעבן, ער וויל נישט נעמען. מ'בעט זיך צו אים מיט טרערן אין די אויגן, ס'העלפט נישט.

ביז דער גאון רבי יצחק ירוחם שטעלט זיך אויף און זאָגט ענערגיש:

— הערט רבי יוסף חיים! איך בין אַ זון פון'ם בריסקער רב! אינ'ם כח פון מיין טאַטן בין איך אויף אייך גוזר אַז איר מוזט אָננעמען דאָס רבנות!

רבי יוסף חיים הערט מעלדן דעם נאָמען פונ׳ם בריסקער רב, פאַלט ער אין אוממאַכט, ער האָט נישט קיין כח צו זאָגן: ניין! קיין גרעסערס פון זיין רבי׳ן „דער בריסקער רב" האָט רבי יוסף חיים נישט געקענט אין ירושלים. צענדליגע יאָרן האָט ער אים משמש געווען געטריי, ער וואָלט געוועןגעגאַנגען פאַר אים אין פייער. און איצט הערט ער, אַז מ׳איז אויף אים גוזר אין נאָמען פון בריסקער רב! ווי קען זיך אַקעגנשטעלן??!

ער ברעכט אויס אין אַ יאָמערליך געוויין. די מענטשן וויינען מיט.

נאָך אַ שטיקל ווילע זאָגט רבי יוסף חיים זאָגנעפּעלד:

— „נעניתי לכם" — איך בין צו אייך אייַנפאַרשטאַנען.

מזל־טוב! — שרייען אַלע אַנוועזנדע — מזל־טוב!

אַלע „חשובים" בייגן זיך אַראָפּ און קישן די האַנט פאַר רבי יוסף חיים, און שרייען באַכאַמאָל:

— יחי אדונינו מורינו ורבינו!

רבי יוסף חיים ווינקט זיי מיט דער האַנט, מיט אַ פאַטערליכן שמייכל אויף די ליפּן, אַז זיי זאָלן אים איצט אָפּלאָזן. ער איז שטאַרק דערשפּעט פון דעם געשעעניש, וואָס האָט אים געענדערט זיין גאַנצן לעבנסאייַנשטעלונג ביז׳ן הייַנטיגן טאָג. ער וויל אביסל בלייבן אַליין.

די מענטשן פאָלגן אים, און רוקן זיך אַרויס מיט גרויס דרך ארץ.

ביים חרדי׳שן ירושלים איז ששון ושמחה. רבי יוסף חיים האָט מסכים געווען צו זעצן זיך אויפ׳ן „כסא רבנות", מ׳האָט שוין ב״ה אַ רב ואב״ד, אַ אמת׳ער „מרא דארעא ישראל" וועלכער איז „משכמו ולמעלה גבוה מכל העם" — ער שטייט העכער פון אַלעמען — די גאַנצע וועלט ווייסט פון זיין גאונות און צדקות.

מ׳האָט צוזאַמען געשטעלט אַ „בית דין" פון באַוואוסטע גדולי ישראל אין ירושלים.

די קהילה איז געגרינדעט געוואָרן. מ׳האָט אויסגעקליבן א הנהלה פון כ״ג (דריי און צוואַנציג מענטשן) פעהיגע עסקנים.

אַלס פאַרזיצער און מנהל פון די קהילה איז אויסגעקליבן געוואָרן הרב ר׳ ראובן שלמה יונגרייז ז״ל (אַ זון פון קאשוי׳ער רב, און פאָטער פון דעם שפּעטערדיגן גרויסן גאון און צדיק רבי דוד יונגרייז זצ״ל, וועלכער איז געווען „סוף ימיו" דער ראב״ד פון די עדה החרדית אין ירושלים) אַ פעהיגער מענטש מיט זעלטענע כשרונות, אַ שטאַרקער קנאי, מיט אַ פעסטע שטעלונג. אַן אַרויסהעלפער צו אים איז געוואָרן הרב משה בלוי ז״ל אַ דינאַמישער יונגערמאַן, אַ פעהיגער עסקן, וועלכער איז שוין פון יאָרן לאַנג די רעכטע האַנט פון די ביידע אַלטע גאונים צדיקים, רבי יצחק ירוחם דיסקין, רבי יוסף חיים זאָננענפעלד.

אויבצוואר זיין אָפיציעלער פאַזיציאָן איז תחילת געווען „ספרא דדיינא" פונ׳ם ערשטן בית דין פון די קהילה חרדית, אָבער אין יאָר תרפ״ג איז ער אַריבער

אין גאַנצן צום עסקנות פון די קהילה חרדית אַלס „איבער סעקרעטאַר”. און שפּעטער, נאָך די פּטירה פון הרב יונגרייז, אַלס פּאַרזיצער און מנהל.

דער פראָנט האָט זיך געעפנט. דער קאַמף פאַר אַ זעלבסטשטענדיגן עקזיסטענץ — אומאָפּהענגיג אין די ציוניסטן און אין רב קוק׳ס געמיינדע — האָט זיך אָנגעהויבן.



די ערשטע זאַך האָט מען געדאַרפט אויסקעמפן ביי די רעגירונג אַ אָפּיציעלן סטאַטוס פאַר אַ אָפּגעטיילטע קהילה חרדית. און אַ אויטאָריזאַציע פאַר אַ זעלבסטשטענדיגן רבנות, מיט אַ באַזונדערע שחיטה א. א. וו. און כאָטש די הנהלה זענען געווען אומדערמידלעכע אַמביציעזע עסקנים, איז אַלעס געגאַנגען מיט פּעך. אַז מ׳האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ רעגירונג און מיט אַ אנערקענטן ציוניסטישן אַפּאַראַט, די לעגיטימע פאָרטרעטערס פונ׳ם כלל ישראל. צווישן זיי גרויסע געלט־מאַגנאַטן, איינפלוסרייכע מענטשן, מיט ד״ר ווייצמאַן׳ען אין דער שפּיץ. דאָס אַלעס האָט געלייגט שטערונגען ביי טריט און שריט. אַלע פאַרברעכערישע מיטלען זענען געווען צו דעם כשר און באַרעכטיגט, צו דערדריקן דעם „יהדות החרדית”. אַ שווערער קאַמף — ווי אויף לעבן און טויט, רח״ל — איז אָנגעגאַנגען אַ לענגערע צייט.

און צו דעם צוועק איז אויך געווען מאָביליזירט — פונ׳ם ציוניסטישן אַפּאַראַט — זייערע רבנ׳ישע און רעליגיעזע אונטערטענער מיט׳ן רב קוק בראש. וועלכע האָבן געהאַט „א י י ן” הייליגע אויפגאַבע, נישט צו דערלאָזן דעם אמת׳דיגן געלייטערטן יהדות החרדית, אויפצוהייבן אַ קאָפּ.

טראָצדעם איז געלונגען — מיט גרויס סיעתא דשמיא — דורכצוברעכן דעם ערשטן פונדאַמענטאַלן שריט, מ׳האָט אויסגעקעמפט ביי די רעגירונג אַ „זכות היציאה”, דאָס מיינט אַ רעכט אַרויסצוגיין פון די גרויסע מוטער־געמיידע „כנסת ישראל”. און דאָס האָט מען געדאַרפט יעדער איינער אינדיווידועל דעקלאַרירן שריפטליך צו די רעגירונג אינסטאַנצן, מיט דעם נוסח:

— „איך (פּב״פּ) גיי אַרויס פון קהילת ירושלים „כנסת ישראל”, און איך האָב נישט אין איר קיין טייל, נישט וועגן רעכטן, נישט וועגן פאַרפליכטונגען”.

דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אַ רעכט צו אָרגאַניזירן זיך אַלס אַ באַזונדערע געמיינדע האָט מען נאָך נישט געהאַט. נאָר אַזוי ווי די אָפּיציעלע קהילת ירושלים טוט אָטאָמאַטיש צובינדן און אַריינגנעמען אין זיך אַ יעדן איד אין ירושלים, האָט מען באַקומען אַ רעכט אַרויסצוגיין פון די קהילה. און צו דעם האָט די רעגירונג אויך נאָר באַשטימט איין חודש אין יאָר — דעם חודש אייר — אַז נאָר דעמאלס קען מען איינגעבן די דעקלאַראַציע פון „יציאה”, און די איבריגע חדשים פון אַ גאַנץ יאָר נישט. און נאָך מער טראַגי־קאָמיש איז געווען, אַז מען האָט דאָס געדאַרפט א יעדעס יאָר איבערחזר׳ן, אויס־

שטעלן אַזאַ פּאַרמאַליטעט פון „יציאה" און אַריינגעבן דאָס צו די רעגירונג. ווער ס'האָט איין יאָר פאַרפעלט דאָס צוטאָן, איז אויטאָמאַטיש געוואָרן אַ מיט־גליד אין די ציוניסטישע קהילת ירושלים.

דאָס איז געווען דער ערשטער שריט אויף אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם אפּטרופּסות פון די ציוניסטן. און דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסע ישועה.

דער רב קוק האָט איינגעלייגט וועלטן, אויף אָפּצוהאַלטן דאָס אַרויסגיין פונ'ם „חק היציאה" — (אַז מ'האָט דאָס רעכט אַרויסצוגיין פון די גרויסע געמיינדע). אין דער לעצטער מינוט, ווען ער האָט געזען אַז ער האָט שוין ביי די רעגירונג פאַרלוירן, האָט ער זיך נאָך געפּרוואוט, ער האָט אַוועקגעשיקט אַן אַלאַרמירנדיגן טעלעגראַם, אַזש ביז צום „פעלקער־בונד" אין האַג, אַז ס'זאָל פון דאָרט קומען אַ ווענדונג אויף אָפּצוהאַלטן דעם „חק היציאה", וואָרים ס'איז אין די אינטערעסן פון אַלע פעלקער אַז אין דעם אייביגן „עיר השלו'ם" וואָס דאָס מיינט „ירושלים" זאָל הערשן שלו'ם, און דער „חק היציאה" וועט נאָר אַנמאַכן אַ צעטיילונג און אַ אייביגן „מחלוקת", ווייל די מענטשן וועלכע ווילן זיך באַנוצן מיט דעם „זכות היציאה" זענען באַוואוסטע „בעלי מחלוקת" און נאָן־פּראָדוקטיווע עלעמענטן.

אַזאַ מין שטיקל „מסירה" אַרבעט האָט דער רב קוק אָפּגעטאָן. ווען אַן אַנדערער געוויינליכער איד וואָלט דאָס געטאָן, וואָלט מען אים פאַרשריגן פאַר'ן בידריגסטן „מסור". אָבער ער דער גרויסער „רב הראשי" מיט זיין גרויסן „אהבת ישראל" מעג אַלעס טאָן ? !

אָבער „הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל" — דער אויבערשטער האָט צוגעזען דעם צער און שטרעבונג פון ערליכע אידן אין ירושלים, וועלכע ווילן זיך נישט פאַרקויפן צו די ציוניסטישע עבודה זרה, רח"ל. און ס'האָט נישט געהאָלפן פאַר'ן רב קוק אַלע זיינע מאַכערייקעס. דער „חק היציאה" איז אַרויסגעקומען.

אָבער דאָס איז נאָר געווען דער אָנפאַנג פון די ישועה. מ'האָט געדאַרפט גיין ווייטער. דער וועג איז נאָך געווען ווייט צוצוקומען צום ציל. איצט האָט מען געדאַרפט איינגעבן אַ פּעטיציע צו די רעגירונג פון די אַלע „יוצאים" אַז זיי ווילן זיך אָרגאַניזירן אין אַ געמיינזאַמער ייטליכע גרופּע, דאָס מיינט אַ באַזונדערע קהילה. איז ווייטער ענטשטאַנען אומענדליכע שטרויכלונגען.

די עסקנים פון די „קהילה חרדית" האָבן איינגעזען אַז ס'איז כמעט אוממעגליך פאַר זיי בייצוקומען די אַלע שטערונגען. ערשטנס, קענען זיי זיך נישט פאַרמעסטן מיט'ן איינפלוס פון די פרייע ציוניסטן. צווייטנס, פעלט זיי דאָס געלערנטע קוואַליפיקאַציע, צו וויסן ווי אַזוי אויפצושטעלן און באַגרינדן זייערע פאָדערונגען, און וואו אויף וועלכען אָרט צו ווענדן זיך מיט אַ יעדע זאַך, און וויאַזוי צובאַקעמפן געזעצליך די שטרויכלונגען. אַנדערש ווי די ציוניסטן וועלכע האָבן געהאַט צו זייער דינסט די בעסטע אַדוואָקאַטן און געזעצקענערס.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז קיין איין אדוואָקאַט אָדער געלערנטער

מענטש, האָט נישט געוואָלט אַ האַנט צולייגן צו די זאַכן און שטרעבונגען פון די אָפּגעטיילטע „קהילה חרדית" כדי נישט צו זיין צו שאַנד און שפּאָט ביי די אינטעליגענציע פון די שטאָט, און זיין אויסגעזעצט צו ווערן גערודפ'ט און סאַנקציאָנירט פון אַלע זייטן.

און דאָ איז געקומען אַ אומגעריכטע ישועה.

ס'איז באַשטעטיגט געוואָרן וואָס ווערט געברענגט אין די הייליגע ספרים, אַז ווען מ'פּלאָגט זיך איבער אַ זאַך ערליך, בלויז „לשם שמים", איז, ווי שווער די זאַך זאָל נישט זיין, דאַרף מען נישט פאַרלירן דעם פעסטן בטחון אין אויבערשטן. ווען ס'קומט צו אַ שטופּע אַז מ'מיינט ס'איז „כלו כל הקיצין" — ס'איז נישט מעגליך ווייטער צו גיין — דעמאָלס קומט די ישועה אויף אַ אומגעריכטענעם אופן.

דאָ דאַרפן מיר אייך איצט דערציילן אַ דראַמאַטישע געשיכטע.

# ה.

## דער באַרבאַרישער ציוניסטישער מאָרד.

אין אַמסטערדאַם (האָלאַנד) האָט געלעבט אַ רייכע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליע, מיט'ן נאָמען „דיהאַן". אויבצוואָר זיי זענען געווען פאַרעכנט פאַר אידן, אָבער זענען געווען אַזוי שטאַרק אַסימילירט און דערווייטערט פונ'ם מינדעסטן סאָרט אידישן לעבן, אַז זיי האָבן גאָרנישט געהאַט קיינע באַציאונגען מיט דער אידישער געמיינדע אין אַמסטערדאַם, אויך נישט מיט די פאַרגעשריטענע. זיי זענען קיינמאָל נישט געקומען אין אַ אידיש געזעלשאַפט, זיי האָבן נאָר פאַרקערט מיט די גוים, מיט די הויכע שיכטן, וואָס מ'רופט דאָס אויבערשטע פונ'ם שטעסל.

אַ „בן יחיד" האָבן זיי געהאַט ער האָט געהייסן „יאַאַכים דיהאַן", זיי האָבן אים — זעלבסטפאַרשטענדליך — געגעבן די בעסטע ערציאונג לויט זייער איינשטעלונג, געלאָזט אים שטודירן די העכסטע שטודיעס, ביז ער איז אָנגעקומען אין די פאַקולטאָ פאַר געזעצגעבונג. ער האָט דאָס געענדיגט מיט די בעסטע אויסצייכנונגען, זייגע לערערס האָבן אויף אים געזאָגט אַז ער האָט אַ גיגאַנטן מוח, און ער וועט אויסוואַקסן אַ וועלט-גרעסע אין וויסנשאַפט. דערווייל איז ער געוואָרן אַ באַרימטער פּראָפעסאָר אין געזעצגעבונג.

פון אידישקייט האָט ער געוואוסט נאָך ווייניגער ווי זיינע עלטערן. זיינע עלטערן האָבן כאָטש אַלס קינד געהאַט עפּעס אַ שייכות מיט אידן און אידישקייט, און נאָכהער האָבן זיי זיך דערווייטערט, אָבער ער האָט דאָס אויך נישט געהאַט. ער האָט געוואוסט אַז ער איז אַ איד, אָבער מיט וואָס ער איז אַ איד,

האָט ער נישט געוואוסט. אַ חוץ די איינע זאַך, ער האָט געוואוסט אַז אַ איד גלייבט נישט אין „אותו האיש", דאָס איז אים געבליבן פון זיין טאַטנס שטוב, מ׳האָט דאָרט אויך נישט געגלייבט אינ׳ם „אותו האיש", און זיי האָבן קיינמאָל נישט באַזוכט אַ „תיפלה", דאָס האָט ער נאָך געטאָן. ער האָט זיך קיינמאָל ני׳שט אינטערעסירט וועגן אידן און אידישקייט, ממילא האָט ער אויך נישט געוואוסט גאָרנישט פון די היסטאָריע פונ׳ם אידישן פאָלק.

חתונה געהאַט האָט ער מיט אַ גוי׳איש מיידל, אַ טאָכטער פון איינעם פון די גרויסע אַדל-לייט וועלכער איז געווען מקורב צום „מלכות", און ער האָט געלעבט א גוי׳איש לעבן. דורך זיין גוי׳אישן שווער איז זיין נאָמען באַקאַנט געוואָרן אין קעניגליכן הויף. מ׳האָט אים קענענגעלערנט און באַוואונדערט זיינע גרויסע קענטעניסן, אויף׳ן געביט פון געזעצגעבונג. ביז ער איז געוואָרן דער סטאַבילער אַדוואָקאַט פונ׳ם קייזערליכן ראַט. דאָס איז געווען גאָר אַ הויכער פּאָזיציאָן.

דורך זיין פּאָזיציאָן און באַקאַנטשאַפט אינ׳ם קייזערליכן הויף, האָט ער זיך אָנגעגניפּט פריינטשאַפט און גוטע באַציאונגען מיט גרויסע מיניסטאָרן און רעגירונגסלייט, אויך אויסער די גרעניצן פון האָלאַנד, אין די שכנות׳דיגע לענ־דער. ס׳איז אים אויסגעקומען צו זיין אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, עטליכע מאָל אין פאַרטרעטונג פונ׳ם האָלאַנדישן קייזערליכן ראַט און ס׳איז אים געלונגען אָנצור־קניפּן ערשטראַנגיגע באַציאונגען מיט ענגלישע מיניסטאָרן און לאָרדן. אַלע האָבן באַוואונדערט זיינע וויסנשאַפטליכע קענטעניסן, און זיינע נאָבעלע מאַנירן און כאַראַקטער. מיט זיין פאַרטרעטונג און ערשיינען, האָט ער איבעראַל פאַרשאַפט רום פאַר׳ן קייזערליכן ראַט אין אַמסטערדאַם. און האָט זיך באַליבט געמאַכט אינ׳ם קייזערליכן הויף.



איינמאָל איז געווען עפּעס אַ פייערונג אינ׳ם קייזערליכן הויף. ד״ר די־האַן איז אויך געווען געלאַדנט. אין מיטן דער פייערונג, ווען די גרויסע פּריצים זענען שוין געווען אַביסל בגילופין, האָט איינער פון די מיניסטאָרן דערציילט אַ מעשה פון אַ איד, וועלכעס איז געווען פול מיט פאַראַכטונג און געשפּעט פונ׳ם אידישן פאָלק. ד״ר דיהאַן האָט זיך דערמאָנט אַז ער איז אויך אַ איד, און ער האָט זיך געפונען זייער געטראָפן פון די מעשה. דער מיניסטער האָט זיך געכאַפּט, אָדער מ׳האָט אים אונטערגעזאָגט, האָט ער זיך עקסיוזירט, ווי דער שטייגער, אַז „די אַנוועזנדע זענען אַ אויסנאַם".

ד״ר דיהאַן האָט זיך אָנגערופן:

— כ׳ווייס נישט מיט וואָס בין איך אַ אויסנאַם, אַז איך בין דאָך אויך אַ איד.

האָט זיך אַ צווייטער מיניסטער אָנגענומען פאַר זיין כבוד און געזאָגט:

— אונזער קאָלעגע האָט דאָך געמיינט באַר די אידן וועלכע פּראַקטיצירן

זייער אידישקייט, וועלכעס איז פול מיט זאַבאַבאָנעס און פאַנאַטישע זאַכן, אַנ־דערש ווי אַלע פעלקער, אָבער איר פּראָפעסאָר דיהאַן זענט דאָך גלייך מיט אונז אַלע.

ד״ר דיהאַן האָט געשוויגן, אָבער ס׳איז געווען קענטיג אַז די רייד האָבן אים נישט באַרואיגט.

מ׳האָט פאַרענדיגט די פייערונג, און יעדער איז זיך געגאַנגען אַהיים. ד״ר דיהאַן האָט שוין די נאַכט נישט געקענט שלאָפן. דער געשעעניש ביים פייערונג האָט אים אַרויסגעברענגט פון גלייכגעוויכט. ער האָט אָנגעהויבן אַריינ־טראַכטן, לכאורה וואָס מיינט דאָס צו זיין אַ ״איד״? אַ איד מיינט דאָך אַ באַזונדערער גלויבן, אַ באַזונדערע טראַדיציע, און אַ באַזונדערע היסטאָריע, אַנ־דערש ווי די נישט אידן, די גוים. נו, וואָס איז ער פון דעם אַלעמען אויסגע־שאַלטערט? ווער האָט אים געפּטר׳ט פון די אַלע זאַכן? ער איז דאָך אַ איד, די גוים די האַלענדער האַלטן אים אויך פאַר אַ איד. אַ באַווייז דער מי־ניסטער האָט געפונען פאַר נויטיג זיך פאַר אים צו אַנטשולדיגן. איז, פאַר־וואָס האַלטן זיך די גוים יאָ ביי זייערע יעדער אייגענער, און ער ווייס אפילו נישט וואָס מיינט צו זיין אַ איד?

ס׳איז טראַגי־קאָמיש מיט וואָס דער צווייטער מיניסטער האָט אים פאַר־טיידיגט — האָט זיך ד״ר דיהאַן געטראַכט — וועלכער האָט זיך אָנגענומען פאַר זיין כבוד, אַז ער דיהאַן איז אַנדערש פון די איבעריגע אידן, אים קומט נישט צו דערנידערן און אויסלאַכן, ווייל ער פּראַקטיזירט נישט זיין אידישקייט. אַ שיינער פאַרטיידיגונג איז דאָס? ! אַ שיינער אויסצייכענונג איז דאָס פאַר אים? ! איז דען נאָך דאָ בידעריגערס פון דעם? איז דען נאָך דאָ מער כאַראַק־טערלאָזיגקייט פון דעם, ווי ווען אייגענער אַנטלויפט פון זיך אַליין, ער אַנטלויפט פון זיין אייגענעם ״איך״? ! פון וועלכן ער קען סייווי נישט אַנטלויפן, איז ער דען נישט צום אויסלאַכן מער פון אַלע אידן, אַז פאַר די אידן איז ער אַ גוי, און פאַר די גוים איז ער אַ איד? צום סוף איז ער נישט דאָ, נישט דאָרטן. ער איז ערגער פון אַלע אידן, און ערגער פון אַלע גוים. ער האָט איבערהויפּט קיין גלויבן נישט, און קיין היסטאָריע נישט.

ניין! דאָס קען ווייטער נישט אַזוי זיין! — איז ער געקומען ביי זיך צום פעסטן באַשלוס — איך מוז זיין דאָס וואָס איך בין! בין איך אַ איד, דאַרף איך דאָס זיין, אין אַלע הינזיכטן. איך דאַרף מיך באַקענען מיט מיין פאָלק און מיט מיין גלויבן און טראַדיציע. זאָל מיך מער יענער גוי נישט פאַר־טיידיגן אַז איך בין אַנדערש פון אַלע אידן, ווייל איך אַנטלויף פון אידיש־קייט. דאָס מיינט מער, געשפּיגן אין פּנים אַריין, ווי פאַרטיידיגט. מוחל אַזאַ פאַרטיידיגונג.

דער באַשלוס האָט אים אַביסל באַרואיגט דעם מוח און דאָס האַרץ, און ער האָט איינגעדרימלט.



דעם אַנדערן טאָג האָט ער אויפגעזוכט אַ אידישן רב, זעלבסטפאַר־שטענדליך אַ מאָדערנעם, נישט ווייט פון זיין געגנט. ער האָט אָנגעקלאַפּט און איז אַריינגעגאַנגען. ער האָט זיך פאָרגעשטעלט אַלס אַ פּראָפעסאָר מיט אַ פּסעוו־דאָנים, ער האָט נישט אָנגעגעבן זיין אייגענעם נאָמען, נישט אַרויסצורופן אַ דערשיטערונג און אַ שטורעם, ווייל זיין נאָמען איז געווען באַקאַנט איבעראַל. ער האָט געבעטן דעם רב ער זאָל אים אַביסל באַקענען מיט'ן אידישן גלויבן, און מיט די אידישע היסטאָריע, ווייל ער איז אויך פון שטאַם אויס אַ איד, ער איז נאָר דערווייטערט געוואָרן דערפון דורך די אומשטענדן.

דער רב האָט עס גערן געטאָן, ער איז געווען אַ ערליכער און האָט עס געהאַלטן פאַר אַ מצוה פון „הצלת נפשות” צוריקצוברענגען אַ איד צו אידיש־קייט. ער האָט אים געגעבן אַ אויפקלערונג פון די תורה, פון די תרי"ג מצות, וועלכעס פאַרפליכטעט אַ יעדן איד, און פון אונזער שיינע לאַנגע היסטאָריע, פון ארץ ישראל, פונ'ם בית המקדש, פון די נביאים, און פון אונזער לאַנגע קייט גדולים, תורה־ריזן, ביז'ן היינטיגן טאָג א. א. וו.

ד"ר דיהאַן איז געוואָרן זייער באַגייסטערט און בעאיינדרוקט פון דעם אַלעמען. ער האָט געגעבן דעם רב אין האַנט אַריין אַ שיינע מטבע פאַר זיין לעקציע, און האָט מיט אים אָפּגעמאַכט עטליכע מאָל אין וואָך אַריינצוקומען, ער זאָל אים ווייטער פאָרזעצן די סטודיע פונ'ם אידישן גלויבן, און אידישע געשיכטע.

דער רב האָט מיט אים געלערנט צוביסלעך עברי, חומש, משניות, גמרא א. א. וו. ד"ר דיהאַן'ס גיניאַלער מוח האָט אַלעס שנעל אויפגענומען און פּרע־ציז. דורך דעם רב האָט ער זיך איינגעשאַפט די נויטיגע ספרים, אויף צו קענען אַליין פאָרזעצן די לימודים.

סוף האָט ער זיך פאַר'ן רב אַנטפּלעקט ווער ער איז, אַז ער איז דער מפורסם'דיגער פּראָפעסאָר דיהאַן, פונ'ם קייזערליכען ראַט. דער רב איז געוואָרן אָנגענעם איבעראַשט פון דעם אויפדעקונג, ער האָט זיך נאָך מיט מער פלייס און איבערגעגעבנקייט בעפאַסט מיט אים.

ד"ר דיהאַן האָט געפילט, אַז ס'איז שוין געקומען די צייט אַז ער דאַרף זיין אידישקייט רעאַליזירן, און אויסטייטשן דאָס איינ'ם פּאַקטישן לעבן. ער דאַרף אויפגעבן זיין גוי'אישן לעבנסשטייגער.

ער האָט אויפגעדעקט פאַר זיין גוי'איש ווייב זיינע באַשלוסן, אַז ער וויל זיך אָנהייבן צו פירן לויט די אידישע רעליגיע, סיי אין זיינע פּריוואַט אויפפירונגען, סיי אין שטוב פירונג. דאַריבער פאַרלאַנגט ער פון איר אַז זי זאָל איינפאַרשטיין מגייר צו זיין זיך, און מיטהאַלטן מיט אים ווי אַ געטריי ווייב צום מאַן, און פירן זיך אויך אַלעס לויט די אידישע רעליגיע. און אויב זי וויל דאָס נישט, האָבן זיי נאָר איין וועג, צו שיידן זיך אייגער פון אַנדערן.

זי איז געוואָרן שטאַרק דערשיטערט און שאָקירט פון זיינע רייד. אויף אַזאַ זאַך וואָלט זי אַפילו אין אַ ווייטסטן חלום נישט געטראַכט. זי האָט בע־

בעטן פון אים אַ צוויי דריי טאָג צייט אַריינצוטראַכטן. דענקענדיג אַז די זאַך איז זיכער נאָר עפּעס אַ פּלוצים'דיגער בערוון־אָנפאַל אויף אים, און ס'וועט אַריבער גיין. נאָך עטליכע טעג זעענדיג אַז ער האַלט זיך פעסט ביים זייניגן, האָט זי אים געזאָגט:

— יאָאַכים, איך קען דיך נישט פאַרשטיין, ביזט אַ קלוגער געלערנטער מענטש, און אַזוי האַלט דיך אויך די גאַנצע וועלט, און דו ביזט אַ רומפולער מענטש מיט כבוד און פרעסטיזש פון אַלע זייטן, זאָלסטו דיר אין קאָפּ אַריינגעמען אַזאַ נאַרישקייט? צו באַהעפטן זיך אין אַ קליין גערודפ'ט פאַראַכטעט פאָלק, וועלכעס ווערט אויסגעלאַכט און דערנידערט פון יעדן אינטעליגענטן מענטש?!

לעבסט אין אַ גרויסן אירטום, העלענע — האָט ער איר געענטפערט — ערשטנס, גיי איך מיך נישט איצט באַהעפטן... איך בין שוין מיט דעם פאָלק באַהאָפטן זינט איך בין געקומען אויף דער וועלט. און דו האָסט דאָס געוויסט גאַנץ גוט. נאָר דיר איז געווען ליב מיין נישט באַרעכטיגער טאַט, וואָס איך אַנטלויף פון מיינע נאַטירליכע פליכטן. אָבער איצט האָט מיך טאַקע מיין קלוגשאַפט און באַרעכטנקייט צוגעברענגט צו דעם — אַ דאַנק צו ג־ט — אַז איך זאָל פאַרשטיין ווי אומזין מיין לעבנסאייבשטעלונג איז געווען ביז היינט, צו וועלן אַנטלויפן פון מיין אייגענעם „איך" פון וועלכן מ'קען סיי ווי נישט אַנטלויפן, און ס'איז נאַריש צו אַנטלויפן, איך בין געבוירן אַ איד, און איך וויל שטאַרבן אַ איד! אָבער נישט נאָר מיט'ן נאָמען „איד", וואָס דאָס אַליין זאָגט נאָך גאָרנישט, נאָר מיט אַלע פליכטן וואָס דאָס אידישקייט ברענגט מיט זיך.

און דאָס וואָס דו זאָגסט, העלענע — האָט ער איר ווייטער געגעבן צופאַרשטיין — אַז דאָס אידישע פאָלק איז אַ קליין פאַראַכטעט פאָלק, וועלכעס ווערט גערהדפ'ט און אויסגעלאַכט פון יעדן אינטעליגענטן מענטש, זאָלסטו וויסן אַז דאָס איז דער גרעסטער טעות'דיגער איינשטעלונג פון דיר, און פון אַלע דיין גלייכן. וואָרים די אַזוי גערופענע אינטעליגענטע מענטשן וועלכע פאַרפאָלגן דאָס אידישע פאָלק און לאַכן איר אויס, די מערסטע טייל פון זיי ווייסן אַליין אויך אַז דאָס אידישע פאָלק איז דאָס עלסטע און ערהויבנסטע פאָלק אין דער געשיכטע, פאַר זיי האָט דער אויבערשטער געגעבן אויפ'ן באַרג סיני די הייליגע תורה, וואָס איר רופט אָן „בייבל", און אַלע פעלקער פון דער וועלט האָבן געבויט זייער קאָנסטיטוציע פון „צדק" און „יושר" אויף די ברעקעלעך וואָס זיי האָבן אַרויסגעגנב'עט פון אונזער אידישע תורה. און אַלעס וואָס ס'איז אַמאָל געווען, וועט צוריק זיין — האָט ד"ר דיהאַן באַהויפּטעט צו זיין ווייב — אַזוי שטייט געשריבן אין די הייליגע שריפטן פון די תורה, אַז דאָס אידישע פאָלק וועט נאָך אַמאָל צוריק דערהויבן ווערן איבער אַלע פעלקער, זי וועט זיין אַ ליכט־טורעם און אַ וועג־ווייזער פאַר די מענטשהייט. מ'דאַרף נאָר האָבן געדולד און אויסדויער, עס איז נאָך נישט געקומען די צייט.

און דאָס וואָס זיי טוען אונז אויסלאַכן און פאַרפאַלגן, איז נאָר פאַר קנאה און לייכטזיניגקייט. דאָס שלעכטע און פאַרדאָרבנקייט פון דער וועלט, וועלכעס איז היינט אויפ׳ן אויבערפלאַך, וואָלט געוואָלט דערשטיקן דעם מאָראַל און ליכטיקייט וועלכעס גרייט זיך צו אַנטפלעקן. אָבער דאָס וועט זיי נישט געלונגען, ווייל „שקר״ איז אַ פאַרבייגייענדיגע זאַך, און „אמת״ איז אַ אייביגקייט.

העלענע איז נישט געווען פעהיג צו באַגרייפן די זאַכן. זי האָט נישט געוואָלט זיך אָפזאָגן פון די איזיגערופענע פרייהייט, און גענוס, און לוקסוס, וואָס דאָס גוי׳אישקייט גיט איר. זי האָט זיך אויסגעוועלט דעם צווייטן וועג.

„יאָאַכים״ און „העלענע״ האָבן זיך צעשיידט אויף אייביג.



ד״ר דיהאַן האָט איצט געהאַט פאַר זיך אַ פרייעם וועג צו דערנענטערן זיך צו אידישקייט אין פראַקטיק. און ער האָט זיך טאַקע פאַרנומען אין דעם גאַנג.

דאָס ערשטע האָט ער אויסגעפונען אַז זיין אידישער נאָמען איז „יעקב ישראל״. ווייל גראַדע האָבן זיינע עלטערן יאָ געפראַוועט אַ ברית ביי זיין געבוירן ווערן, אויפ׳ן אידישן שטייגער. אַזויפיל האָט זיין פאָטער געטאָן צו־ליב זיין נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם פאָטער, ר׳ יעקב ישראל, וועלכער איז געוועזן אַ העכסט רעליגיעזער מענטש. און געבנדיג אַ נאָמען זייער ביי געבוירן קינד „יעקב ישראל״ נאָך זייער פאָטער, האָט ער געוואָלט אַז די צערעמאָניע זאָל ווערן געפראַוועט לויט זיין פאָטער׳ס געפילן, אויפ׳ן העכסט אָרטאָדאָקסישן שטייגער.

ר׳ יעקב ישראל דיהאַן האָט אָנגעהויבן צו לייגן תפילין, עסן כשר׳ס, היטן שבת א. א. וו. און ער איז שוין געווען פעהיג אַליין צו לערנען אין אַ „קיצור שולחן ערוך״ צו וויסן די דינים וויאַזוי אַ איד דאַרף זיך פירן.

אין די גוי׳אישע וועלט אין אַמסטערדאַם האָט עס געקראַכט ווי אַ דונער, אַז פראָפעסאָר דיהאַן, דער גרויסער קענער און נאָבעלער מענטש, אַ „מקורב למלכות״ איז געוואָרן אַ רעליגיעזער איד, און האָט זיך געשיידט פון זיין גוי־איש ווייב, די טאָכטער פון דעם גרויסן פריץ און אַריסטאָקראַט.

גראַדע די אמת׳ע אינטעליגענטע גוים, און די גרויסע וויסנשאַפטלייט, זיינע קאָלעגן, האָבן אים נישט פאַראורטיילט פאַר זיין שריט. זיי האָבן געוואוסט וואָס ס׳איז פאַרגעקומען אין יענעם אָווינט ביי דעם פייערונג אין קייזערליכן הויף, און זיי האָבן באַהויפטעט אַז גראַדע איז דער שריט פון ד״ר דיהאַן׳ען אין איינקלאַנג מיט זיין שטאַרקן כאַראַקטער, און אויסגעהאַלטנקייט.

און יענער פאַסירונגביים פייערונג איז געווען דער שטויסקראַפט דערצו.

דער אויבנדערמאָנטער רב וועלכער האָט געגעבן די ערשטע לעקציעס אין אידישקייט פאַר ד״ר דיהאַן, כאָטש ער אַליין איז געווען אַ ערליכער, אָבער

פאַרט אַ מאָדערנער, האָט ער געהאַלטן אַז מ׳קען נישט ד״ר דיהאַן׳ען באַלד אַריינפירן אין אַ חסיד׳ישע אָדער אולטראַ־אָרטאָדאָקסישע געזעלשאַפט. האָט ער אים אַריינגעפירט אין די „מזרחי״ אַ רעליגיעזע־ציוניסטישע פּאַרטיי אין אַמ־סטערדאַם. דענקענדיג אַז די אידיאָלאָגיע פון די מזרחי, וועלכע אַרבעטן אויך פאַר אַ נאַציאָנאַלן היים אין ארץ ישראל, וועט ד״ר דיהאַן׳ען אימפּאָנירן.

ד״ר דיהאַן האָט זיך אַנגעשלאָסן אין דער „מזרחי״. זיי האָבן זיך זייער דערפרייט מיט אים. ס׳האָט דערהויבן דעם פּרעסטיזש פון די מזרחי גאָר הויך. אַז אַזעלכע גיניאַלע מענטשן ווי פּראָפעסאָר דיהאַן געפונען זיך דאָרט אַן אָרט, איז אַ סימן אַז ס׳איז אַ געהויבענע אידיאָלאָגיע.



ד״ר דיהאַן וועלכער האָט זיך שוין היינט גערופן ר׳ יעקב ישראל, האָט געפילט אַז אַמסטערדאַם איז פאַר אים צו ענג צו שטייגן אין אידישקייט, און אויך פאַר אויסנוצן זיינע קענטעניסן — כאָטש טיילוויי — פאַר אידישקייט וועגן. און דערצו האָט אים „ארץ ישראל״ דאָס הייליגע לאַנד, מיט איר הייליגן פּראַכטפולן פאַרגאַנגענע היסטאָריע, זייער געצויגן און געלאָקט. האָט ער באַשלאָסן שטיין לאָזן אַמסטערדאַם, מיט גאַנץ אייראָפּא — וועלכעס דערמאָנט אים אויף נישט אַן אַנגענעמען פאַרגאַנגענהייט — און וועט עולה זיין אויף ארץ ישראל.

געטראַכט און געטאָן. ער האָט ליקווידירט זיינע אַלע זאַכן. ער האָט זיך פאַרזיכערט מיט אַ שטיקל איינגאַמע זייענדיג אין ארץ ישראל, נעמליך, ער האָט אַנגענומען ביי אַ גרויסע איינפלוסרייכע האָלאַנדישע צייטונג, צו ווערן זייער רעפּאָרטער אין „מיטל מזרח״, און ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

די „מזרחי״ אין אַמסטערדאַם האָט איינגעאָרדנעט אַ גרויסאַרטיגן „געזעגענונגס־באַנקעט״ פאַר ד״ר יעקב ישראל דיהאַן, צוליב זיין פאַרלאָזן אַמ־סטערדאַם, צו פאָרן קיין ירושלים. און זיי האָבן זיך אויך פאַרבונדן מיט די מזרחי פון ירושלים, פאַרשטענדיגט זיי אַז ס׳קומט אַן אַהין זייערס אַ גאָר חשוב׳ער מיטגליד ד״ר יעקב ישראל דיהאַן, אַ באַרימטער פּראָפעסאָר פון געזעצגעבונג, וועלכער וועט שטאַרק צונוץ קומען פאַר די פּאַרטיי, דעריבער איז בויטיק מ׳זאָל אים מקבל פּנים זיין ווי געהעריג, איינאָרדענען אים אַ קבלת פּנים־באַנקעט, און באַגריסן אים צו זיין באַזעצן זיך אין ירושלים.



פערצן טעג אין סיון, שנת תר״פ, איז ד״ר יעקב ישראל דיהאַן אַנגעקומען אין ארץ ישראל.

די מזרחי אין ירושלים האָט טאַקע איינגעאָרדנט אַ קבלת פּנים פאַר ד״ר דיהאַן מיט אַ גרויסע פּאָמפּע. דעם ענגלישן מושל׳ס ערשטער סעקרעטאַר מיט זיין גאַנצע סוויטע האָבן דערין אַ טייל גענומען. ד״ר דיהאַן׳ס נאָמען איז געווען

גרויס אין ענגלאַנד ביי די ענגלישע רעגירונג, און ס'איז געקומען אַ באַפעל צו די מאַנדאַטורישע רעגירונג אין ירושלים, אַז זיי זאָלן אַנטייל נעמען אין זיין „קבלת פנים" צערעמאָניע, און באַגריסן אים צו זיין באַזעצן זיך אין ירושלים.

זעלבסטפאַרשטענדליך אַז דער „רב הראשי קוק" איז דאָרט געווען פון אויבנאַן „בראש הקרואים". ער האָט געהאַלטן אַ קבלת פנים רעדע, און האָט אויפגעהויבן ד"ר דיהאַן'ס פאַרזענלעכקייט ביז גאָר הויך, אויפן געביט פון וויסנ־שאַפט און באַשיידנהייט, און אַ אמת'ער כאַראַקטער, וועם ס'איז נישט מעגליך אַראָפצובייגן פון אמת פאַר די גאַנצע וועלט'ס געלט נישט.

ד"ר דיהאַן איז געווען זייער גערירט פון דעם קבלת פנים. ער האָט גע־ענטפערט מיט אַ ערנסטן שטילן טאָן:

— איך פאַרדין נישט דעם קבלת פנים וואָס מ'האָט מיר דאָ צוגעגרייט, איך בין נישט ווערט די אַלע ליבע געזאַנגען מיט וועלכע מ'טוט מיך דאָ באַ־שיטן. איך בין נישט קיין אויסנאַם־פערסאָן, איך בין אַ פשוט'ער מענטש וועל־כער וויל און שטרעבט צו טאָן זיין פליכט אויף דער וועלט. און וויל דינען די אינטערעסן פונ'ם פאָלק ישראל אין ארץ ישראל, כדי צו טאָן דערמיט נחת רוח פאַר אונזער ג־אט אין הימל.

איך דאַנק זיין עקסעלענץ דעם מושל פון ארץ ישראל, וועלכער האָט געשיקט זיין סעקרעטאַר מיט זיין געהויבענע סוויטע — האָט ד"ר דיהאַן פאַר־געזעצט — וועלכע זענען געקומען מיך צו באַגריסן אין נאָמען פון די ענגלישע רעגירונג, איך בין נישט ווערט דעם כבוד. און צו דעם געלעגנהייט פון מיין באַזעצן זיך דאָ אינ'ם הייליגן לאַנד, אין די הייליגע שטאָט ירושלים, וויל איך דאָ אויסדרוקן מיין שטאַרקן האָפנונג, אַז די ענגלישע רעגירונג, וועם די „השגחה עליונה" האָט איבערגעגעבן דעם מאַנדאַט איבער ארץ ישראל, דאָס לאַנד פון אונזערע אבות „אברהם יצחק ויעקב" בין איך זיכער אַז אלס „בייבל פאָלק" וועלן זיי קוקן גינסטיג, און מיט אַ גוט אויג, אויף אַ בליענדיגן ישוב פון אידן דאָ, וועלכע ווילן זיך פירן „בקדושה ובטהרה" אויף אַ אמת'דיגן תורה'דיגן וועג, און אויך אַזוי ערציען זייערע קינדער, ווי ס'פּאַסט פאַרן הייליגן לאַנד, כדי אַז דעם אַלטן תורה'דיגן גייסט וועלכעס איז דאָ געלייגט געוואָרן אַלס פונ־דאַמענט פון די תנאים ואמוראים, פון די נביאים און פון די אבות הקדושים, זאָלן זיי קענען פאַרזעצן, ביז אונזער אויסלייזער „משיח צדקינו" וועט קומען, און דאָס „בית המקדש" וועט צוריק געבויט ווערן, און „מלכות בית דוד" וועט באַנייט ווערן, במהרה בימינו אמן.

די רעגירונגס דעפוטאַציע איז געווען — קענטיג — צופרידן פון ד"ר דיהאַן'ס קורצע אָבער אינהאַלטסרייכע רייד, זיי האָבן געפּאַטשט „בראַוואָ" ביים ענדיגן די רעדע. אָבער די מזרחי פירער מיט'ן רב קוק בראש, זענען עפּעס נישט געווען צופרידן פון די רייד, ס'איז נישט געווען אין גאַנצן אין איינקלאַנג מיט זייערע נאַציאָנאַלע שטרעבונגען. ער האָט נישט געמאָלדן דעם „באַלפור דעקלאַ־ראַציע" און נישט אויפגעבערענגט די פאָדערונג פון די אידן, צו ווערן די הער־

שנדע מאַכט מיט אַ אויטאָנאָמיע אין ארץ ישראל. ער האָט נאָר גערעדט אַביסל פאַרפרומטע רייד, און געשטעלט דעם צוקונפט דורכאויס אויף ביאת משיח צדקינו. אָבער זיי האָבן זיך דאָך אַנגעשטרענגט צו ברענגען אַ שמייכל אויף די ליפּן, און געווייכט צו אים אַ האַנט. דענקענדיג אין האַרצן אַז ד"ר דיהאַן איז אַ תמימות'דיגער האָלענדישער בעל תשובה, און איז נאָך נישט אַזוי באַהאַוונט אינ'ם ארץ ישראל פּאָליטיק, אָבער מיט דער צייט וועט מען אים שוין „מסדר" זיין.

די רעגירונג אין ארץ ישראל האָט געגעבן פאַר ד"ר דיהאַן'ען אַ חשוב'ן פּאָסטן מיט אַ שיין געהאַלט, בעמליך, ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס פּראָפעסאָר אויף געזעצגעבונג פון די רעגירונג, און ער האָט געהאַלטן לעקציעס דריי מאָל אַ וואָך.

אין זיין פרייע צייט איז ער אויך נישט געזעסן איינגעלייגט און באַהאַלטן אין אַ ווינקל, ער — ד"ר דיהאַן — איז נישט געווען פון דעם טייפּ. האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון די „מזרחי" ער האָט פאַרטרעטן זייערע אינטערעסן ביי די רעגירונג מיט גרויס ערפאָלג. זיי האָבן נישט געהאַט אַזאַ מענטש אַ צווייטן, מיט אַזאַ איינפלוס און קענטעניש. זיי האָבן אים ביי יעדע געלעגנהייט געהויבן און געקרוינט, און אַרויסגעהויבן זיינע פאַרדינסטן. דער רב קוק אַליין האָט זיך מיט אים געצאַצ'קעט, ער האָט אים צוגעזאָגט צו לערנען מיט אים „נסתר" און „קבלה".

די שמחה האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. ד"ר דיהאַן'ס איידעלער נפש האָט שנעל דערפילט אַז די ציוניסטישע אַקטיוויטעטן פון די רעליגיעזע פאַרטייי, זענען נישט אין אָרדענונג, און די מזרחי'סטישע אידיאָלאָגיע אַליין איז שטאַרק פעלערהאַפטיג, זי שפּילט אַריין אין די הענט פון די פרייע כופר'ישע ציוניסטן.

דערצו האָט ער זיך דערוואוסט פון די פאַרפאָלגונגען, וואָס מ'רודפ'ט דעם „יהדות החרדית", וועלכע זענען אַרויס פון די קהילת ירושלים „כנסת ישראל" וועלכע איז אונטער'ן „וועד הלאומי". און די אומאויפהערליכע פּרואוון און אָנשטרענגונגען פון די ציוניסטן זיי צו באַהערשן.

ביי אַ געלעגנהייט האָט ער זיך אַמאָל באַגעגנט מיט הרב הגאון הצדיק רבי יוסף חיים זאָננענפעלד, זיין הייליגע צורה האָט אויף אים געמאַכט אַ אויסערגעוויינליכן איינדרוק, אויף זיין אינטערעסירן זיך האָט מען אים ערקלערט, אַז דער איז דער „רב הראשי" פון דעם אויבנדערמאָנטן „יהדות החרדית". ער האָט זיך געמאָלדן ביי אים אויף אַ אוידיענץ, ער איז אַוועק צו אים אין זיין באַשיידענעם צוויי צימערדיגע וואוינונג אין „בתי מחסה" אין די אַלטע שטאָט. ער האָט געהאַט מיט אים אַ לאַנגן געשפרעך. הרב זאָננענפעלד האָט אים אויפגעקלערט די שיטה פונ'ם „יהדות החרדית" אנבעלאַנגט דעם ציוניזום, וועלכע ווילן אויסוואָרצלען יעדעס ביסל תורה'דיגע אידישקייט, און מאַכן דעם פאָלק ישראל אין ארץ ישראל גלייך ווי אַלע פעלקער „ככל הגוים בית ישראל" ח"ו.

און די ביטערע שווערע נסיונות וואָס דער „יהדות החרדית" האָט פון זיי אויס־צושטיין אויף טריט און שריט.

ד"ר יעקב ישראל דיהאַן האָט געקוקט די גאַנצע צייט אין הרב זאָננענ־פעלד'ס מויל אַריין, און ער איז געוואָרן אַזוי שטאַרק בעאיינדרוקט פון זיינע רייד, ווי ער וואָלט געהערט פייערדיגע ווערטער אויפ'ן באַרג סיני.

הרב זאָננענפעלד האָט אים געראָטן, ער זאָל מאַכן אויך אַ באַזוך ביים אַלטן גאון רבי יצחק ירוחם דיסקין. ער האָט אַזוי געטאָן. רבי יצחק ירוחם דיסקין האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט אים עטליכע שעה.

ד"ר דיהאַן איז געווען אַזוי בערוישט און בעאיינדרוקט פון דעם אַלעמען, אַז ער האָט געפילט ווי ער איז אויפסניי געבוירן, ערשט איצט דאַרף ער אָנהייבן צו ווערן אַ „איד" ווי ס'באַדאַרף צו זיין. ער האָט נישט קיין סאַך געטראַכט, מיט זיין שטאַרקן כאַראַקטער האָט ער שוין באַשלאָסן אָפּצוהאַקן מיט זיין ביז איצטיגן אַרבעט און איינשטעלונג אין ירושלים. ער איז אַריבער איבּ'ם לאַגער פונ'ם געלייטערטן יהדות החרדית.

ער האָט געזאָגט צום רב רבי יוסף חיים:

הרב זאָננענפעלד איך בין אייערס אַ קנעכט, איך וויל דינען די אינטער־רעסן פונ'ם יהדות החרדית, לויט אייער איינשטעלונג און אייערע אָנווייזונגען.

*

מ'קען זיך פאָרשטעלן וואָס פאַרא שטורעם ס'האָט אָנגעמאַכט דער באַ־שלוס פון ד"ר דיהאַן, נישט נאָר ביי רב קוק און ביי די מזרחי, וועלכע האָבן אין אים פאַרלוירן אַזאַ וויכטיגן אייגפלוסרייכן מיטגליד, נאָר אויך די גרויסע ציוניסטישע פירער'ס האָט עס שאָקירט, אַז ד"ר דיהאַן איז געוואָרן דער פאַ־טראָן פון דעם געהאַסטן „יהדות החרדית". זיי האָבן נישט מורא געהאַט פון הרב זאָננענפעלד, און נישט פון ר' ראובן שלמה יונגרייז מיט ר' משה בלוי, אָבער פאַר ד"ר דיהאַן'ס פערזענליכקייט האָבן זיי מורא געהאַט. ער קען זיך פאַרמעסטן מיט זיי אין קאַמף מיט מאָדערנע מעטאָדן, צו וועלכן זיי זענען נישט געווען געוואוינט.

רב קוק האָט אים געלאַזט רופן צו זיך. ער איז געקומען. ס'זענען אויך דערביי געווען עטליכע „מזרחי" פירער'ס. רב קוק האָט אים פּרובירט אויפ־קלערן וואסערע פעלערשריט ער גייט טאָן, ער שטעלט זיך אין דינסט פאַר „בעלי מחלוקת", וואָס זייער גאַנצע אַרבעט איז נאָר צו זוכן פעלערס ביי יע־נעם, אָבער אויפצוטאָן פאָזיטיוועס פאַר'ן כלל ישראל, נישט זיי ווילן און נישט זיי קענען. און אַפילו אויפ'ן בעסטן פאַל, ווען זיי וואָלטן יאָ געהאַט גוטע כוונות, הייסט עס, אַז ער — פּראָפעסאָר דיהאַן — לייגט זיך אַריין אין אַ סדום'ער בעטל אין וועלכן מ'קען זיך נישט צעשפּרייטן, דאָרט ווי ער האָט די פעהיגקייטן אויפצוטאָן פאַר'ן כלל ישראל אויפ'ן אוניווערסאַלן אופן.

ד"ר דיהאַן האָט אים געענטפערט קלאָר און דרייסט, בדרך כבוד:

— כבוד הרב קוק! איך האָב אָוועקגעוואָרפן אוניווערסאַלן רום, און איך האָב צעבראָכן מיין קאַריערע אין די הערשנדע וועלט, איך האָב אויך צעבראָכן מיין פאַמיליע לעבן. בישט איבערדעם אַז איך זאָל שטיין בלייבן אין מיטן וועג, ביי צווייפל־האַפטיגע זאַכן. איך האָב הייגט נאָר איין באַגער „צו דינען ג־ט"! און ווי וויט מעגליך צופאַרריכטן מיין פאַרגאַנגענהייט, דעריבער האָב איך באַשלאָסן צו באַהעפטן זיך אין הרב זאָננענפעלד'ס „יהדות החרדית", ווארים איך בין ביי דער איבערצייגונג אַז זיי זענען פרומער, און מייגען מיט בעסערע כוונות נחת רוח אַנצוטאָן פאַר'ן באַשעפער פון דער וועלט. ווען איך וואָלט געוואוסט אַז ס'איז דאָ אַ גרופּע וועלכע זענען נאָך פרומער פון זיי, וואָלט איך זיך באַהאַפטן אין יענע גרופּע, אָבער דערווייל איז עס נישטאָ.

מיט דעם האָט זיך געענדיגט זיין וויזיט ביים רב קוק.



ד"ר יעקב ישראל דיהאַן איז אַריבער צום יהדות החרדית, ער האָט גענומען די אַרבעט אין האַנט אריין. זיין אויפגאַבע איז געווען, צו פאַרזיכערן דעם עקזיסטענץ פון אַ אומאָפּהענגיגן „קהילה חרדית" אין ירושלים, אויסצואַרבעטן זייערע רעכטן. ר' ראובן שלמה יונגרייז און ר' משה בלוי האָבן אים נאָר צוגעשטעלט די אַרבעט, און ער — ד"ר דיהאַן — האָט דאָס אויסגעקעמפט ביי די רעגירונג.

ער איז געקומען גראַד אין די בעסטע צייט, ווען מ'האָט געהאַט אין דער האַנט דעם אויבנדערמאָנטן „זכות היציאה" — אַרויסצוגיין פון די גרויסע ציוניסטישע קהילה „כנסת ישראל", מ'האָט אָבער נישט געוואוסט ווי מ'גייט אַ שפּאַן ווייטער, די ציוניסטן האָבן געשטעלט מורה'דיגע שטרויכלונגען. ד"ר דיהאַן האָט גענומען די זאַכן אין האַנט אריין, און ס'האָט זיך גערירט אויף פאָראויס. ער איז געווען אַ אויסגעשולטער דיפּלאָמאַט, ער האָט געוואוסט וויאַזוי זיך צופאַרבינדן מיט די הויפּט־רעגירונג אין לאָנדאָן. ער האָט באַנייט זיינע באַציאונגען מיט פאַרלאַמענט מיטגלידער, וועלכע ער האָט געקענט פון פריער. ער האָט זיך פאַרבונדן מיט גרויסע צייטונגען אין ענגלאַנד. אומעטום האָט ער געשטורעמט אויף די פּאָליטישע פעלערס וואָס די ציוניסטישע פירערס מאַכן, זיי ווילען אונטערדריקן די געפילן פון די מאַסן. זיי ווילן מאַכן אין ארץ ישראל אַ סאָציאַליסטיש־עטאַאיסטיש לאַנד. און ער האָט אויפגעקלערט איבעראַל אַז זיי האָבן נישט קיין רשות צו רעדן אין נאָמען פון כלל ישראל.

די גרויסע ציוניסטישע שישקע־פּילווערס האָבן געקריצט מיט די ציין. זיי האָבן דאָס נישט געקענט אָראָפּשלונגען. אויף אַזאַ מין דעפענסיוו פונ'ם בטל־נישן „יהדות החרדית" האָבן זיי זיך נישט גערעכנט.

ס'איז גערופן געוואָרן פונ'ם „וועד הלאומי" אַ גענעראַל פאַרזאַמלונג, וואסערע מעטאָדן מ'זאָל אָננעמען קעגן ד"ר דיהאַן. ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אַז מ'דאַרף זיך נעמען צו רודפ'ן אים מיט וואָס פאַראַ וועג ס'זאָל נישט זיין. ער איז אַ געפערליכער עלעמענט.

צום ערשטנס — האָבן זיי באַשלאָסן — דאַרף מען צוברעכן זיין פּינאַנ־ציעלן עקזיסטענץ. מיר האָבן געהאַט אויבן געשריבן, אַז בעפאַר ער איז גע־קומען אויף ארץ ישראל האָט ער זיך באַזאָרגט מיט אַ שטעלע אין אַ גרויסע האָלענדישע צייטונג, אַלס זייער רעפּאָרטער פון מיטל מזרח. האָבן זיך די ציו־ניסטן פאַרבונדן מיט די צייטונג אין אַמסטערדאַם, און אויסגערעדט אויף אים „כל דבר אסור", אַז ער האָט זיך פאַרנומען אויף ליבקע געשעפטן, און זיינע רעפּאָרטן זענען נישט פאַרלעסליך, ער איז פאַרהאַסט אין גאַנצן לאַנד א. א. וו. זיי האָבן אויך אונטערגעשטעלט פּערזענליכקייטן פון אַמסטערדאַם גופא, וועל־כע זענען אַריין אין רעדאַקציע פון דעם צייטונג, און האָבן אים דאָרט שטאַרק באַשמוצט. די בעלי בתים פונ'ם צייטונג זענען בעאיינפלוסט געוואָרן, און זיי האָבן אַנגעהויבן צעביסלעך רעדוצירן זיין געהאַלט, ביז ס'איז צוגעקומען צו אַ מינימום.

די ציוניסטן האָבן אויך אַנגעווענדעט שריטן, אַז די רעגירונג זאָל אים אַפּזאָגן דעם פּאָסטן פון צו געבן לעקציעס אין געזעצגעבונג, צו דעם האָט זיי צוגעהאָלפן דער יורדישער ראַטגעבער פון די רעגירונג, מר. בענטאַוויץ וועל־כער איז געווען אַ ענגלישער איד און אַ ציוניסט. האָבן זיך אָבער אַריינגע־מישט אויף זיין זייט מיניסטאָרן און רעגירונגסלייט פון לאָנדאָן. זענען די ציו־ניסטן געפאַלן אויף אַ המצאה, זיי האָבן אַנגערייצט אין אים זיינע תלמידים פאַר וועלכע ער האָט געהאַלטן זיין לעקציע. זיי האָבן באַיקאַטירט זיינע פאַר־טראַגן, אָדער זיי האָבן אים איבערגעהאַקט מיט חוצפה'דיגע רייד. בענטאַוויץ האָט געוויזן אַ פּנים פון מיטלייד, ער האָט פּרובירט צו פאַרמיטלען, ער האָט געוואָלט אויף אים משפיע זיין ער זאָל אויפגעבן זיין שוץ און פאַרטיידיגונג צום יהדות החרדית, איז, אויסער וואָס ער וועט בלייבן אויף זיין פּאָסטן ביי די רעגירונג, וועט אים די ציוניסטישע לייטונג אויך געבן אַ הויכע פּאָזיציע מיט אַ גרויס געהאַלט.

ד"ר דיהאַן האָט אים געענטפערט מיט אַ איראָנישן שמייכל:

— ס'וואונדערט מיך אויף אייך מר. בענטאַוויץ, ווי אייער פון די ענג־לישע אַדל־לייט, זאָלט איר מיר ראָטן צופאַרבייטן אַן „אידייע", אַן איבערציי־גונג, אויף מאַטעריעלן געניס ? ! ביי מיר איז אַזאַ זאַך נישט פאַרהאַן !

די רעגירונג האָט אים ווייטער געצאַלט זיין געהאַלט, ביז ס'איז געקומען דערצו, אַז ער האָט געדאַרפט האַלטן זיינע לעקציעס פאַר צוויי אָדער דריי צוהערערס, און אַפטמאָל פאַר די פיר ווענט פונ'ם זאַל. ד"ר דיהאַן האָט געזען אַז ס'קען זיך אַזוי נישט ציען ווייטער, האָט ער זיך אַליין אַנטזאָגט.

פון דעמאָלס אָן האָט ער געלעבט פון מזומן געלט — נישט קיין גרויסע סומע — וועלכע ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון האָלאַנד.

ד"ר דיהאַן האָט געפונען אַ פאַרגיטיגונג און דערקוויקונג, אין דעם וואָס זייי אַרבעט לטובת היהדות החרדית איז געווען געקרוינט מיט דערפאָלג.

איבער אַ קורצע צייט — פאַרהעלטניסמעסיג — האָט ער אויסגעפועל׳ט די פאָלגענדע ערריינונגען:

1) אַ סטאַטוס פאַר אַ זעלבסטשטענדיגן קהילה חרדית מיט׳ן נאָמען „וועד העיר האשכנזי״, מיט אַלע רעכטן פון אַ געמיינדע, הייראַט, גיטין א. א. וו.

2) אַ סטאַטוס פון אַ זעלבסשטענדיגן „רבנות״ מיט אַ בית דין.

3) אַ זעלבסשטענדיגע באַזונדערע שחיטה.

דאָ ביי די באַזונדערע „שחיטה״ האָט די ציוניסטישע קהילה אָנגעווענ־דעט אויסערגעוויינליכע כחות, אַז ס׳זאָל נישט צושטאַנד קומען די אָפּגעטיילטע שחיטה פונ׳ם קהילה חרדית. זיי איז געגאַנגען אין לעבן נישט מוותר צו זיין אויף די „גאַבעללא״ (שטייער) פון די קצבים.

ד״ר דיהאַן איז געגאַנגען אין דעם אנגעלעגענהייט אויף אַ אוידיענץ צום ענגלישן מושל, ס׳זענען מיטגעגאַנגען דער רב רבי יוסף חיים, און ר׳ ראובן שלמה יונגרייז. דער מושל האָט פאָרגעלייגט אַ פשרה, די שחיטה פון די קהילה חרדית זאָל טאַקע זיין אַ באַזונדערע און אַ זעלבסשטענדיגע, באַר די „גאַבעללא״ זאָלן די קצבים ווייטער צאָלן אין די גרויסע געמיינדע, דערפאַר זאָל די גרויסע געמיינדע פאַרפליכטעט זיין צו דעקן אַלע שפעזנס פון די גאַנצע „שחיטה״ אַפּאַראַט פון די קהילה חרדית.

הרב זאָננענפעלד דענקענדיג אַז — באין ברירה — וועט מען אפשר מוזן אין אָנהייב אויף די פשרה איינגיין, האָט מען זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס איבער׳ן בודזשעט פון די שחיטה, וועלכעס די גרויסע געמיינדע וועט דאַרפן פינאַנסירן. הרב זאָננענפעלד האָט געזאָגט אַז מ׳דאַרף צוויי שוחטים, צוויי משגיחים, צוויי מנקרים, און איין שומר. דער מושל האָט געזאָגט אַז לויט זיין מיינונג איז פאַר אַזאַ געמיינדע גענוג איין שוחט, איין משגיח, איין מנקר און איין שומר.

פלוצים האָט זיך ד״ר דיהאַן אויסגעדרייט צו הרב זאָננענפעלד און גע־שטעלט אים אַ פראַגע:

— זאָגט הרב זאָננענפעלד, דער טויער באַשיצער — ביי אַ פוטבאָל שפּיל — וויפיל שריט ווייט פונ׳ם טויער דאַרף ער שטיין? הרב זאָננענפעלד איז געוואָרן דערוואונדערט אויף די שאלה פון ד״ר דיהאַן, און ער האָט — זעלבסטפאַרשטענדליך — געענטפערט אַז ער ווייסט נישט.

האָט זיך ד״ר דיהאַן געווענדעט צום מושל, און געבעטן פון אים — מיט אַנטשולדיגונג — ער זאָל אים ענטפערן אויף די דאָזיגע שאלה.

דער מושל האָט געענטפערט מיט אַ שטאַרקן שמייכל: — עלף שריט ווייט.

כ׳האָב געוואָלט נאָר ווייזן פאַר זיין עקסעלענץ — האָט ד״ר דיהאַן גע־זאָגט — אַז הרב זאָננענפעלד וועלכער איז באַוואוסט פאַר אַ גרויסן גאון אין לערנען, אָבער אין אַ זאַך אין וועלכן ער האָט קיין באַגריף קען ער גאָרנישט ענטפערן, און ס׳וואָלט אים זיכער נישט געקומען אין די געדאַנקען צו וועלן

זאָגן אַ מיינונג אין דעם. זאַנדערן מ׳מוז דאָס פרעגן אייַנעם וואָס ער האָט אין די זאַכן אַ באַגריף. דאָס זעלבע אויך אין „הלכות שחיטה״ — האָט ד״ר דיהאַן אויסגעפירט — האָט זיין עקסעלענץ נישט קיין באַגריף, מוז מען דאָס פרעגן דורכאויס דעם הרב זאָננענפעלד, וועלכער איז אין דעם דער ספעציאַליסט.

דער מושל האָט זיך צעלאַכט אויף דעם ספעקטאַקל פון ד״ר דיהאַן. אויף אַלעמען האָט איר עפּעס אַ גוטן משל — האָט ער אים געזאָגט.

*

ד״ר דיהאַן איז שטענדיג געשטאַנען ווי אַ זשאַנדאַר אַפּצוהיטן דאָס ביסל וואָס מ׳האָט שוין מיט שוועריג מי אויסגעקעמפט. די ציוניסטן זענען נישט מיד געוואָרן באַכאַמאַל און נאָכאַמאָל צו פּרובירן אומצושטאַרצן דאָס וואָס מ׳האָט שוין שווער און ביטער ערררייכט. און ביי די מינדעסטע געלעגנהייט וואָס זיי האָבן זיך געקענט עפּעס טשעפּען, האָט מען געדאַרפט די מלחמה אָנהייבן ווי אויפסניי.

פּאַר אַ ביישפּיל, די ציוניסטישע קהילה האָט איינקאַסירט „מס מצה״ (מצה שטייער) פון יעדן איד אין ירושלים, און אַלע אויבנס האָבן געדאַרפט זיין רעגיסטרירט ביי זיי. איז, שוין נאָך דעם וואָס די קהילה חרדית איז געווען אַ אַנערקענטע סעפּערירטע קהילה פאַר זיך, האָט די גרויסע קהילה נאָך געהאָט אַ לעגיטימע רעכט אייַנצוקאַסירן די „מס מצה״ אויך ביי אַלע מיטגלידער פון די קהילה חרדית.

דער קאַמף אַ קעגן דעם איז אַנגעגאַנגען עטליכע יאָר מיט מסירת נפש. ס׳איז אַזוי ווייט געקומען אַז ד״ר דיהאַן האָט געגעבן אַ באַפעל פאַר אַלע מיט־גלידער פון די קהילה חרדית, זיי זאָלן נישט באַצאָלן די „מס מצה״, און ער האָט אויסגעלייגט פון זיין קעשענע די גאַנצע „מס מצה״ וויפיל ס׳וואָלט געווען באַטראָפן. ער האָט עס אַרויפגעטראָגן צו די רעגירונג און ערקלערט, אַז די מיטגלידער פון די קהילה חרדית ווילן נישט באַצאָלן דעם „מס״ ווייל ס׳איז קעגן זייער געוויסן, באַר אַזוי ווי דערוויייל האָט נאָך די גרויסע קהילה אַ רעכט דאָס אייַנצוקאַסירן, לייגט ער דאָס אויס פון זיין קעשענע, ער וועט עס צוריק אָפּנעמען ווען ס׳וועט אים געלונגען צו צעברעכן דעם נישט יושר׳דיגן געזעץ. סוף איז אים טאַקע געלונגען בעזה״י אויסצוקעמפן אַז דער געזעץ פון „מס מצה״ איז בטל געוואָרן, אָבער ער האָט זיך זיין געלט נישט צוריק אָפּגענומען.

*

די פרייע האָבן אים אַלס מער און מער גערודפ׳ט, זיי זענען אים דער־גאַנגען די יאָרן ביי טריט און שריט. די צייטונגען האָבן געהעצט אַ קעגן אים עפנטליך. ביי צוזאַמענקונפטן האָבן די רעדנערס געפאָדערט אים אָפּצוראַמען פון וועג... ס׳איז אַ פליכט! ס׳וועט זיין אַ פּאַטריאָטישער טאַט! ער איז אַ פאַר־רעטער... אַ מסור...

אַ פאַראַנטוואָרטליכער פירער פונ׳ם ציוניזם האָט געשריגן אין זיין רעדע — וואו איז אונזער יוגענט, אַז אַזאַ מענטש דרייט זיך נאָך צווישן די לעבעדיגע...?

ס׳איז געווען נאָך אַזעלכע פלאַטשיגע „תמימים״ וועלכע זענען געלאָפן צום רב קוק, היתכן, ער שווייגט? אַז מ׳הערט עפנטליך אַזעלכע רייד? מ׳ווער דאָך אים דערמאָרדן אין קאַלט בלוט.

ער איז זיך אַליין שולדיג — האָט רב קוק געזאָגט — אַ קלוגער מענטש מאַכט זיך אַזוי נאַריש. ער שטעלט זיך איין דאָס לעבן. זאָל ער אויפהערן מיט די זאַכן.

אָבער דער רב מעג דאָך ערקלערן עפנטליך אַז ס׳קומט אים בישט צו הרג׳ענען — האָבן מענטשן געטענה׳ט — ער קעמפט פאַר אַ אידייע מיט זיין איינשטעלונג, ער באַשמוצט בישט, ער קעמפט אויף אַ לעגאַלן וועג, ער טוט זיינע זאַכן מיט אַ ערליכע כוונה. דער רב אַליין האָט דאָך געזאָגט ביי זיין קבלת פנים ווען ער איז אָנגעקומען אין לאַנד, אַז ער — ד״ר דיהאַן — וועט נישט פאַרבייגן דעם אמת פאַר די גאַנצע וועלט׳ס געלט.

איך קען פאַר אים גאָרנישט טאָן — האָט רב קוק נאָכאַמאָל געזאָגט — די אַלגעמיינע שטימונג איז זייער צאָרנדיג אַ קעגן אים. די יוגנט איז שרעקליך אויפגעברויזט. אַז איך זאָל זיך פאַר אים איינשטעלן, שטעל איך מיך אַליין איין. אַז אַ מענטש קען זיך אַליין העלפן און העלפט זיך בישט, קען ער בישט דערוואַרטן אַז אַ צווייטער זאָל זיך פאַר אים איינשטעלן — דאָס זענען געווען רב קוק׳ס פאַלשע קאָמענטאַרן.



אין דער אמת׳ן — קען מען זאָגן — אַז רב קוק אַליין האָט גענומען אַ טייל אינ׳ם העץ־קאַמפּעין אַ קעגן ד״ר דיהאַן, וואָרים אין דעם וואָכנצייטונג „התור״ וועלכעס די מזרחי האָט אַרויסגעגעבן, רעדאַגירט פון רב פישמאַן (מיימון), און וועלכעס איז געווען דער אָפיציעלער וואָרט־זאָגער פונ׳ם „רב הראשי״ און „רבנות הראשית״, כמעט יעדע וואָך האָט דער רב קוק דאָרט עפּעס געשריבן, און זיינע רעדעס און הספדים זענען דאָרט אַלעמאָל ערשינען, און אַלע בייעסן אַרום אים זענען דאָרט געמאָלדן געוואָרן. איז אין דעם מזרחי׳סטישן צייטונג כמעט יעדע וואָך ערשינען העצערישע אַרטיקלען און באַשמוצונגען קעגן ד״ר דיהאַן. זיי זענען נאָך אָפטמאָל איבערגעשטיגן — מיט׳ן אָנגרייפערישן סטיל — די פרייע צייטונגען.

פאַר אַ מוסטער וועלן מיר אַראָפּברענגען עטליכע שורות פון דעם דאָזיגן צייטונג, מיט וואָס פאַרא גיפטיגע העצערישע רייד זיי האָבן באַפאַלן ד״ר דיהאַן׳ען. דער אַרטיקל איז ערשינען אין „התור״ ט״ו כסלו תרפ״ד.

(אין אידישער איבערזעצונג):

„שוין עטליכע יאָר וואָס אַ גיפטיגער שקאָרפּיאָן דרייט זיך אַרום

> אונזער העברעאישן ישוב. אַ שלאַנג איז אַרומגעוויקלט איבער אונזער נאַציאָנאַלע אַרבעט. אַ שלאַנג וואָס וואַרפט אָן אַ שרעק און לאָזט אַרויס אַ גיפט פון זיך... דער אַמסטערדאַמער געטאָ האָט אויסגעבראַכן און אויסגעשפּיגן פון זיך דעם פּאַרשוין, וועלכער איז דאָ געקומען און געוואָרן אַ „חלוץ" אין ארץ ישראל, אַ חלוץ פון מלשינות און פון שלעכטס אָנרעדן, אַ חלוץ פון רכילות און לשון הרע, וואָס ס'איז שוין נישט געווען זיין גלייכן זינט (דער טרויעריג באַרימטער משומד און מסור) פּעפּערקאָרן... לעצטנס איז דער באַשעפעניש געוואָרן אַ שותף צו אַלע שונאים פון אונזער העברעאישן פאָלק... און מיט אַלעם מיינט ער נאָר צו באַשמוצן דעם כבוד פון אונזער פאָלק, און פון אונזער נאַציאָנאַלע באַוועגונג, צווישן די פעלקער. דאָס איז ד"ר דיהאַן"...

דאָס האָט געשריבן רב פישמאַן פון די מזרחי, אין זייער אָפיציעלן אָרגאַן, מיט'ן גוטהייסונג פון רב קוק. די זעלבע וועלכע האָבן אים געמאַכט דעם גראַנדאַרטיגן „קבלת פנים" באַנקעט, ביי זיין אָנקומען אין לאַנד אריין. און אַז די מזרחי האָט אַזוי געשריבן (איבער זייערס אַ געוועזענעם חשוב'ער מיטגליד) נו, וואָס האָבן שוין געזאָלט שרייבן די פרייע בלעטער ? ! און אַזעלכע אַרטיקלען זענען ערשינען אין „התור" כמעט אַ יעדע וואָך.

איינוועגס קען מען אַרויסזען פון דעם סטיל פון זייער שרייבן, ווי ווייט דער פּערזענליכקייט פון ד"ר דיהאַן האָט זיי געקרענקט, און ווי ער איז געווען פאַר זיי אַ ביין אין האַלז.

אויך האָט עקזיסטירט אין יענע צייטן אין ירושלים אַ וואָכנצייטונג מיט'ן נאָמען „קול יעקב". דאָס האָט געהייסן דער אָרגאַן פון די פרומע ציוניסטן, אַ טייל זענען געגאַנגען אין שבת מיט שטריימלען און געלע קאַפּטענעס. אַלע זענען געווען רב קוק'ס באַשוואוירענע מענטשן. אַ סאַך פון זיי זענען געזעסן שבת צו שלש סעודות ביי רב קוק'ן און אויסגעהערט זיינע „קבלה" תורות. דעם צייטונג „קול יעקב" האָבן זיי געגרינדעט פאַר אַקעגנגעוויכט צום „קול ישראל" וועלכעס איז געגרינדעט געוואָרן צובאַקעמפן דעם ציוניזם.

איז אין דעם צייטונג „קול יעקב" אויך ערשינען כמעט אַ יעדע וואָך אַ העצעריש אַרטיקל קעגן ד"ר דיהאַן, מיט שענדערישע גיפטיגע רייד.

איז, דאָס האָט ער אויך נישט געקענט טאָן — דער רב קוק — ער זאָל אָפּשטעלן די גיפטיגע העצערישע אַרטיקלען אין די מזרחי צייטונגען ? ! און אין דעם פרומען „קול יעקב" צייטונג ? ! נו, וואָס זאָל זיין אַ חידוש אַז די עפנטליכע מיינונג אין די גאַס איז אַזוי צאָרנדיג אויף ד"ר דיהאַן, און דער ציוניסטישער יוגענט איז אַזוי אויפגעבראַכט, אַז ער אַליין — דער רב קוק — האָט געהאַט אַ גוטן חלק אין דעם אויפברויז.

ד"ר דיהאַן האָט כסדר באַקומען דראָאונגס־בריוון. ער האָט זיך גאָרנישט געמאַכט דערפון. נישט ווייל ער האָט געהאַלטן אַז די ציוניסטן זענען

נישט אימשטאַנד צו רעאַליזירן זייערע דראָאונגען, פאַרקערט, ער האָט אַמאָל געזאָגט צו ר' משה בלוי:

— „נישט אויף לאַנג וועט איר הערן אַז „ד"ר דיהאַן" איז דערמאָרדעט געוואָרן! אָבער איך וועל נישט אָפּשטעלן מיינע ציבור'ישע אויפגאַבעס און טע־טיקייטן וועגן מיין פּריוואַט לעבן. אַז ס'וועט מיר זיין באַשערט אומצוקומען אויף „קידוש השם" וועט דאָס זיין פאַר מיר אַ כפרה אויף מיינע זינד פון דער פאַרגאַנגענהייט".



די רדיפות איבער ד"ר דיהאַן ווערט אומדערטרעגליך. מ'ברעכט אויס די פענסטער פון זיין שטוב. מ'גייט אים נאָך אין די גאַס. מ'שעלט אים מיט געמיינע קללות, און מ'שענדעט אים אין פנים אַריין מיט די ערגסטע בזיונות. יונגען שטעלן פאַר אים אַ פוס ער זאָל אומפאַלן. מ'שפּייט אים אין פנים. דער נאָבעלער מענטש וועלכער איז אַמאָל געשטאַנען אַזוי הויך אין די מענטשן'ס אויגן, ער האָט גענאָסן פון אַ אַלוועלטליכע רעספּעקט און רעפּוטאַציע, ווערט איצט דערנידערט אויפ'ן געמיינסטן אופן. מ'איזדעקעוועט זיך איבער אים. ס'איז נישטאָ ווער ס'זאָל זיך פאַר אים אָננעמען. גיין זיך שלאָגן מיט די יונגען אין די גאַס איז נישט קיין עצה, אויף דעם וואַרטן זיי די אויסוואורפן, זיי זאָלן האָבן אַ תירוץ צוריקצושלאָגן מיט רציחה און פאַרגיסן בלוט.

ד"ר דיהאַן שטייט פעסט ווי אַ אייזערנער מויער. ער לאַכט אין פנים פאַר זיינע אָנגרייפער. ער שטעלט זיך נישט אָפּ אין זיין הייליגער אַרבעט. ער האָט נאָך אין פּלאַן אַסאַך זאַכן אויפצוטאָן פאַר'ן יהדות החרדית. ער וויל אויפ־סניי אויפנעמען דעם קאַמף קעגן „חק היציאה", וועלכעס איז פשוט אַ חוזק־שפּיל. די עדה חרדית „וועד העיר האשכנזי" איז שוין לאַנג אַ זעלבסשטענדיגע קהילה מיט אַלע צוגעהער, און מ'מוז נאָך אַלץ אַ יעדעס יאָר, אין חודש אייר, אויסשטעלן און אַריינגעבן אַ פאָרמאַט פון יציאה — „איך דער און דער... טו ערקלערן אַז איך גיי אַרויס פון קהילת ירושלים „כנסת ישראל"... און די גאַנצע קהילה חרדית איז געבויט אויף דעם. אויב מ'זאָל איין יאָר אַלע פאַר־פעלן אַריינגעבן אַזאַ „טופס יציאה" איז אויס קהילה. איז נאָך דאָ אַ גרעסערער אומזין פון דעם?

נאָר דאָס איז מיט אַ כוונה צו ווייזן און דערמאָנען אַלעמאָל, אַז דער עיקר לעגיטימע קהילה אין ירושלים איז די ציוניסטישע קהילה. און די עדה חרדית איז נאָר עפּעס אַ געדולדעטע זאַך, וועלכעס שטייט אויף שוואַכע פיס. און דאָס איז טאַקע וואָס ס'טוט ווי פאַר ד"ר דיהאַן.

ס'טוט אים ווי — אין אַלגעמיין — וואָס דער פרייער „וועד הלאומי" און דער „סוכנות היהודית" זיי זענען ביי די רעגירונג און ביי די וועלט, די לעגיטימע פאַרטרעטערס און וואָרטזאָגערס פונ'ם כלל ישראל, וואָס דאָס וואָלט אייגענטליך געדאַרפט זיין די ערליכע פרומע אידן, די וועלכע זענען די אמת'ע אידן.

ער קומט ביי זיך צו דער באַהויפּטונג, אַז די פֿאָדערונגען פֿונ׳ם יהדות החרדית דאַרף מען איינרייכן אין לאָנדאָן, ביי די צענטראַלע רעגירונג, נישט דאָ אין די פּיליאַלע. דאָרט רעדט זיך אַנדערש. דאָרט דערהערט מען אַנדערש. דאָרט האָט ער זיינע אַלטע באַקאַנטע הויכע רעגירונגס לייט. אויך האָט ער דאָרט נישט די שלעק און בלוטצאַפּערס, וועלכע ברענען אים די טריט. דאָרט וועט ער אַלעס אויסקעמפן, מיט׳ן אויבערשטנס הילף. ער וועט אַראָפּוואַרפן דאָס אַפּטרופּסות פֿון די פרייע כופרים, אפיקורסים, איבער׳ן פֿרומען געלייטערטן אידנטום.

ער באַשליסט צו פֿאָרן אויף לאָנדאָן. ער וועט נאָר איבערוואַרטן די וואַלן צום פּאַרלאַמענט, וועלכע דאַרפן דאָרט באַלד פֿאָרקומען. ער זאָל וויסן מיט וועם ער האָט זיך צו פֿאַרבינדן. די פֿאַרבערייטונגען גייען אָן שטרענג אין געהיים, נאָר עטליכע פֿון זיינע פֿאַרטרויאונגס מענטשן פֿון עדה חרדית וויסן דערפֿון. ער דאַרף זיך ערלעדיגן די בויטיגסטע פּאַפּירן, ער דאַרף בעמען אַ ענגלישע וויזע. ער האָט שוין אַלעס גרייט. מאָרגן דאַרף ער זיך זעצן אויף די שיף, אין אַ מזל׳דיגע שעה.

איינע פֿון די פרייע צייטונגען האָט אויף עפּעס אַ מיסטערישן אופן ענדעקט די זאַך. ס׳איז היינט ערשינען אַ באַריכט אויפ׳ן ערשטן עמוד :

— „ד״ר דיהאַן פֿאָרט אָפּ מאָרגן מיט די שיף אויף לאָנדאָן, כדי דאָרט — אינ׳ם ענגלישן פּאַרלאַמענט — צו פֿאַרראַטן דעם פֿאָלק ישראל. ער האָט געשוואוירן ער וועט נישט רוען ביז וויילאַנג ער וועט נישט באַגראָבן אונזער ציוויליזאַציע אויף אייביג. ער וויל צוריקברענגען דעם פֿאָלק ישראל צו די צייטן פֿונ׳ם מיטל - אַלטער ! ער איז אַ געפערליכער עלעמענט ! מ׳דאַרף עס נישט האַלטן פֿאַר גרינג . . . ״

ביינאַכט, ער קומט אַהיים פֿון מעריב דאַווענען, פֿון די קליינע שול אינ׳ם האָספּיטאַל „שערי צדק״. דער קאָפּ זיינער אַרבעט אויף פּלענער פֿאַר׳ן צוקונפֿט. ס׳פֿעלט אים נישט קיין רייזע - פּיבער. אַ קלייניגקייט ? ! און וואָס פֿאַראַ אַנטשיידענדיגן הייליגן שליחות ער דאַרף מאָרגן אָפּפֿאָרן . . . ער באַמערקט נישט אַז מ׳גייט אים נאָך. ער קומט נאָענט צו זיין וואוינונג, ס׳איז אין אַ פֿאַררוקטן געסל.

צוויי פֿאַרשוין, אין חלוצ׳ישע אַנגעטועכץ, שטעלן אים אָפּ :
אַנטשולדיקט, איר זענט ד״ר דיהאַן ? — שטעלט אים אייבער די פֿראַגע.
יאָ, איך בין דאָס ! — קומט דער ענטפֿער.
טראַך ! טראַך ! טראַך !
דריי קוילן האָבן דורכגעלעכערט זיין איידל ריין האַרץ. ער פֿאַלט אַוועק אויף אייביג.

עטליכע מענטשן אין די גאַס ווערן אויפֿמערקזאַם אויפ׳ן שאָס אין שטילן נאַכט. זיי זעען צוויי מענטשן זעצן זיך אַרויף אויף אַ מאָטאָר־ביציקל, און פֿאָרן שנעל אַוועק.

גאַנץ ירושלים ווער ס'האָט נאָר אַ ג"אט אין הארצן, איז געווען איינגע־הילט אין אַ טרויער. אין די לוי' האָט זיך באַטייליגט דער גאַנצער יהדות החר־דית, דער רב הגאון רבי יוסף חיים זאָננענפעלד האָט אים מספיד געווען, מיט אַ שטאַרק צעבראָכענעם געמיט.

ער האָט באַטאָנט אין זיין הספד, אַז יעדער מענטש האָט אַ באַשטימטן שליחות אויף וואָס ער איז אַראָפּגעקומען אויף דעם עולם, און דאָס איז זיין תכלית, און אין דעם ווענדעט זיך זיין „תיקון הנפש". וואָס דער שליחות איז? און ווען דאָס טוט זיך אָפּ? דאָס איז פאַרהוילן פאַר'ן מענטש. אַמאָל ערשט אויף דער עלטער פון זיבעציג, אַכציג, אָדער נאָך שפּעטער. און אַמאָל שוין אין די יונגע יאָרן. ער ר' יעקב ישראל דיהאַן איז אַראָפּגעקומען אויף דעם עולם צוהעלפן אָוועקשטעלן די „עדה החרדית" אין ירושלים, און צו פאַרזיכערן — ווי ווייט מעגליך — איר עקזיסטענץ. צו דעם פּאָזיציאָן איז ער געוואָרן צוגע־גרייט זייענדיג אין אַמסטערדאַם פון קינד־ווייז אָן. און דאָס האָט ער אָפּגעטאָן בשלימות.

איין זאַך האָט ער נאָר נישט געוואוסט מיט זיין תמימות און ריין האַרץ — האָט דער רב באַמערקט — אַז מיר לעבן אין אַ תקופה פון די שווערע נסיונות, וועלכע זענען אָנגעשריבן אויף די צייטן פון פאַר ביאת משיח צדקינו, ווען ס'איז „שכינתא בגלותא", און דער שקר געוועלטיגט אין דער וועלט. און מ'קען נישט היינט די „קדושה" אויפבויען אַזוי פּרעציז, ווי ער האָט געמיינט און געוואָלט. מ'דאַרף דאַנקען השי"ת אַז מ'קען אָפּדעכן און דורכשטופּן די שווע־רע צייט. ער האָט מיט זיין „תמימות" געמיינט אַז ס'קען שוין זיין דער „לתקן עולם במלכות ש־די", און אַז דער „אמת" זאָל שוין דאָמינירן דאָס גאַנצע מענטשהייט.

די רוצחים וועלכע האָבן פאַרגאָסן זיין בלוט, און וועלכע האָבן אַ האַנט דעריבער, וועט דעם אויבערשטנ'ס האַנט דערגרייכן — האָט דער רב אויסגע־פירט — אין הימל האָט מען געדולד, איצט איז זייער צייט, די צייט פון רשעות און באַרבאַריזם. די צייט פון די נסיונות פון פאַר ביאת משיח צדקינו, כדי צו לייטערן אידישע קינדער. ס'וועט אָבער קומען אַנדערע צייטן...

און ער האָט פאַרענדיגט:

זאָל זיין פריצייטיגער טויט, זיין אַ כפרה פאַר אים, און פאַר'ן גאַנצן כלל ישראל, און ס'זאָל שוין מקוים ווערן „וכל קרני רשעים אגדע תרוממנה קרנות צדיק" בביאת משיח צדקינו, במהרה בימינו אמן.



דערנאָך האָט אים מספיד געווען רבי בן ציון יאדלער, דער „מגיד מישרים" פון ירושלים עיר הקודש. ער האָט שטאַרק צעבראָכן די הערצער מיט זיינע רייד, און מעורר געווען צו תשובה זיינע צוהערער, ווי זיין שטייגער אַלעמאָל מיט זיינע דרשות און הספדים.

סוף האָט ער אויסגעפירט:

— די חז״ל זאָגן אויפ׳ן פסוק „הקול קול יעקב והידים ידי עשו״, „בזמן שקולו קול יעקב אין הידים ידי עשו״ — ווילאַנג ס׳איז דאָ דער „קול יעקב״ (דער קול פון די אידישע קינדערלעך וועלכע לערנען אין די תלמוד תורות) קען נישט שולט זיין „ידי עשו״ (ס׳קען נישט פאָרקומען קיין „רציחה״ ביי אידן), איז אָבער פאַר ביאת משיח אַזוי גרויס דער צעמישונג און פאַרדרייעניש פונ׳ם אמת, אַז דער „קול יעקב״ אַליין קען דערמוטיגן און אַרויסרופן די „ידי עשו״.

יעדער האָט פאַרשטאַנען דעם טרעפליכן רמז, אַז דאָס האָט ער געמיינט די צייטונג „קול יעקב״, וועלכעס האָט מיט אירע העצערישע רייד דערמוטיקט די רוצחים.

רבי בן ציון האָט פאַרענדיגט מיט׳ן פסוק:

— „והלך לפניך צדקיך, וכבוד ה׳ יאספך״ — זיין גרויסער זכות און מסירת נפש פון ר׳ יעקב ישראל דיהאַן, וואָס ער האָט זיך מוסר נפש געווען צו העלפן דעם געלייטערטן יהדות החרדית אין ירושלים, וועט פאַר אים דאָרט פאַראויס גיין. ער וועט דאָרט זיין אין אייבעם מיט די אַלע גרויסע מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָוועקגעגעבן דאָס לעבן אויף „קידוש השם״! און ער זאָל זיין אַ מליץ יושר פאַר די צעבראָכענע אידן אין ירושלים, וועלכע ליידן נסיונות פאַר׳ן אויבערשטנס וועגן. און אויך פאַר׳ן גאַנצן כלל ישראל, אַז מ׳זאָל שוין אויסגע־לייזט ווערן פון דעם ביטערן לאַנגן גלות, דורך משיח צדקינו. און ס׳זאָל שוין זיין — יתגדל ויתקדש שמי׳ רבא...

רבי בן ציון האָט געזאָגט קדיש. און דער עולם האָט נאָכגעזאָגט ערליך — „יהא שמי׳ רבא מברך...״



און איר חשוב׳ע לייענערס! איר זאָלט אויף אונז נישט האָבן קיין פאַר־איבל, וואָס מיר דערציילן אייך אַזעלכע מעשיות וועלכעס צעברעכט דאָס האַרץ. ערשטנס, אַז איר האָט אפשר געלאָזט אַ טרער אויף ר׳ יעקב ישראל דיהאַן׳ס טויט, האָט איר דאָך דעם גרויסן זכות וואָס די חז״ל זאָגן:

— „כל המוריד דמעות על אדם כשר, הקב״ה סופרו ומניחו בבית גנזיו״ — ווער ס׳לאָזט טרערן אויף אַ כשר׳ן ערליכן איד, דער אויבערשטער ציילט אָפ די טרערן און לייגט עס זיך אָוועק אין זיין שאַצקאַמער. און ער — ר׳ יעקב ישראל דיהאַן — איז זיכער אין כלל פון אַ „אדם כשר״ וועלכער האָט זיך מוסר נפש געווען פאַר אידישע קינדער, כדי צו טאָן דערמיט נחת רוח פאַר׳ן הייליגן באַשעפער.

צווייטנס, האָבן מיר דאָך אַ טרייסט אין די הייליגע אַרבעט פון ר׳ יעקב ישראל דיהאַן, וואָרים, אויב ס׳איז דאָ היינט אין ירושלים אַן „עדה חרדית״ מיט אַ רבנות, און מיט אירע ישיבות און מוסדות, וועלכע בייגן זיך נישט פאַר די ציוניסטישע עבודה זרה, טראָצדעם וואָס די נסיונות זענען אַזוי גרויס — זיי שטייען אונטער׳ן „מרות״ פון „רעיא מהימנא קדישא״ (דער

הייליגער געטרייער פאסטוך) כ"ק אדמו"ר מסאטמאר שליט"א, גאב"ד דעיה"ק ירושלים ת"ו. און געניסן פון זיין ברייטהארציגע שטיצע — איז עס אין א גרויסע מאס צופארדאנקען די דעמאלסדיגע ערליכע ענערגישע ארבעט פון ד"ר יעקב ישראל דיהאן ז"ל, וועלכער האט אראפגעלייגט פאר דעם דעם פונדא־מענט מיט מסירת נפש, און באצאלט דערפאר מיט זיין לעבן. די דאזיגע אר־בעט זיינע וועט שוין שטיין — בעזרת השי"ת — ביז משיח וועט קומען. די מינים ואפיקורסים וועלן נישט האבן אויף איר קיין שליטה.

*

אבער איר רשעים! רשעים! קינדער פון אידישע מאמעס, וועלכע האבן מקבל געווען אויפ'ן בארג סיני א תורה, אין וועלכן ס'שטייט „**לא תרצח**"! איר פרייט זיך אז איר האט אויסגעפירט דאס אייעריגע, און איר האט גע־טרעטן דעם דאזיגן געבאט מיט די פיס, איר האט פארגאסן אומשולדיג אידיש בלוט. פרייט זיך נישט! די וועלט זאגט — דער איז באַרעכטיגט צו לאכן, ווער ס'לאכט צום סוף".

איר זאלט וויסן, אז דאס בלוט פון ר' יעקב ישראל דיהאן שטייט פאר'ן כסא הכבוד, צוזאמען מיט די איבעריגע בלוטן וואס איר האט זינט דעמאלס פראגאסן אויפ'ן מזבח פון די אפיקורסישע ציוניסטישע עבודה זרה. ס'וועט קו־מען א טאג פון חשבון! ווי וועט זיין צו אייך! ווי וועט זיין פאר אלע וועלכע טוען נישט קיין תשובה.

און די אלע וועלכע האבן א יד דערינען, זיי האבן געקענט העלפן און ראטעווען, און זיי האבן עס נישט געטאן, זיי קענען נישט זאגן מיט א ריין הארץ:

— „ידינו לא שפכו את הדם הזה"! — (אונזער האנט האט נישט פאר־גאסן די דאזיגע בלוט).

דער רב קוק — דער איינציגער וועלכער האט געהאט א השפעה אויף דער גאס, אויף די דאזיגע קרייז מענטשן פון וועלכע די מערדערס זענען ארויס־געקומען — ער האט געזאגט: — ער קען פאר אים גארנישט טאן. די גאס איז שטארק אויפגעברויזט אויף אים. אויב ער זאל זיך פאר אים איינשטעלן, שטעלט ער זיך אליין איין. און ער האט טאקע גארנישט געטאן.

*

איצט וועט אונז נאר זיין אינטערעסאנט, אראפצוברענגען רב פישמאן'ס ווערטער אין דעם מזרחי'סטישן צייטונג „התור", וויאזוי ער האט איבערגעגעבן די מעלדונג פונ'ם מארד־איבערפאל אויף ד"ר דיהאן, און מיט וואסערע ווערטער האט ער דארויף רעאגירט.

מיר גיבן עס איבער אין ווארטליכע איבערזעצונג אויף אידיש:

„אין ירושלים האט פאסירט די וואך א מאדנער און טרויעריגער פאל, פארנאכט נאך מעריב האבן דריי ביקסן־שאס געמאכט אן ענדע פאר'ן לעבן פון ד"ר דיהאן, וועלכער איז געווען שטארק

„מפורסם״ אין ארץ ישראל און אין חוץ לארץ, צווישן אידן און אויך צווישן די גוים. מיר רופן דאָס אָן „אַ טרויעריגער פאַל״ ווייל מיר קענען בשום אופן נישט באַרעכטיגן אַ מאָרד איבער אַ איד אין ארץ ישראל. אָבער דער נאַטירליכער רחמנות׳דיגער געפיל וואָס ווערט דערוועקט אין אַ האַרץ צו אַ אומגליקליכן מענטש, ווען ס׳איז אַזוי אויסגעגאַנגען אוועקצוגיין פון דער וועלט, זאָל אונז דאָס נישט ברענגען צו פאַרהוילן דעם אמת, אָדער זי צו פאַרדרייען. דער מענטש „ד״ר דיהאַן״ האָט אונז זייער אַסאַך שלעכטס געטאָן, זיינע אָנגריפן אין אונזער ציבור׳ישן לעבן אין ארץ ישראל, זענען געווען גיפטיג און שלעכט, פול מיט דערנער און בייזוויליקייט. ער האָט אָראָפּגעלייגט — אין אונזער ציבור׳ישן לעבן אין ירושלים — דעם פונדאַמענט אויף צעברעכן און פיינט האָבן איין איד דעם צווייטן, אין אַ מאָס וואָס ס׳ווייסט נישט קיין גרענעץ. ער האָט געפירט אַ עקסטרעמע אומאָפּאַרנט־וואָרטליכע קאַמף מיט אַ אומבאַגרעניצטע עקשנות, ווי איינער וואָס איז „משוגע צו איין זאַך״. און מיט אַ שרעקליכן בלינדקייט ווי אַ אָבנאָרמאַלער מענטש וועלכער ווייסט נישט וואָס ס׳איז זיין פליכט. טאָג טעגליך האָט ער געקעמפט אַ קעגן דעם ציל פונ׳ם העברעאישן ישוב אין ארץ ישראל. ער האָט געקעמפט מיט וועגן און מעטאָדן וועלכע מיר האָבן אפשר ביז איצט נישט גע־האָט אין אונזער אידישע וועלט, ער האָט זיך געווענדעט נאָך הילף אין זיין קאַמף צו אונזערע שונאים פון דרויסן...
ס׳האָט געפעלט פאַר דעם מענטש, דער באַגריף אינ׳ם הייַנטיגן לעבן, און דער נאָרמאַלער מאָראַלישער געפיל, וועלכעס דאַרף אויס־רעכענען און באַגרעניצן די מעשים פון אַ מענטש.
מיר ענדיגן מיט דעם וואונטש, אַז ג־אָט זאָל אונז פון הייַנט אָן אָפּהיטן פון ביידע זאַכן:
— הלוואי מיר זאָלן מער נישט וויסן פון אַזעלכע משונה־דיגע שעדליכע עלעמענטן ווי דיהאַן. און אויך נישט פון אַזעלכע גע־מיינע טרויעריגע מעשים, ווי דער דאָזיגער „מאָרד״.

דאָס איז דער „הספד״ וואָס די „תורה ועבודה״ פאַרטיי האָט געמאַכט אויף דעם כשר׳ן ערליכן איד, אַ אמת׳ער בעל תשובה, וועלכער האָט אוועקגע־וואָרפן קייזערליכן כבוד און פינאַנציעלן וואוילזיין מיט די גאַנצע „עולם הזה״, וועגן צוטאָן דעם רצון פונ׳ם הייליגן באַשעפער און זיין הייליגער תורה.
דער רב קוק האָט אַלעס געזען און געהערט, און ס׳האָט אים נישט בע־אַרט. ער האָט געזאָגט, נאָך ביי זיין לעבן, אַז ער קען פאַר אים גאָרנישט טאָן, אָפּילו נישט אַ גוט וואָרט זאָגן. און אָפּילו באַכטרעגליך האָט ער נישט געקענט פאַרדאַמען דעם מאָרד מיט די מערדער!

נו, אוודאי דאָ אויף דער וועלט קען מען אַזוי זאָגן פאַר מענטשן — „איך האָב נישט געקענט גאָרנישט טאָן". אָבער אַז ער איז אַרויפגעקומען אויף יענער וועלט —ביים בית דין של מעלה — האָט מען אים צוריקגעשליידערט אין פּנים אַריין:

— האָסטו טאַקע נישט געקענט גאָרנישט טאָן? האָסטו נישט געקענט אַלאַרמירן די גאַס, די וועלט, אַז מ׳זאָל דעם אומשולדיגן מענטש אָפּלאָזן. האָסט נישט געקענט זאָגן צו די רשעים: — איר קעמפט דאָך אויך פאַר אייער (פאַלשע) אידייעס, פאַרוואָס טאָר ער נישט קעמפן פאַר זיין (הייליגע) אידייע...?! — האָסט נישט געקענט טאָן? אַפילו נישט אַזויפיל אָפּצוהאַלטן די מזרחי׳סטישע צייטונג, זיי זאָלן נישט העצן אַקעגן אים מיט אַזעלכע רשעות׳דיגע גיפ־טיגע רייד?!

איז, פאַרוואָס האָסטו ביי אַ אַנדערע געלעגינהייט יאָ געקענט טאָן? האָסט געקענט גיין קעגן די גאַס, קעגן די עפנטליכע מיינונג, קעגן דעם געריכט־אורטייל, וועגן ראַטעווען...

און מ׳האָט אים דאָרט אויפגעברענגט די פּרשה פון „אַרלאָזאָראָוו" און „סטאַווסקי". וועלכעס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט עטליכע יאָרן שפּעטער.

אָט, הערט פון אונז די מעשה.

ז.

## ווען? און פאַרוועם? דער רב קוק האָט זיך איינגעשטעלט.

ד"ר חיים אַרלאָזאָראָוו — וועלכער האָט געהערט צו די אַרבייטער־פּאַר־טיי — איז געווען דער פאָרזיצער פון די פּאָליטישע אָפּטיילונג אינ׳ם „סוכנות היהודית". ס׳פאַרשטייט זיך — אַ פרייער אפיקורס, ווי אַלע זיינע קאָלעגן אינ׳ם „סוכנות". ער האָט געהאַט אַסאַך פאַרערערס. זיינע קאָלעגן האָבן אויף אים געזאָגט אַז ער איז אַ „פּאָליטישער געניוס". ער האָט געהאַט אַ אייגנאַרטיגן דרך אינ׳ם לייזן די פּראָבלעמען פונ׳ם פּאָליטישן ציוניזם. מ׳מוז צוגעבן אַז ער האָט געפירט אַ געלאַסענעם און אויסגערעכנטן דיפּלאָמאַטיע.

די רעוויזיאָניסטן האָבן געקריצט אויף אים די ציין. זיי האָבן געהאַט אַקעגן אים אַסאַך אויסצוזעצן. זיי האָבן אים געסטעמפּלט אַלס פאַררעטער, ער אַרבעט צוזאַמען מיט די דייטשן! ווייל ער איז געווען אַ קעגן דעם באָיקאָט אויף דייטשע סחורות. ער האָט געהאַלטן אַז מ׳מוז קענען געפונען אַ וועג מ׳זאָל מיט היטלער׳ן פאַרהאַנדלען. ער האָט געגלייבט אַז ס׳איז דאָ אַזאַ וועג. ס׳איז איבעריג צוזאָגן, אַז זיינע קאָלעגן האָבן אויך נישט נאָכגעפאָלגט זיין ליניע.

אָבער ס'האָט קיינער נישט געצווייפעלט אין זיינע גוטע כוונות, און ער האָט אויך שוין געהאַט ביים סוכנות אַ סאַך פאַרדינסטן פונ'ם פאַרגאַנגענהייט.

די רעוויזיאָניסטן האָבן אויך געזאָגט אויף אים, אַז ער אַרבעט צוזאַמען מיט די ענגלענדער, אַ קעגן די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פונ'ם פאָלק. כמעט אַ יעדן טאָג איז ער געוואָרן באַשמוצט אין זייער צייטונג. זיי האָבן געדרייצט די עפנטליכקייט אַ קעגן אים. ס'איז אַזוי ווייט געקומען אַז זיי האָבן אָפן געפאָדערט אָפצוראַמען אים פון וועג...

איינמאָל אַ פרייטיק צונאַכטס (ליל שבת) ד"ר אַרלאָזאָראָוו האָט שפּאַצירט — צוזאַמען מיט זיין ווייב — אויפ'ן ברעג פון ים אין תל אביב, פלוצים האָט אים אַ קויל געטראָפן אין האַרץ, ער איז אַנידערגעפאַלן. עטליכע מענטשן — הערנדיג דעם שאָס — זענען געקומען צו לויפן. מ'האָט שנעל גערופן דעם אַמבולאַנס, ער איז אַריינגעפירט געוואָרן אין די תל אביב'ער „הדסה" שפּיטאָל, מ'האָט אים דאָרט פרובירט צו ראַטעווען, אָבער אָן ערפאָלג, ביז אַ פּאָר שעה איז ער געשטאָרבן.

דאָס גאַנצע לאַנד, איבערהויפּט די אַרבייטער־פּאַרטיי, האָט געזידט און געקאָכט איבער דעם מאָרד.

זונטאָג זענען אַרעסטירט געוואָרן דריי יונגען, מיטגלידער פון די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי, דורך די ענגלישע פּאָליציי, אַלס פאַרדעכטיגטע אינ'ם מאָרד. מיט די פאָלגענדע נעמען:

— „אברהם סטאַווסקי, אבא אחימאיר, צבי ראָזענבלאַט".

עטליכע וואָכן האָט געדויערט די אויספאָרשונג. ס'איז געקומען צום גע־ריכט. וועלכעס איז געווען צונויפגעשטעלט פון דריי ענגלישע שופטים. ס'האָבן ערשיינט עדות פון ביידע זייטן, פונ'ם באַשולדיגונג און פונ'ם פאַרטיידיגונג. די גאַס האָט געוואַרט מיט גרויס שפּאַנונג אויפ'ן אויסגאַנג פונ'ם אורטייל.

פרייטאָג נאָכמיטאָג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דער אורטייל:

— „אברהם סטאַווסקי" איז געפונען געוואָרן שולדיג אין ערשטע גראַד מאָרד! ער איז פאַראורטיילט צום טויט, דורך הענגען! די אַנדערע צוויי זענען פרייגעשפּראָכן.

ווער ס'האָט אָנגעקוקט סטאַווסקי'ס מגושם'דיגן געשטעל, מיט זיינע ווילדע טשופּרינעס, האָט אַפילו פאַר'ן אורטייל נישט געזאָגט, אַז דער מענטש וואָלט נישט מסוגל געווען צו אַזאַ זאַך. אָבער נאָכ'ן אורטייל האָט מען אוודאי נישט געהאַט קיין ספיקות...

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדליך אַז די אַרבייטער פּאַרטיי — וועלכע איז געווען אויפגעברויזט איבער דעם מאָרד, אַז ס'האָט נישט געהאַלטן ווייט פון אַ בירגער קריג — איז געווען צופרידן אז דער שולדיגער וועט באַקומען זיין פאַר־דינטן שטראָף, און דאָס האָט זיי טיילווייז באַרואיגט.



נאך דעם זעלבן פרייטאג נאכמיטאג זענען געקומען עטליכע רעוויזיאָ־ניסטן צום רב קוק, און האָבן אים איבערגעגעבן דעם „שענדליכן" אורטייל איבער אברהם סטאַווסקי.

דאָס וועט נישט זיין! — האָט רב קוק געזאָגט אַנטשלאָסן — מיר וועלן נישט לאָזן אַהינריכטן אַ איד אין ארץ ישראל. ער איז זיכער אומשולדיג. אַ איד קען נישט זיין אַ רוצח! — האָט ער זיך געמאַכט פלוצים פאַר אַ נאַאיוון תם — דאָס האָט זיכער געטאָן אַ גוי אַן אַראַבער די גאַנצע וועלט וועלן מיר אויפרידערן אויף צו באַפרייען סטאַווסקי׳ן.

ער האָט געהייסן זיך אַרייַנגעבן טינט און פעדער, און האָט זיך שוין אַראָפּגעזעצט צו שרייבן אַ אויפרוף צו די גאַס, און צו די גאַנצע וועלט, מיט דעם פאָלגענדן נוסח:

— „דאָס גאַנצע אידישע פאָלק, און דער גאַנצער מענטשהייט אין דער וועלט, דאַרף זיך אַ קעגנשטעלן קעגן די גרויסע סכנה, אַז אין ירושלים עיר הקודש זאָל ווערן פאַרגאָסן אומשולדיג בלוט, אין נאָמען פון געריכט, וואָס דאַרף פאַרטעידיגן „צדק" און „יושר". מיט מיין פולן ריינעם געוויסן קען איך עדות זאָגן, פאַר ג־אָט און פאַר די מענטשהייט, אַז אברהם סטאַווסקי איז ריין פונ׳ם מאָרד־שולד. איך בין איבערצייגט אַז דער געריכט האָט אַרויסגעטראָגן דעם פסק אויס פאַראורטייל. וועלכער איד ס׳האָט אַ פונק פון ג־אָט אין האַרצן האָט אויף זיך אַ פליכט אַרויסצוברענגען זיין פּראָטעסט, קעגן דעם שרעקליכן זיבד אָנצוקלעפּן אַ „מאָרד־פלעק" אויף אַ אומשולדיגן איד פון „זרע אברהם יצחק ויעקב".

מיר פאָדערן זיין זאָפאָרטיגע גענצליכע באַפרייאונג!

אברהם יצחק קוק

רב הראשי לארץ ישראל.

דער אויפרוף מוז הענגען אויף די ווענט נאָך אין דעם שבת! — האָט רב קוק אַרויסגעגעבן דעם באַפעל — אויך מוז מען זאָרגן אַז דער אויפרוף זאָל אַוועקגעשיקט ווערן אויף חוץ לארץ.

ווען די רעוויזיאָניסטן זענען געגאַנגען אַרויס, איז שוין נישט געווען מער ווי אַ שעה צייט צו שבת. דער רב קוק האָט זיי נאָכגעשריגן:

— איילט אייך צו, ווייל ס׳איז באַלד שבת, און די דרוק הייזער ווערן געשלאָסן...

דער רב קוק האָט נאָך ווייטער נישט געהאַט קיין מנוחה. מ׳מוז אויפ־וועקן דאָס געוויסן פון די וועלט אידנטום וואָס פריער, מ׳קען נישט וואַרטן ווילאַנג דער אויפרוף וועט אָנקומען צו זיי.

ס׳איז שוין געווען מינוטן צו שבת ווען ער האָט נאָכאַמאָל גענומען די פעדער אין האַנט, און אויסגעשטעלט אַ נוסח פון אַ טעלעגראַם אַוועקצושיקן אין חוץ לארץ.

„סטאַווסקי איז ריין און אַ צדיק (נקי וצדיק) קעמפט מיט אייער גאַנצן כח פאַר'ן זיג פונ'ם גערעכטיגקייט".

הרב קוק



שבת בייטאָג ווען רב קוק איז אַהיימגעקומען פון דאַווענען, האָט שוין דאָרט געוואַרט אויף אים ר' ישראל שוחט, ער איז געווען אַ שוחט אין די גרויסע קהילה אונטער רב קוק'ן. ר' ישראל איז געווען אויפגערעגט. די רעבעצן האָט געזאָגט אַז זי לאָזט נישט רעדן צום רב ווי לאַנג ער מאַכט נישט ערשט קידוש און איז טועם. ר' ישראל האָט — באין ברירה — צוגעשטימט. רב קוק האָט געמאַכט קידוש און האָט טועם געווען אַביסל קיכלעך. ער האָט געהייסן פאַר ר' ישראל'ן אויך טועם זיין, און ערשט נאָכהער האָט ער אים געפרעגט:

— וואָס האָט איר ר' ישראל געבראַכט עפּעס נייעס?

איך וועל דעם רבי'ן זאָגן — האָט ר' ישראל אָנגעהויבן זיינע רייד — היינט אינדערפרי בין איך געגאַנגען אין די מקוה'ה אין אָרענשטיין'ס הייזער, האָב איך דאָרט געהערט דערציילן, אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט מען געזען ווי ס'דרייען זיך אַרום יונגען און מוידן און קלעבן צעטלען אויף דער וואַנט, וועלכעס איז געשריבן אין רבי'נס נאָמען, און דער רבי איז אונטערגעשריבן. לכתחילה האָב איך נישט געגלייבט, איך האָב געהאַלטן אַז דאָס איז אַ נייער בילבול פון די קנאים אויפ'ן רב, אָבער ווי איך בין אַרויס פון די מקוה'ה גייענדיג אין ביהמ"ד „בתי ווארשא" האָב איך אַליין באַגעגנט צוויי יונגען אין הוילן קאָפּ, ווי זיי קלעבן אָן אויף דער וואַנט אַזאַ צעטל. איך האָב געמאַכט אַ געשריי און ליאַרעם, האָבן זיי געזאָגט, אַז דער רבי אַליין האָט מתיר געווען צו קלעבן דעם צעטל אין שבת. בין איך געקומען פרעגן אויב עס איז אמת?

וואָס? איך האָב מתיר געווען צו קלעבן אַ צעטל אין שבת?! איך האָב מתיר געווען?! איך...?! — האָט דער רב קוק געמאַכט אַ אומשולדיג פּנים — וואָסערע צעטל איז דאָס? פון וואָס רעדט זיך דאָרט? — האָט ער געפרעגט מיט אַ אויפגערעגטן קול.

דאָס איז אַ צעטל אָן אויפרוף איב'ם ענין פון „אברהם סטאַווסקי" — האָט ר' ישראל שוחט געענטפערט.

איך האָב נישט מתיר געווען צו קלעבן דאָס צעטל אין שבת! זיי האָבן מיך בכלל נישט געפרעגט איבער דעם — האָט רב קוק פעסטגעשטעלט — ס'איז טאַקע אמת אַז איך האָב דעם אויפרוף געשריבן נעכטן נאָכמיטאָג, נאָכדעם וואָס איך האָב זיך דערוואוסט אַז מ'האָט דעם אומשולדיגן „אברהם סטאַווסקי" פאַראורטיילט צום טויט, און איך האָב זיי טאַקע אָנגעזאָגט אַז זיי זאָלן זען אַז דאָס צעטל זאָל געקלעבט ווערן ווי אַמשנעסלטן, אָבער מ'האָט נישט גערעדט פונ'ם ענין קלעבן אין שבת, ממילא איז דאָך נישט שייך צו זאָגן אַז איך האָב מתיר געווען.

אַזוי האָט זיך דער רב קוק געוואָלט אַרויסדרייען פונ'ם פאַראַנטוואָרט־ליכקייט. ער האָט אָבער באַמערקט אַז פאַר ר' ישראל שוחט שטימט עפּעס נישט דער גאַנצער פּזמון.

פינף מינוט צייט איז דער רב קוק געזעסן שטיל, און קעגנאיבער אים ר' ישראל שוחט. קענטיג אַז ער האָט געזוכט ווערטער וואָס צו זאָגן. נאָכהער האָט ער זיך אָנגערופן:

— איר דאַרפט נישט פאַרגעסן ר' ישראל, אַז דאָ רעדט זיך פון מציל זיין אַ נפש מישראל, און „פיקוח נפש" איז דאָך דוחה שבת. זיי האָבן טאַקע נישט געפרעגט מיך איבער'ן קלעבן אין שבת, אָבער זיי די קלעבערס האָבן — ווי ס'זעט אויס — באַשלאָסן אַז מ'מוז עס קלעבן אין שבת, ווייל ס'איז פיקוח נפש, און מ'קען נישט וואַרטן דערמיט אויף נאָך שבת.

אָבער די קנאים וועלן שוין דאָס אויסנוצן אויף אַ פרישן קאַמף אַ קעגן רבי'ן — האָט ר' ישראל שוחט געזאָגט — זיי שרייען טאַקע אין דער גאַס, אַז דער רבי שטעלט זיך איין פאַר אַ רוצח אַ פאַרדאָרבענער יונג, אַן אפיקורס, וואָס לויט'ן רמב"ם קען ער גאָר זיין אין כלל פון די וועלכע „מורידין ולא מעלין" ! — זיי זאָגן — אַז דער רבי האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט איינגע־שטעלט אַזוי פאַר אַ ערליכן איד.

די זאַך, ר' ישראל — האָט רב קוק געזאָגט מיט אַ פעסטע שטימע — וואָס די קנאים זאָגן, און וואָס זיי וועלן טאָן, דאָס טוט ביי מיר אַבסעלוט נישט דעצידירן, איך האָב פאַר זיי נישט מורא, און מיט זיי רעכן איך זיך דאָס ווייניגסטע. פאַר מיר איז קאָמפּאַטענט דער רמב"ם מיט'ן שולחן ערוך, זיי פסק'ען אַז מ'מוז ווענגן „הצלת נפש מישראל" מחלל שבת זיין. און דאָס איז גענוג. און דאָס וואָס זיי זאָגן אַז ער איז אַן אפיקורס, און איז אין כלל פון „מורידין ולא מעלין" — איך ווייס נישט, איך האָב זיך נאָך אויף דעם נישט איבערגעצייגט. ביי זיי איז גענוג וואָס ער איז אַ ציוניסט, איז ער שוין אַן אפיקורס. ביי מיר איז אַ ציוניסט אַ טייערער איד, וועלכער אָפּפערט זיך פאַר'ן כלל ישראל.

אָבער רבי — האָט ר' ישראל שוחט נישט געוואָלט זיך איינברעכן — אַפילו די געלאַסענערע צווישן זיי טענה'ן, אַז דאָס צעטל איז נאָך אַוודאַי נישט „מציל נפש מישראל" אַז מ'זאָל מעגן דערויף מחלל שבת זיין, ס'איז דאָך נאָר צו וועקן די עפנטליכע מיינונג, און דאָס איז נאָך ווייט, זייער ווייט, פון הצלה.

אַ שטיקל אָנהייב פון אַ עווענטועלע הצלה, איז שוין אין כלל פון הצלה — האָט רב קוק אָפּגעפּסק'עט מיט אַ האַרבן טאָן.



די גאַס איז געוואָרן איבערראַשט פונ'ם שטעלונג פון רב קוק, איבער דעם ענין פון סטאַווסקי. די אַרבייטער־מאַסן ביי וועלכע ד"ר חיים אַרלאָזאָ־

ראַוו, איז זייער הויך געשטאַנען ביים לעבן, האָבן זיך געטומען בונטעווען אַ קעגן רב קוק:

וואָס הייסט ער נעמט אויף זיך אַזאַ זאַך?! דאַרט ווי אַ געריכט פון דריי שופטים האָט אַרויסגעגעבן אַן אורטייל, וועלכעס איז געווען געבויט אויף באַווייזן, מיט עדות און פאַקטן, ווי קומט צו אים אַזאַ נאַרישע „תמימות”? עפעס מוז דאָ ליגן אין דער זאַך...

ס'איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מ'האָט אָנגעהויבן צו קלעבן אויף די ווענט צעטלען אַ קעגן רב קוק. איין צעטל פון אַ האַלבן מעטער די גרויס האָט זיך געלייענט:

„קלון לרב, מגן ועוזר לרוצחים”!

— (אַ שאַנד צום רב, דער באַשיצער און העלפער פון רוצחים).

רב קוק האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט. ער האָט חדשים לאַנג נישט געטאָן עפעס אַנדערש ווי געקערט וועלטן אין ארץ ישראל און אין חוץ לארץ, אויף צו ראַטעווען סטאַווסקי'ן. ער האָט געהאַלטן דרשות, געלאָזט קלעבן צעטלען, ער האָט געשטורעמט אַן אויפהער.

דורכדעם איז געוואָרן די גאַס געפערליך אָנגעצויגן פון די צוויי צדדים, איינער קעגן אַנדערן. סטאַווסקי'ס צד, וועלכע האָבן געהאַלטן מיט'ן רב אַז ער איז אומשולדיג, און דער קעגן־צד וועלכע האָבן געהאַלטן אַז סטאַווסקי איז דער מערדער אַזוי ווי די געריכט האָט געפסק'עט, און מ'דאַרף דורכפירן דעם אורטייל. אין תל אביב האָט איין טאָג נאָכ'ן אַנדערן אויסגעבראָכן גאַסן־קאַמף צווישן די פּאַרטייען.

די אַרבייטער פירערס, די גרויסע סאָציאַליסטישע כופרים, זעענדיג אַז די זאַך גייט שוין אַריין אין די גדולות אַריין, האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ באַזוך ביים רב קוק אין דעם אָנגעלעגנהייט, און אויפקלערן אים זיין טעות.

זיי — די אַרבייטער פירערס — האָבן לכאורה געהאַלטן פון רב קוק וועלטן, ער האָט דאָך געדינט זייערע אינטערעסן מער ווי יעדער איינער, און ער האָט זיי אַריינגעבראַנגט גרויס נוצן, סיי אין ארץ ישראל, סיי אין חוץ לארץ. אָבער דאָ ביי די מעשה האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַ וואַנט צווישן זיי. האָבן זיי זיך מיישב געווען אַז מ'דאַרף טאָן אין דער זאַך וואָס ס'איז מעגליך, אויפקלערן דעם רב קוק און אויסגלייכן די דיפערענצן.

זיי האָבן זיך געמאָלדן ביי רב קוק אויף אַ באַזוך, און זענען צו אים געקומען צו די באַשטימטע צייט, דאָס גאַנצע אפיקורס'ישע געזינדל, וועלכע זענען דעמאָלס געווען די אַרבייטער פירער.

בערל קאַצענעלסאָן, דוד רמז, אליעזר קאַפּלאַן, יוסף שפּרינצאַק, און נאָך עטליכע.

דוד רמז איז געווען דער „ראש המדברים” ער האָט מיט זיך מיטגע־ברענגט אַ גאַנצן שטויס מיט שריפטן און אַקטן, וועלכע ער האָט אַרויסגענומען פון בית המשפט, כדי צו קענען ווייזן און אויפקלערן דעם רב קוק. אויך האָט

ער מיטגעבראַכט פאַרשידענע אויסצוגן פון די רעוויזיאָניסטישע צייטונג, צו ווייזן וויאַזוי זיי האָבן געהעצט אַ קעגן אַרלאָזאָראָוו׳ן נאָך אַ לאַנגע צייט בעפאָר, טאָג טעגליך, ביז׳ן טאָג פונ׳ם אַטענטאַט איבער אים.

ער לייענט זיי פאָר איינע נאָכ׳ן אַנדערן, אין וועלכע די רעוויזיאָניסטן רופן אים אָן „פאַררעטער" „שפּיאָן" א. ד. ג. און זיי פאָדערן זיך אָפּצורעכענען מיט אים.

דאָס לעצטע שטיקל צייטונג, וועלכע איז געשריבן געוואָרן אַ וואָך פאַר׳ן מאָרד - אויספיר איבער אַרלאָזאָראָוו, לייענט רמז מיט אַ טריאומף, ס׳לייענט זיך פאָלגענד:

— „תל חי"! אַ גרויסן שאַנד און אַ גרויסן צאָרן ברענגט ער אויף אונז דער אַרלאָזאָראָוו מיט זיינע חברים. איז נאָך נישט געקומען די צייט אַז די שענדליכע פּרשה זאָל געלעזט ווערן איינמאָל פאַר אַלעמאָל?! ביז אַרלאָזאָראָוו וועט נישט באַזייטיקט ווערן, וועט שטראָמען צו אונז אָן אויפהער די דייטשע סחורה, און אָנפילן היטלער׳ס קאַסע מיט גאָלד, וועלכעס קומט אַהער אויף די וואונטשן פון אַרלאָזאָראָוו, וועלכער טוט פאַרראַטן זיין פאָלק, און פאַרקויפט אונזער כבוד אין דער עפנטליכקייט פון דער וועלט".

אידישע יוגענט! אַ ענדע זאָל נעמען צו אַרלאָזאָראָוו׳ס פאַסקודנע מעשים! נאָר מיט בלוט וועט מען אָפּווישן די חרפה! — תל חי"!

נו, וואָס וועט דער רב זאָגן נאָך דעם אַלעמען? — האָט רמז אויסגעפירט.

בערל קאַצענעלסאָן האָט איבערגענומען דעם שמועס, און האָט פאָרגעזעצט:

— צו דעם אַלעמען איז דאָך געוועזן אַ גערעכטער משפט, פון דריי אנערקענטע אומפּאַרטייאישע שופטים. מ׳האָט אַלעס גענוי אויסגעפאָרשט, מ׳האָט אויפגענומען עדות, מ׳האָט סטאַווסקי׳ן יענע נאַכט פונ׳ם אָנפאַל געזען אין יענע געגנט ביים „שפת הים". אַרלאָזאָראָוו׳ס ווייב האָט דערקענט סטאַווסקי׳ן שטייענדיג אין די רייע צווישן אַנדערע זעקס־זיבן, זי האָט אויף אים אָנגעוויזן מיט׳ן פינגער — „דער האָט געשאָסן מיין מאַן!".

דער משפט איז פון די שופטים שטודירט געוואָרן מיט גרויס פאָרזיכטיקייט און ערנסקייט, ביז מ׳האָט אַרויסגעטראָגן דעם גערעכטן אורטייל. און אין די תורה שטייט דאָך אויך אַזוי — האָט קאַצענעלסאָן אויסגעפירט — אַז דער רוצח דאַרף באַצאָלן מיט זיין לעבן.

ס׳איז נישט מעגליך אין דער וועלט, אַז איר זאָלט מיך ברענגען צו דער איבערצייגונג — האָט רב קוק געזאָגט אַנטשלאָסן — אַז סטאַווסקי איז אַ רוצח, און ער האָט דערמאָרדעט אַרלאָזאָראָוו׳ן. איך בין זיכער אַז אַ גוי־אישע האַנט האָט דאָס געטאָן.

רמז האָט שוין אַביסל פאַרלוירן זיין גלייכגעוויכט, און האָט געזאָגט מיט אויפרעגונג — איך גלייב נישט בשום אופן, אַז דער רב זאָל האָבן אין זיך

אַזאַ נאַאיוויטעט, ער זאָל באמת האַלטן אַז אַ איד קען נישט זיין קיין רוצח. פאַרוואָס זאָל ער נישט קענען זיין?! אידן זענען נישט אַנדערש פון אַ אַנדער פאָלק און אַנדערע מענטשן. הערצל האָט געזאָגט, אַז מיר וועלן נישט האָבן אַ „מדינה יהודית" ביז מיר וועלן נישט האָבן אייגענע רוצחים, אייגענע גזלנים, אייגענע אונטערוועלט מענטשן, אַלעס אייגענע... און מיר לעבן הייַנט שוין אין די תקופה, וואָס מיר גרייטן זיך צו האָבן בקרוב אַן אייגענע מדינה, מוזן מיר אויך האָבן רוצחים און אייַנברעכער, דאָס איז אַ נאָרמאַלער דערשייַנונג ביי אַ יעדן פאָלק. נישט מער וואָס דער רוצח דאַרף באַקומען זיין שטראָף. און ווער ס'העלפט אים אַרויסדרייען זיך פון זיין פאַרדינטן שטראָף, איז אַ שותף צו זיין רציחה.

רב קוק האָט ווייטער געענטפערט מיט אַ ווייכן — אָבער אַנטשלאָסענעם — טאָן:

— גלייבט מיר מיינע טייערע פריינט! אַז ס'ברענט אין מיין האַרץ אַ גרויסע ליבשאַפט צו אַ יעדן אַרבייטער אין ארץ ישראל, איך האָב ליב די קי־בוצים, די חלוצים זענען מיר ווי אַדאָפּטירטע קינדער, און די אַלע וועלכע אַר־בעטן מיט איבערגעגעבנקייט אויפצולעבן די וויסטענישן פון אונזער הייליג לאַנד. גלייבט מיר אַז נישט איינמאָל באַדויער איך, פאַרוואָס איך בין נישט אַ אַרביי־טער צו טרוקענען די זומפּן ערגעץ אין גליל. און טאַקע איבער דער גרויסער ליבשאַפט צו אַ יעדן איד אין ארץ ישראל וועל איך ביי קיין פאַל נישט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז סטאַווסקי איז אַ רוצח. איך קען סטאַווסקי'ן איך בין באַקאַנט מיט זיין אַרבעט פאַר אונזערע הייליגע אידיאַלן אין ארץ ישראל, און איך בין איבערצייגט אַז ער איז אומשולדיג, און קיין זאַך וועט מיר נישט אָפּהאַלטן צו קעמפן פאַר זיין באַפרייאונג, ביז מיין אַרבעט וועט געקרוינט ווערן מיט ערפאָלג.

זיי האָבן איינגעזען אַז זיי וועלן מיט'ן רב קוק גאָרנישט מאַכן, ער בלייבט איינגעשפאַרט ביים זייניגן, האָבן זיי זיך מיט אים געזעגנט און זענען אַוועק.

דער רב קוק האָט געאַרבעט מער ווי אַ יאָר צייט, אויף צו באַפרייען סטאַווסקי'ן, עטליכע מאָל איז אים געלונגען אָפּצושטופּן דאָס אויספירן פונ'ם אורטייל, ער האָט אַלאַרמירט די גאַנצע וועלט, גרויסע דיפּלאָמאַטן און מיניס־טאָרן האָבן אונטערוועגירט ביי די ענגלישע רעגירונג אין לאָנדאָן, וועגן סטאַוו־סקי'ן. צווישן זיי אויך דער פרעמיער מיניסטער פון פוילן, פון וואַנעט סטאַווסקי איז געקומען.

ביז סוף סוף האָט די ענגלישע רעגירונג איינגעזען אַז זי דאַרף נאָכגעבן דעם גרויסן דרוק, אַזוי וועט זיין בעסער פאַר איר טובה וועגן. האָט מען גע־מאַכט אַן אַפּעלאַציע צו אַ העכערן געריכט, און ס'איז געקומען אַ וואונק פון די רעגירונג אַז מ'זאָל סטאַווסקי'ן באַפרייען. און אַזוי איז ער באַפרייט געוואָרן נאָך פערצן חדשים נאָכ'ן אַרויסגעבן דעם אורטייל.



מיר האָבן נישט אַראָפּגעברענגט די מעשה, כדי צו נעמען אַ שטעלונג אין דער זאַך, צי פאַר סטאַווסקי׳ן אָדער אַ קעגן סטאַווסקי׳ן. מיר קענען נאָר איין זאַך זאָגן: אפילו מיר זאָלן אָננעמען אַז ס׳איז נישט זיכער, אַז סטאַווסקי האָט דורכגעפירט דעם מאָרד איבער אַרלאָזאָראָוו׳ן. כאָטש ס׳איז געווען גענוג באַוויזן, מיט אַ גערעכט אורטייל פון דריי שופטים א. א. וו. אָבער דאָך, אַ זאַך וואָס מיר האָבן נישט געזען מיט אונזערע אויגן, קענען מיר אפשר נישט זאָגן אַז מיר ווייסן אויף זיכער. און ס׳איז אויך נישט קיין „נפקא מינה״ פאַר אונז צו וויסן דאָס. אָבער איין זאַך ווייסן מיר יאָ זיכער, אַז סטאַווסקי, און זיינע גלייכן יונגען — פון וועלכע פּאַרטיי ס׳זאָל נישט זיין — זענען געווען פעהיג אָפּצוטאָן אַזאַ שטיקל אַרבעט.

אָט נעמט למשל, דעם מאָרד איבער ד״ר דיהאַן. דאָרט האָט דאָך קיינער נישט געהאַט קיין צווייפל, אַז אַזעלכע ווי סטאַווסקי און זיין גלייכן, האָבן אים דערמאָרדעט. נישט קיין חילוק, צי דער יונג אָדער אַ אַנדער יונג, צי פון די פּאַרטיי אָדער פון אַ אַנדער פּאַרטיי. דער עיקר „אַ פּראָדוקט פונ׳ם הערצל־ציוניזם״, וועלכעס איז געבויט געוואָרן אויף געוואַלד־טאָטן און הפקירות, אַן שום „אמונה״ און רעליגיע רח״ל. אַזוי ווי דער כופר „הערצל״ אַליין האָט דאָס געפּרעדיגט ביי זיין לעבן, און אָפּגעשריבן שוואַרץ אויף ווייס אין זיין בוך.

וואָרים, דער ענין איז אַזוי, אַז אַ איד, פּונקט אַזוי ווי ווען ער איז אַ „שומר תורה ומצות״ שטייט ער העכער פון אַלע גוים. דערקעגן, ווען ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם „עול מלכות שמים״ און איז אויסגעטאָן פון תורה און פון אמונה רח״ל, איז ער ערגער פון די גוים, וועלכע גלייבן אַז ס׳איז דאָ אַ ג־אָט אויף דער וועלט. און ער קען אויך בעסער די מלאכה פון „על חרבך תחי־ה״ ווי זיי. ממילא איז ער מסוגל אָפּצוטאָן אַלע מערדערייען און אַלע פאַרברעכערישע מעשים. ס׳איז נישטאָ קיין זאַך וואָס ס׳זאָל אים אָפּהאַלטן.

מיר האָבן נאָר אַראָפּגעברענגט די מעשה צו זאָגן, אַז די דאָזיגע מעשה האָט מען — וואַרשיינדליך — דערמאָנט דעם רב קוק אין הימל ביים „בית דין של מעלה״, אויפדעם אַרויף וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט נישט געקענט טאָן פאַר ד״ר דיהאַן גאָרנישט, טראָצדעם וואָס ער האָט געהערט און געוואוסט, אַז די ציוניסטן האַלטן אים אין איין דראָען, אַז מ׳וועט אים אַפּראַמען פון וועג. אַזוי ווי ס׳איז טאַקע געשען.

„ער קען זיך פאַר אים נישט איינשטעלן״ — האָט רב קוק געזאָגט — ווייל די גאַס און דער יוגענט איז זייער שטאַרק אויפגעברויזט אויף אים, און אויב ער וועט פאַר אים וועלן עפּעס טאָן, שטעלט ער זיך אַליין איין... און ער האָט טאַקע פאַר אים גאָרנישט געטאָן. ער האָט אַפילו נאָכהער נישט פאַרדאַמט דעם מאָרד און די מערדערס.

האָט מען אים געזאָגט אין הימל:

— נו, זע אַליין, אַז ביי די פּרשה פון חיים אַרלאָזאָראָוו האָסטו שוין יאָ געקענט טאָן, אָפּצוראַטעווען אייגעם וואָס אַ גערעכט האָט אים אָפּגעפּסק׳עט

דעם טויט, פאַר מאָרדן אַ מענטש אין קאַלט בלוט (אין שבת קודש!) כאָטש די אַלגעמיינע עפנטליכע מיינונג איז אויף אים געווען אַזוי שטאַרק אויפגע־ברויזט. אַוודאי נישט ווייניגער ווי אויף ד״ר דיהאַן, וועלכער האָט אין דער אמת׳ן קיינעם גאַרנישט געשאַדט, פיזיש אוודאי און אוודאי נישט. און ביסט בעגאַנגען קעגן די גאַס און קעגן די וועלט, און האָסט אפילו מתיר געווען מחלל שבת זיין, וועגן אַ זאַך וואָס קען זיך גאַרנישט אַנרופן „הצלה״. און האָסט אויפ־גערודערט די גאַנצע וועלט, און נישט גערוט ווי לאַנג דו האָסט אים נישט גערעטעוועט.

אלא מאי — האָט מען אין בית דין של מעלה געמאַכט דעם אויספיר צו רב קוק — האָסטו געהאַט אין דעם, פאַר וועם זיך איינצושטעלן אים צו ראַטעווען, צוויי מאָס־מיטלען. און צו דעם וואָס אַ ציוניסטישער אפיקורס׳ישער יונג האָט געקענט זוכה זיין, צו געניסן פון דיין שוץ און הילף, האָט אַ ערליכער איד „אַ שומר תורה ומצוות״ נישט געקענט זוכה זיין. ער איז אַ בעל מחלוקה, ער מאַכט זיך באַריש א. א. וו. ער איז נישט ווערט מ׳זאָל זיך פאַר אים איינשטעלן.

מיר וואָלטן געקענט נאָך אַסאַך אַזעלכע פאַלן אָראָפּברענגען פון רב קוק, איבערצוצייגן נאָך מער דעם אוטענטישקייט פון אונזער אויבערשטן אויס־פיר. נאָר ס׳וועט שוין צופיל פּלאַץ פאַרנעמען, און ס׳איז אויך שוין איבעריג.

## ז.

## ווער? און וואָס? האָט פאַראורזאַכט די פּאָגראָמען פון תרפ״ט.

איצט וועלן מיר דאָ — בדרך אגב — אויפמישן אַ טרויעריג קאַפּיטל, וועלכעס איז באַקאַנט אין דער געשיכטע אַלס „פּרעות תרפ״ט״. ווען ס׳זענען געהרג׳עט געוואָרן עטליכע הונדערט נפשות דורך דער אויסטערלישע „מיתות משו־נות רח״ל. און אַסאַך אַ גרעסערער צאָל זענען פאַרוואונדעט און פאַרקריפּלט געוואָרן. אונזער ציל מיט דעם דערציילונג איז, אויפצוזוכן פאַר אייך — חשוב׳ע לייענערס — די מאָטיוון און אורזאַכן וועלכע האָבן צוגעברענגט צו דעם שרעקליכן פּאָגראָם. פאַר אַ „מוסר השכל״ וועגן. און איר וועט אַליין זען קלאָר, אַז דער רב קוק — דער גרויסער „בעל אהבת ישראל״ — טראָגט אויף זיך נישט אַ קליינעם פאַראַנטוואָרטליכקייט איבער די טרויעריגע געשיכטע.

די מעשה — קען מען אפשר זאָגן — איז דער קלימאַקס־פּונקט, פון רב קוק׳ס לייכטזיניגע נאַציאָנאַלע טעטיגקייטן „לטובת״ דעם פאָלק ישראל. מיר וועלן עס דאָ אַראָפּברענגען שטאַרק בקיצור.



אַלס אַ שטיקעלע הקדמה, ווילן מיר ערשט באַמערקן, אַז איינס פון די זאַכן איבער וועלכן די אַראַבער אין ארץ ישראל זענען געווען זייער סיג־סעטיוו (פינדליך) אין אַלע צייטן, איז געווען דער „כותל מערבי״ און דער שטח פון „הר הבית״, דאָס מיינט: דער מקום המקדש — (דאָס פּלאַץ וואו דער בית המקדש איז אַמאָל געשטאַנען). די חז״ל זאָגן „אע״ג דאיהו לא חזי מזלייהו חזי״ — זייער מזל אין הימל (דאָס מיינט: זייער שר) האָט געזען דעם אמת, אַז די גאולה פאַר אידן וועגדעט זיך אינ׳ם „בנין בית המקדש לעתיד״ — דער אויפבוי פונ׳ם צוקונפטיגן בית המקדש, און אינ׳ם באַנייען דאָרט די עבודה צו הקב״ה. און ווילאַנג אידן האָבן דאָס נישט האָבן זיי גאָרנישט. דעריבער אַלע־מאָל ווען ס׳האָט זיך געדאַכטן פאַר די אַראַבער אַז די אידן ווילן זיי פון דאָרט אַרויסשטופן און ווערן די בעלי בתים, האָבן זיי געקערט וועלטן.

די אמת׳ע ערליכע אידן האָבן זיך נישט געוואָלט איינרייסן מיט זיי אויף דעם געביט. סייווי זענען מיר דאָך דערווייל אין גלות, ביז דער אויי־בערשטער וועט אונז אויסלייזן, און דער בית המקדש וועט צוריק אויפגעבויט ווערן. און ווען די דאָזיגע צייט וועט קומען, וועלן זיי — די אַראַבער — ממילא פאַרשוואונדן פון דאָרט. איז, ביז דערווייל איז מען געווען צופרידן אַזוי ווי ס׳איז. אַבי מ׳קען דאָרט זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך תהלים, און אַוועקגיין.

וואָרים ס׳איז באַקאַנט דער מענטאַליטעט פון די אַראַבער פון אַלע צייטן. אַז ווילאַנג מ׳טוט זיי נישט אויפרעגן און אויפהעצן, מ׳טשעפּעט נישט זייערע זאַכן, קען מען לעבן מיט זיי בשלו׳ם און אויסקומען אויפ׳ן בעסטן אופן, מער ווי מיט אַלע פעלקער. אָבער טאָמער טוט מען זיי אויפרייצן, זענען זיי ערגער און גרויזאַמער פון אַסאַך אַנדערע גוים, און ס׳ברענגט צו שפיכת דמים איבער אידן, רח״ל. אַזוי ווי ס׳איז טאַקע געווען דער פאַל דאָ מיט די געשיכטע וועלכעס מיר גייען אייך איצט דערציילן.

ס׳איז אינטערעסאַנט וואָס דער פריערדיגער גערער רבי זצ״ל שרייבט אין דעם אנגעלעגנהייט וואָס מיר האָבן דאָ געמאָלדן, איבער׳ן מענטאַליטעט פון די אַראַבער.

אין דעם בריוו וואָס דער גערער רבי זצ״ל האָט געשריבן אויפ׳ן שיף פאָרענדיג אַהיים צוריק פון זיין באַזוך אין ארץ ישראל, שרייבט ער דאָרט דאָס פאָלגענדע: (איבערגעזעצט אין אידיש).

„ווען איך בין געגאַנגען אין די גאַסן פון ירושלים אין די אַראַ־בישע געגנט, וואו ס׳דרייען זיך אַרום די אַראַבער מיט זייערע קאַמעלן, כמעט אומעטום וואו איך בין פאַרביי געגאַנגען האָבן זיי זיך אָפּגע־רוקט פון וועג מיט ערפורכט (יראת הכבוד). הלוואי מיר זאָלן זוכה זיין צו אַזאַ באַציאונג צווישן די אַנדערע גוים אין אַלע לענדער. מיין מיי־נונג איז, אַז מ׳קען מיט די אַראַבער אָנקניפּן גוטע באַציאונגען און לעבן מיט זיי רואיג און זיכער״.

אויך שרייבט ער דאָרטן:

„איך האָב באַזוכט דעם ענגלישן מושל (נציב) א. סאמועל, און ער האָט פאַרשפּראָכן אַז ער וועט צוהעלפן פאַר די פרומע וועלכע קר מען זיך באַזעצן אין ארץ ישראל, אַז ס'זאָל זיי געגעבן ווערן אַלע רעכטן, פונקט ווי פאַר אַלע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. ער האָט מיר ערלויבט צו פאַרשטענדיגן דאָס אומעטום אין זיין נאָמען. ער האָט אָבער צוגעגעבן אַ באַדינג, אַז נאָר ווען עס וועט זיין אויף אַן אופן צו לעבן בשלום מיט די אַראַבישע איינוואוינערס. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך קען אים דאָס פאַרזיכערן. איך האָב געזען אַז זיין פנים האָט אויפגעלויכטן פון מיין צוזאָג".



אַלזאָ, דער רב קוק מיט זיינע מענטשן „די רעליגיעזע און די פרייע ציוניסטן" האָבן געהאַט אַן אַנדערן אָנשויאונג אין דער זאַך. זייער נאַציאָנאַליסטישער־ציוניסטישער שטאָלץ האָט זיי דיקטירט, אַז מ'דאַרף ביי יעדער זאַך און ביי יעדער געלעגנהייט דעמאָנסטרירן, אַז מיר זענען דאָ אין ארץ ישראל נישט קיין פרעמדע! מיר דאַרפן זיך נישט רעכנען מיט די אַראַבער! מיר זענען דאָ נישט אין גלות! ס'איז אַלעס — אייגענטליך — אונזער, אַזוי ווי ס'איז געווען אַמאָל. מכל־שכן ביים „כותל מערבי" אוודאי און אוודאי.

איז, אויף דעם באַזיס, האָט מען אָנגעהויבן צו בעל בתי'ווען זיך ביים כותל מערבי. צו מאַכן פאַרבעסערונגען אינ'ם שטח, ס'זאָל זיין באַקוועמער פאַר די באַזוכער. מ'האָט אויסגעשטעלט בענק איבער די גאַנצע לענג פונ'ם כותל מערבי, מ'זאָל קענען זיצן רואיג, נישט מ'זאָל דאַרפן שטיין אויף די פיס, ווי ביז אַהער. מ'האָט געבראַכט אַהין אַ ארון הקודש"ל מיט אַ ספר תורה, מ'זאָל דאָרט קענען לייענען און דאַווענען בציבור, אינדערוואָכן, און שבתות וימים טובים, וועלכעס איז ביז אַהער נישט געווען. מ'האָט איינגעריכטעט אַ סטאַבילע באַלייכטונג אויף ביינאַכט. אויך האָט מען אָנגעהויבן צו מאַכן שטערונגען פאַר דעם אַראַבער וועלכער איז דאָרט דורכגעגאַנגען איבער'ן שטח, פון איין זייט צו דער צווייטער (ווייל פון ביידע זייטן פונ'ם כותל מערבי איז געווען וואוינערטער) מיט'ן אויסרייד, אַז ער שטערט דאָס דאַווענען א. א. וו.

די רעגירונג אין ירושלים האָט נישט געקוקט מיט אַ גוט אויג אויף די אַלע נייע ענדערונגען און איינריכטונגען. זי האָט געוואוסט אַז די אַראַבער וועלן נישט שווייגן, זיי וועלן בונטעווען און רעוואָלטירן דערקעגן, און ס'וועט קומען צו אומרוען. די רעגירונג האָט געשיקט אַ נאָטיץ צום „וועד הלאומי", אַז זי קוקט מיט גרויס זאָרג אויף אַלע נייע ענדערונגען און איינפירונגען ביים כותל מערבי, איבערהויפּט דאָס איינריכטן דאָרט אַן ארון הקודש מיט אַ ספר תורה, דורך וועלכן דאָס פּלאַץ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ סטאַבילע „סינאַגאָגע" (שול), וועלכעס איז ביז היינט נישט געווען.

ס'איז מערקווירדיג, אַז דער ציוניסטישער „וועד הלאומי" האָט אריינ־

געשיקט אַ שייַנעם בריוו צום — דורך זיי שטאַרק פאַרהאַסטן — רב רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, אין וועלכן זיי בעטן אים, אַזוי ווי ער איז פון די עלטסטע רבנים אין לאַנד, וועלכער וואוינט שוין איבער פופציג יאָר אין ירושלים, און זיכער ווייס ער אַסאַך איינצלהייטן אנבעלאַנגט דאָס אנגעהעריגקייט פון די אידן צום כותל מערבי, און אַלע פריערדיגע איינפירונגען דאָרט. דעריבער בעטן זיי אים ער זאָל זיי ענטפערן אויף אַ רייע פראַגעס, וועלכע זיי רעכנען אויס אין זייער בריוו מיט אַ סדר לויט נומערן. און ער זאָל זיי אויך געבן ווי ווייט מעגליך אַן אַלגעמיינע ברייטע אינפאָרמאַציע איבער׳ן כותל מערבי, אַלעס וואָס ער ווייס אין דעם אנגעלעגנהייט. סוף פונ׳ם בריוו טוען זיי אים באַ־מערקן, אַז זיי זענען זיכער אַז ער וועט זיי ווי אַמשנעלסטן ענטפערן אויף אַלעמען אויספירליך, וואָרים ער פאַרשטייט אוודאי אַז די זאַך איז הויפּטזיכט־ליך אין די אינטערעסן פונ׳ם רעליגיעזן און פרומען אידנטום אין ארץ ישראל, וועלכע קלאַמערן זיך אינ׳ם „הייליגקייט״ פונ׳ם כותל מערבי.

ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז רבי יוסף חיים זאָנענפעלד — דער רב פון די אָפגעטיילטע „עדה חרדית״, און דער גרויסער קנאי און קעמפער קעגן דעם ציוניסטישע „וועד הלאומי״ — האָט דאַסמאָל געפונען פאַר נויטיג צו ענטפערן אויף זייער בריוו צו אים *).

מיר זענען עס מעתיק דאָ אין וואָרטליכע אידישע איבערזעצונג:

כבוד „הוועד הלאומי״ ירושלים.

אַלס ענטפער אויף אייער בריוו פונ׳ם אַכצנטן אין דעם חודש, אַנ־באַלאַנגט דעם כותל מערבי, טו איך אייך פאַרשטענדיגן אַז — צום באַדויערן — האָב איך נישט צו געבן פאַר אייך גאָר קיין אינפאָר־מאַציע און איינצלהייטן אַרום די פראַגען וועלכע איר האָט פאַר מיר פאַרגעלייגט אין אייער בריוו. און אויך נישט אַנדערע אינפאָרמאַציעס אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם. אָבער אויף די פראַגע — די פאַר־לעצ־טע — וואָס איר פרעגט, אויב מ׳האָט אַמאָל געבראַכט אַן ארון קודש מיט ספרי תורה צום כותל מערבי? — ווייס איך אויף זיכער, אַז ס׳איז קיינמאָל נישט געווען איינגעפירט די זאַך. און אויך הייַנט בין איך נישט צופרידן דערפון!

המחכה לישועה קרובה, יוסף חיים זאָנענפעלד.

רבי יוסף חיים׳ס ענטפער צום וועד הלאומי, איז באַקאַנט געוואָרן אין דער גאַס. גלייכצייטיג איז אויך מפורסם געוואָרן רבי יוסף חיים׳ס נעגאַ־טיווע שטעלונג צו די אַלגעמיינע נייעסטע ענדערונגען און פאַרבעסערונגען אינ׳ם שטח פון כותל מערבי. וועלכעס האָט ארויס גערופן גרויס פאַרוואונ־

*) אין ספר „שאלו שלו׳ם ירושלים״ (פון הגאון רבי משה נחמי׳ה כהניו זצ״ל) איז פאַרהאַן אַ פאָטאָ־קאָפּיע פונ׳ם אריגינעלן ענטפער רבי יוסף חיים׳ס.

דערונג אין אַלעמענס אויגן: — ס׳טייטש רבי יוסף חיים זאָנענפעלד טוט גרינג־שעצן דעם כותל מערבי?! ס׳איז ביי אים נישט חשוב אַז מ׳מאַכט פאַרבע־סערונגען און באַקוועמליכקייטן, און מ׳וועט דאָרט קענען דאַוונען בציבור אַלע אינדערפרי אויך שבת און יום טוב?!

מענטשן היימישע זענען אים צוגעשטאַנען ער זאָל זיי ערקלערן די מאָ־טיוון פון זיין שטעלונג.

רבי יוסף חיים האָט זיי אָנגעוויזן אויף די גמרא (מסכת מגילה כ״ח.): — „חרוב׳דיגע שולן לאָזט מען אויף זיי וואַקסן גראָז, און מ׳רייסט די גראָז נישט אַראָפּ, כדי מ׳זאָל האָבן עגמת נפש קוקענדיג דערויף, און בעטן רחמים אויף איר אויפבוי״. און אַז דאָס איז ביי געוויינליכע שולן, מכל־שכן ביים „כותל מערבי״ וועלכעס איז דער איבערבלייבעכץ פון אונזער בית המקדש, דאַרף מען אוודאי נישט טאָן קיין זאַך וואָס ס׳זאָל פאַרמינערן דעם טרויעריגן איינדרוק און „עגמת נפש״ פונ׳ם „חורבן בית המקדש״. אויף וועלכן מיר דאַרפן שטענדיג קלאָגן, און בעטן אַז ס׳זאָל צוריק אויפגעבויט ווערן ווי אמ־שנעלסטן, און מיר זאָלן קענען ווייטער טאָן די עבודה אין בית המקדש צו הקב״ה. וואָס דאָס איז דער גאַנצער תכלית פון ארץ ישראל.

זיי, די פרייע ציוניסטן — האָט רבי יוסף חיים פאַרגעזעצט — זיי האָבן אינ׳ם אויפבוי פונ׳ם בית המקדש און אין די עבודה צו הקב״ה, גאָר קיין אינטערעס. איז, פאַר אַן אינסטרומענט צו זייערע פוסטע נאַציאָנאַלע פאָ־דערונגען האָבן זיי געצוגן דעם כותל מערבי, מער דאַרפן זיי נישט. דעריבער זענען זיי פאַראינטערעסירט דאָס אויסצופוצן און פאַרשענערן.

און א חוץ דעם — האָט רבי יוסף חיים מסביר געווען זיין שטעלונג — מיר גייען אינ׳ם דרך פונ׳ם הייליגן „חתם סופר״ וואָס ער פלעגט זאָגן „חדש אסור מן התורה״: אַ יעדע נייע איינפירונג וועלכעס איז נישט געווען ביז היינט איינגעפירט ביי ערליכע אידן, דאַרף מען זיך דערפון היטן. נו, ביז היינט איז נישט געווען איינגעפירט קיינמאָל, אַז מ׳זאָל מאַכן דעם חצר פאַר׳ן כותל מערבי פאַר אַ סטאַבילע בית המדרש, צו דאַוונען און לייענען דאָרט בציבור אינדערוואָכן און שבת ויום טוב. דעריבער בין איך נישט דערפון צו־פרידן, וואָס מ׳האָט געברענגט אַהין אַן ארון הקודש מיט אַ ספר תורה. ווען דאָס וואָלט געווען אַן ענין אין „עבודת השם״ וועלכעס דאַרף געטאָן ווערן, וואָלטן דאָס די פריערדיגע גאונים צדיקים — וועלכע איך האָב געהאַט די זכי׳ משמש צו זיין — שוין לאַנג געווען איינגעפירט. און אַז זיי האָבן עס נישט געטאָן, דאָס אַליין איז שוין גענוג אַ באַווייז אַז מ׳דאַרף נישט!

איבערהויפּט אַז די אפיקורס׳ישע ציוניסטן האָבן זיך גענומען צו פאַר־אינטערעסירן אינ׳ם כותל מערבי — האָט רבי יוסף חיים אויסגעפירט — און די אַלע נייע ענדערונגען און איינפירונגען שטאַמען אַהער פון זיי — וועלכע האָלטן גאַרנישט אייגנטליך פונ׳ם הייליגקייט פון כותל מערבי, פונקט אַזוי ווי זיי פאַרשוועכן אַלע אונזערע הייליגקייטן, ביי זיי איז דער כותל מערבי

נישט מער ווי אַ נאַציאָנאַלער היסטאָרישער אָביעקט — איז זיכער אַז ס'שטעקט דערינען אַ „מעשה שטן". ווען מ'זעט עס נישט היינט, ווען מען עס זען שפּע־טער. ווארים דאָס איז קלאָר אַז פון זיי קומט קיין גוטס אַרויס, רח"ל.



ס'האָט נישט לאַנג גענומען. די אַראַבער האָבן זיך געכאַפּט אַז די אידן רידערן עפּעס צופיל אַרום דעם כותל מערבי, זיי האָבן זיך גענומען צו בעל בתי'ווען ווי ביי זיך אינדערהיים! זעגען זיי געלאָפן צו די רעגירונג און גע־מאַכט אַ גרויסן טומל.

ס'טייטש! די אידן ווילן זיי פון דאָרט אַרויסשטופּן און ווערן די בעלי בתים! זיי וועלן נישט שווייגן. ס'וועט זיך גיסן בלוט! זיי וועלן איבערקערן דאָס גאַנצע לאַנד.

די רעגירונג — וועלכע האָט געזוכט אַלע מיטלען צו לעבן בשלו'ם מיט די אַראַבער, צו האַלטן זיי אין צוים, זיי זאָלן נישט בונטעווען — האָט זיך טאַקע דערשראָקן פון זייערע סטראַשונקעס. און האָט זיך געאיילט צו פאַר־עפנטליכן אַ דעקלאַראַציע אנבעלאַנגט דעם כותל מערבי, אין וועלכן ס'זאָגט זיך דאָס פאָלגנדע:

„דער „כותל מערבי" איז אַ מוסולמענישער אייגנטום. די אידן האָבן דאָס רעכט צו קומען אַהין אָפּצוריכטן זייערע תפילות אַלס „חזקה" וואָס זיי טוען דאָס שוין פון אַסאַך יאָרן צוריק, און דאָס טאָר זיי נישט געשטערט ווערן. אָבער ס'טאָר נישט אַריינגעבריינגט ווערן — דורך די אידן — קיין שום ענדערונג, אנבעלאַנגט באַקוועמליכקייטן אָדער פאַר־בעסערונגען, איבע'ם שטח אַרום דעם כותל מערבי".

צוגלייך מיט'ן פאַרעפנטליכן די דאָזיגע דעקלאַראַציע, איז אויך געגעבן געוואָרן אַ באַפעל פון די רעגירונג, אַוועקצונעמען צוריק אַלע בענק פונ'ם כותל מערבי, וועלכע זענען דאָרט אויסגעשטעלט געוואָרן, דורך די אידן. (ס'דאַרף דאָ באַמערקט ווערן אַז מיט אַסאַך יאָרן צוריק איז שוין אויך געווען אַ צייט וואָס ס'זענען געווען אויסגעשטעלט בענקלעך צו זיצן ביים כותל מערבי. און די אַראַבער, נישט נאָר וואָס זיי האָבן נישט געשטערט, נאָר ס'איז געווען געשטעלט אַן אַראַבישער משמש וועלכער האָט אַכט געגעבן אויף די בענקלעך, און פלעגט זיי אויסשטעלן אין די רייען א. א. וו. אָבער דעמאָלס האָט די זאַך נישט אנגענומען קיין נאַציאָנאַלן כאַראַקטער און קיין שום פּאָליטישע כוונות, האָט עס נישט געאַרט די אַראַבער).

אויך האָט די רעגירונג געהייסן אַוועקנעמען צוריק דעם ארון הקודש מיט די ספר תורה, און אויך צעשטערן די באַלויכטונג פון ביינאַכט.

די אַראַבישע שקצים אַרום האָבן דערפילט אַז ס'איז „ידם על העליונה" — (זיי האָבן דעם אויבערהאַנט) ביים כותל מערבי, און די רעגירונג האַלט מיט זיי. האָבן זיי באַגלייט די אויבנדערמאָנטע פעולה, פון אַוועקנעמען די בענק און

דעם ארון הקודש א. א. וו. מיט א שטיקל פאגראם איבער די אידן וועלכע
האבן זיך דעמאלס דארט געפונען ביים כותל מערבי. זיי האבן געטיילט קלעפ
אויף רעכטס און לינקס. ביז ס'איז אנגעקומען עטליכע ענגלישע פאליציי און
האבן זיי איינגעשטילט מיט כח.



דער רב קוק איז זייער אויפגעברויזט געווארן איבער די דעקלאראציע פון די רעגירונג. ער האט דאס אנגערופן „א שענדליכער אקט", וואס די ענג־לישע רעגירונג האט פארשעמט דערמיט דעם גאנצן פאלק ישראל; זי האט זיך אונטערגעווארפן אונטער'ן דרוק פון די אראבער, צו צוגזל'ען פון אונז אידן דעם כותל מערבי, וועלכעס איז אונזער אייגענטום פון פאר טויזנטער יארן צוריק. רב קוק האט ארויסגערופן א „הייליגן קאמף" א קעגן דעם.

דאס ערשטע זאך האט דער רב קוק „גוזר תענית" געווען. ארויסגעגעבן א באפעל: יעדער מוז פאסטן אלס פראטעסט קעגן די רעגירונג, איבער די רשעות'דיגע דעקלאראציע וואס זי האט ארויסגעגעבן אנבעלאנגט דעם כותל מערבי.

אין די גאסן איז געווען געקלעבט צעטלען מיט'ן איינלייטונג:

„הרב הראשי קוק האט פראקלאמירט א תענית ציבור, איבער דעם שאנד וואס די רעגירונג האט פארשעמט דעם פאלק ישראל אין ארץ ישראל, אנבע־לאנגט דעם כותל מערבי... און איבער דעם פאגראם וואס די אראבישע שקצים האבן דארט געמאכט אויף די אידן, געטיילט קלעפ און פארטריבן אלעמען מיט בזיונות... יעדער מוז פאסטן, יונג און אלט, פון העכער די בר מצוה'ה...

רב קוק האט דא געהאט א גרויסן טעות. וויאזוי זאגט די וועלט: — „געמאכט דעם חשבון אן דעם בעל הבית". ווייל איין זאך האט רב קוק פאר־געסן, אדער געמאכט זיך פארגעסן, אז, כאטש ער איז טאקע געווען דער — דורכ'ן וועד הלאומי געקרוינטער — „רב הראשי" איבער ירושלים און איבער גאנץ ארץ ישראל. אבער די ערליכע אידן וועלכע האלטן פון א תענית, און זיי קענען פועל'ן ביי זיך א טאג נישט צו עסן — אז מ'דארף פאר'ן אוי־בערשטנס וועגן — איבער זיי איז דער בעל הבית געווען אן אנדערער, נישט ער — דער רב קוק.

איבער די דאזיגע ערליכע אידן איז געווען דער בעל הבית און ווארט־זאגער, הרב הגאון הצדיק רבי יוסף חיים זאנענפעלד זצ"ל דער רב ואב"ד פון די פרומע געמיינדע אין ירושלים, די עדה החרדית "וועד העיר האשכנזי". און ער — רבי יוסף חיים זאנענפעלד — דער קלוגער אמת'דיגער מנהיג, האט צו אלעמענס איבערראשונג ארויסגעגעבן תיכף א „מודעה" געקלעבט אין די גאסן, אז מ'זאל נישט פאסטן!

ער האט געזען מיט זיין חכמה און אמת, אז דער רב קוק מיט זיינע בוזעם־פריינט די נאציאנאליסטן־ציוניסטן, בייען דא פארקאכן א קאשע, קענען

די רעגירונג און קעגן די אַראַבער, און ווער ווייס צו וואָס דאָס וועט צוברענגען...

האָט ער זיך געאײַלט צו פאַרעפנטליכן אין די גאַס, אַז ער שטייט נישט צו צום תענית ציבור. טראַכטנדיג אפשר וועט ער קענען מיט דעם אביסל לעשן דאָס פייער, באַצייטנס.

מיר ווילן דאָ מעתיק זײַן די „מודעה" פון רבי יוסף חיים זאָנענפעלד מיט זײַן בית דין (אין אידישע איבערזעצונג):

„מיר אונטערגעשריבענע טוען פאַרשטענדיגן, אַז מיר האָבן נישט מסכים געווען אויסצורופן אַ תענית ציבור איבער דעם דאָזיגן „שאַנד"... וואָרים מיר פאַרלאָזן זיך אויף אונזער הויכגעשעצטע רעגירונג, אַז זי וועט אַלעס מסדר זײַן מיט גערעכטיגקייט און פאַר אונזער טובה וועגן... און זי וועט אונז באַשיצן אַז ס'זאָל מער נישט פאַסירן אַזעלכע געוואַלד־טאַטן... אָבער איבער דעם „שאַנד" פון די פריצות פון אונזער דור, דער שרעקליכער חילול שבת און יום טוב פאַר אונזערע אויגן, די פריצות'דיגע קליידונג פון אידישע טעכטער, און די פירצה וואָס מ'גייט אין דעם געאסר'טן העברע'אישן אוניווערסיטעט. אויף די דאָזיגע זאַכן געבירט זיך יאָ גוזר תענית זײַן, אויב דער בית דין פון די ספרדים און אשכנזים, מיט אַלע חרד'ישע געמיינדעס אין אונזער הייליג לאַנד זאָלן צו דעם מסכים זײַן און צושטיין. און דעמאלס וועט מען דאָס קענען אָנרופן אַ „תענית ציבור"...

דער אויבערשטער זאָל שוין צוזען די „שאַנד" פון אונזער הייליגע תורה... און זאָל אונז אַרויספירן פון דעם פינסטערניש...

ציון במשפט וצדקה תפדה בב"א.

אונטערגעשריבן רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, מיט זײַן בית דין.

די דאָזיגע „מודעה" פון רבי יוסף חיים זאָנענפעלד געקלעבט אין די גאַסן, האָט געקראַכט ווי אַ דונער אין די שטאָט. די ציוניסטן האָבן געליאַרעמט אין די בלעטער, אַז הרב זאָנענפעלד איז אַ פאַררעטער! ער גרובט אונטער די אינטערעסן און די שטרעבונג פונ'ם פאָלק ישראל, פאַר אַ נאַציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל. און אַפילו דער פשוט'ער „המון עם" אין ירושלים און אין ארץ ישראל, און אויך אין חוץ לארץ, האָט — די דאָזיגע שטעלונג און טאָט פון רבי יוסף חיים זאָנענפעלד — ערוועקט ביי זיי אַ פאַרביטערונג און פאַרוואונדערונג. ס'טייטש! רבי יוסף חיים זאָנענפעלד'ן אַרט גאָרנישט אַז די רעגירונג ערקלערט אַז דער כותל מערבי איז אַ מוסולמענישער אייגענטום, און אַז אַראַבישע שקצים שלאָגן אידן! פאַרקערט ער איז גאָר צופרידן דערמיט?! אַ באַווייז, ער קען נישט באַשטיין אַז אידן זאָלן איבערדעם פאַסטן?!

ס'האָט אָבער נישט לאַנג גענומען ביז דער המון עם האָט איינגעזען, אַז רבי יוסף חיים זאָנענפעלד'ס שטעלונג איז געווען דאָס ריכטיגע. און מ'האָט חרטה געהאַט פאַרוואָס מ'האָט זיך געלאָזט פאַרפירן פון רב קוק, צו מאַכן אַזאַ

טומל און רעוואָלט איבער דער זאַך. אָבער ס׳איז שוין געווען שפּעט. די ביטערע פאָלגן פון דער זאַך האָט מען שוין נישט געקענט אָפּהאַלטן.

*

רב קוק׳ס צעטלען וועגן תענית ציבור — מיט שאַרפע ווערטער קעגן די הערשנדע רעגירונג — איז געווען געקלעבט אומעטום. דעם רב קוק האָט נישט אינטערעסירט דער תענית, צי ס׳איז איבערהויפּט דאָ מענטשן וועלכע פאַסטן. אים האָט דער עיקר אינטערעסירט דער טומל און אויפברויז.

רב קוק האָט פאַררופן אַ גרויסן פּראָטעסט פאַרזאַמלונג, אויפ׳ן טאָג ווען עס איז באַשטימט געוואָרן דער תענית ציבור. ס׳האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם פון עטליכע טויזינט מענטשן. דאָס רוב זענען געווען פרייע פון אַלע ציר־ניסטישע פּאַרטייען. רב קוק האָט גערעדט — אין העברע׳איש — פייערדיגע רייד. ער האָט געהיצט און גערייצט דעם עולם מיט פּאַטריאָטישע לאָזונגען:

— „מיר וועלן נישט מפקיר זיין דעם כותל מערבי פאַר אַנדערע! מיר זענען מוחל די „טובות” און „חסדים”, וואָס די רעגירונג וויל אונז צוטיילן! מיר ווילן קומען צום כותל מערבי ווי צו אונז אַהיים! ס׳איז נישט ריכטיג דער פאַרדאַכט פון די אַראַבער אַז מיר ווילן איינבעמען דעם „הר הבית” מיט דערגעוואַלד. דאָס איז נאָר אַ בילבול און אַ אויסרייד. אָבער דער „כותל מערבי” איז אונזער אייגנטום, נישט אַ מוסולמענישער! ס׳איז אַלעס אונזער פון פאַר טויזינטער יאָרן!

ער האָט נישט געקאַרגט קיינע שאַרפע באַליידיגנדע ווערטער קעגן די מאַנדאַטורישע רעגירונג, וועלכע קאַפּיטולירט צום שאַנטאַזש פון די אַראַבער. ער האָט אויסגעפירט:

— רבותי! מיר דאַרפן אַלע גרייט זיין צו קעמפן פאַר די זאַך מיט אַלע מיטלען, און מיט מסירת נפש! מיר וועלן אויפרידערן און שטורעמען די ענגלישע רעגירונג אין לאָנדאָן — וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אַ „באַלפור דעק־לעראַציע” בשעת זי האָט באַקומען דעם מאַנדאַט איבער ארץ ישראל, און היינט טוט זי דאָס פאַרקערטע — מיר וועלן זיך ווענדן צום געוויסן פונ׳ם ענגלישן פאָלק, וועלכע רעספּעקטירן דעם „ביבל” און זיי ווייסן וואָס דאַרט שטייט. מיר וועלן אויפרידערן די גאַנצע וועלט! ביז ס׳וועט אַנערקענט ווערן אונזער גערעכטע פאָדערונג איבער׳ן כותל מערבי.

רב קוק האָט פאַרענדיגט מיט אַ הילעכדיגן געשריי און פּאַטוס:

רבותי! אונזער לאָזונג (סיסמא) פון אונזער קאַמף, איז:

„שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!”

נו, לאָמיר אַלע אויסשרייען, רבותי! (אַלע האָבן בעשריגן ווי איין אַ כאָר):

„שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!

*

שומו שמים! ס'איז אַ הימל געשריי! וויאַזוי אַ מענטש ווי רב קוק — וועלכער דאַרף לכאורה רעפּרעזענטירן תורה און אידישקייט — קען אַזוי גרייזן! וויפיל מאָס קרומקייט און געפאַלנקייט דאַרף מען אין זיך האָבן, אַז מ'זאָל קומען צו אַזאַ פאַטאַלן טעות?! צו נעמען און פאַרדרייען דעם הייליגסטן פּסוק וואָס מיר אידן פאַרמאָגן!

דער פּסוק פון „קבלת עול מלכות שמים"!

דער פּסוק, וועלכער זאָגט עדות אויף'ן איין־און־איינציגקייט פונ'ם באַשעפער פון דער וועלט!

דער פּסוק מיט וועלכן אַ איד לעבט און שטאַרבט!

מיט דעם פּסוק אויפ'ן מויל, זאָגט אַ איד עדות אינדערפרי, אַז ס'איז דאָ אַ באַשעפער אויף דער וועלט!

מיט דעם פּסוק אויפ'ן מויל, הויכט אַ איד אויס זיין נשמה, און גיט דאָס צוריק פאַר'ן „אדון כל הנשמות"!

מיט דעם פּסוק אויפ'ן מויל, זענען אידן פון אַלע דורות געשפּרונגען אין פייער אַריין, פאַר'ן אויבערשטנס וועגן!

צו דערוואַגן זיך, נעמען דעם פּסוק און פאַרשוועכן און פאַרוואַכנדיגן דאָס אַזוי גרויזאַם. אַרויסוואַרפן דערפון כביכול'ס נאָמען, דרייפאַכיג, און אַרייג־שטעלן אויפ'ן פּלאַץ אַן אַנדערע זאַך... ס'זאָל זיין וואָס ס'זאָל זיין.

מיר האָבן נישט די פּאַסיגע ווערטער אַרויסצוברענגען אונזער אַנטריס־טונג און דערשיטערונג איבער דער זאַך. פאַר וויפיל וואָלטן מיר געוויינליכע אידן נישט דערוואַגט זיך צו טאָן אַזאַ זאַך?! ווי וואָלט אונז געוואָרפן העגט און פיס אין גרויס פיבער פון צוצורירן זיך צו דעם פּסוק, אַרויסנעמען דערפון כביכול'ס נאָמען און פאַרדרייען דאָס אויף אַן אַנדערן אופן?!

מגידים, דרשנים אין אַלע צייטן, פלעגן זאָגן פאַר'ן פאָלק „התעור־רות דרשות", און פלעגן ענדיגן מיט דעם אויפרוף: — רבותי, לאָמיר אַלע מקבל זיין אויף אונז דעם „עול מלכות שמים" מיט מסירת נפש, לאָמיר אַלע זאָגן דעם פּסוק: שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד...

און דער עולם האָט דאָס אויסגעשריגן מיט גרויס התלהבות, מיט די לעצטע כחות.

דער רב קוק האָט דאָס נישט געבעטן אין זיין דרשה פון זיינע צוהער־רערס, וועלכע דאָס רוב פון זיי האָבן שוין זייער לאַנג נישט געזאָגט דעם פּסוק שמע ישראל... זיי האָבן זיך שוין לאַנג אָפּגעזעגנט פון דעם. זיי זענען ביי אים „צדיקים" אָן דעם פּסוק אויך. אָבער אַ צווייטן „שמע ישראל" אין וועלכן ס'געפינט זיך נישט דעם אויבערשטנס נאָמען, וועלן זיי גערן זאָגן, פאַר־וואָס נישט?! אַפילו מיט'ן גאַנצן כח.

די אפיקורס'ישע ציוניסטן טוען דאָס שוין פון לאַנג, אַז זיי נעמען היי־ליגע פּסוקים פון תורה נביאים וכתובים, און פאַרדרייען דאָס צו זייערע שמד־שטיק. איצט אַז דער רב קוק טוט דאָס אַזוי, ער נעמט דעם הייליגסטן פּסוק

פון דער תורה, און נוצט דאָס צו זיינע נאַציאָנאַלע צוועקן. פּאַרוואָס זאָלן זיי — די ציוניסטן — נישט טאָרן דאָס טאָן, צו זייערע צוועקן, לויט זייערע אָנ־שויאונגען, רח״ל.

ס׳איז אַ גרויסער „מוסר השכל״ אַז מ׳קריכט, ווי ווייט מ׳קען פאַרקריכן!



נאָך די דאָזיגע אויבנדערמאָנטע אסיפה, איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָ־מיסיע, וועלכע זאָל צוזאַמען אַרבעטן מיט׳ן רב קוק, אין דעם קאַמף פאַר׳ן כותל מערבי. מ׳האָט עס גערופן „וועדת הכותל״ — (דער כותל קאָמיסיע). זי איז באַשטאַנען פון די פאָלגענדע:

אוסישקין, פּראָפעסאָר קלויזנער, זשאַבאָטינסקי, און מאיר בערלין פון די מזרחי.

ביי די ערשטע זיצונג פון די קאָמיסיע צוזאַמען מיט׳ן רב קוק, איז באַ־שלאָסן געוואָרן אויף אַ רייע פּראָוואָקאַציעס, וועלכע זאָלן אָנגעווענדעט ווערן ביים כותל מערבי.

די ערשטע זאַך — האָט זשאַבאָטינסקי פּראָפּאָנירט — דאַרף מען מאַכן אַ גרויס דערוועקונג ביים ציבור, אויף צו פאַרמערן די באַזוכונגען ביים כותל מערבי — טראָץ די דעקלעראַציע פון דער רעגירונג, און דער פאַרבאָט אויף בעסערע איינריכטונגען. אויף דעם גרונד וועט מען קענען קומען מיט אונ־זערע פאָדערונגען צו דער רעגירונג, מיט מער האָפט און איבערצייגונג, אַז אידן פילן זיך צוגעקניפּט צום כותל מערבי מיט אַ אינערליכן „הרגש קדושה״, מכח זייער הייליגן נאַציאָנאַלן אייגענטום — פון ווען דער בית המקדש איז דאָרט געשטאַנען — וועלכעס איז נישט מעגליך אָפּצושוואַכן און איבערצורייסן. און די דאָזיגע אַרבעט — צו וועקן דעם עולם אויף צופאַרמערן די באַזוכונגען ביים כותל מערבי — דאָס געהער דער עיקר צום רב, ווייל דאָס דאַרף אָננעמען אַ כאַראַקטער פון „דת״ און „קדושה״.

דער רב קוק האָט איינגעזען אַז ס׳איז אַ ריכטיגע אידייע, און ער האָט פאַרשפּראָכן צו טאָן אין דעם. ביז אַ פּאָר טאָג האָט זיך שוין דערקענט רב קוק׳ס טעטיגקייט אין דער זאַך. ס׳האָט אָנגעהויבן צו שטראָמען יעדן טאָג אַלץ מער מענטשן צום כותל מערבי. איבערהויפּט האָט זיך רב קוק פאַרנומען מיט אַ סיסטעם צובאַשטימען אָפּט אַ „יום תפלה״ פון די רבנים (רבנות הראשית), וועגן כותל מערבי, און וועגן אַנדערע נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. און די „תפלות״ זענען אָפּגעריכט געוואָרן — זעבלסטפאַרשטענדליך — ביים כותל מערבי. דאָס האָט אויך געצויגן אַסאַך באַזוכערס און גרעסער געמאַכט דעם פאַרקער. זשאַבאָטינסקי האָט אויך אָנגעהויבן צו שיקן זיינע מענטשן — וועלכע האָבן גאָרנישט געהאַלטן ביים דאַווענען און ביי תהלים זאָגן — זיי האָבן זיך אָנ־געטאָן קליינע קאַפּעלעך אויפ׳ן קאָפּ און אויסגעמישט זיך צווישן דעם עולם באַזוכערס, און ס׳איז געוואָרן אַ געדרענג.

די אַראַבער זענען געוואָרן אויפמערקזאַם אויף דער זאַך. זיי האָבן גע־בונטעוועט און געליאַרעמט. געלאָפן צו די רעגירונג און געסטראַשעט מיט פּאָ־גראָמען איבער די אידן.

דערצו איז נאָך צוגעקומען נאָך אַ זאַך.

מיר האָבן שוין אויבן געמאָלדן פון רבי בן ציון יאדלער ז״ל, וועלכער איז געווען אנערקענט אלס דער „מגיד״ פון ירושלים עיר הקודש (מ״מ דמתא). אים האָט נאָך רבי שמואל סאלאנט געקרוינט אלס „מגיד ובעל דרשן״. זיינע דרשות האָבן געהאַט אַ ספּעציאַליטעט איב׳ם נוסח (ניגון) און אינ׳ם איבהאַלט. ער האָט געהאַט בכח זיינע צוהערערס „מעורר בתשובה״ זיין. אַלע רבנים אפילו די גרעסטע זענען געווען „בעלנים״ אויסצוהערן אַמאָל זיין דרשה.

און אַזוי ווי ס׳איז געוואָרן אַזאַ געלויפּעכץ צום כותל מערבי. קיינער האָט נישט געוואוסט געענוי פון וואו דער וואָרצל שטאַמט. רוב עולם האָט גע־מיינט אַז ס׳האָט פלוצים אָנגעכאַפּט דעם עולם אַ „רוח טהרה״ — אפילו די פרייע ציוניסטן, איבערהויפּט די רעוויזיאָניסטן — און מ׳לויפט צום כותל מערבי — שריד בית מקדשינו — זיך אויסוויינען אַביסל פאַר׳ן אויבערשטנס וועגן.

האָט רב קוק אונטערגעשטעלט עטליכע מענטשן זיינע — פון די סאָרט מיט די געלע קאַפּטענעס און ווייסע הויזן — (וואָרים רב קוק האָט געהאַט פון אַלע מינים) זיי זאָלן צורעדן רבי בן ציון יאַדלער׳ן ער זאָל זיך נעמען זאָגן עפּעטער דרשות ביים כותל מערבי. ער וועט דערמיט גרויסע זאַכן אויפטאָן. אי־בערהויפּט אין אַ „יום תפלה״ — וועלכע רב קוק פלעגט אַרויסגעבן לעצטנס זייער אָפט — וועט האָבן רבי בן ציון׳ס דרשה אַ באַזונדערן עפעקט אויף „מעורר בתשובה״ זיין אידן. און דאָס וועט זיין פאַר אים אַ גרויסער זכות*).

רב קוק׳ס באַהאַלטענע כוונה איז געווען — פאַרשטייט זיך — אַז דאָס וועט זיין אַ גוטער מיטל אויף צוצוציען מער באַזוכערס. אַזוי ווי ס׳איז באַ־שלאָסן געוואָרן ביים מיטינג פונ׳ם כותל קאָמיסיע.

רבי בן ציון׳ען האָט מען נישט געדאַרפט אַסאַך צורעדן צו אַזעלכע זאַכן. מיט זיין „תמימות״ און „צדקות״ איז ער גרייט געווען אַלעמאָל און אומעטום צו לאָזן הערן זיינע דרשות.

ביז אַ צוויי דריי טעג איז שוין געווען געקלעבט רבי בן ציון׳ס צעט־לען אין די גאַסן — וועלכע ער פלעגט מערסטנס אַליין אָנשרייבן — אַז פון איצטער אָן וועט רבי בן ציון יאדלער זאָגן אָפט דרשות ביים כותל מערבי,

---

*) ס׳דאַרף דאָ באַמערקט ווערן, אַז ביז אַהין האָט רבי בן ציון יאדלער גערעדט ביים כותל מערבי איינמאָל אין יאָר, אין די נאַכט פון תשעה באב. אָבער דאָס האָט נישט גע־טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ דרשה, דאָס איז נאָר געווען אַ אויסטייטשונג פונ׳ם „חורבן בית המקדש״ ווי ס׳איז באַשריבן אין די גמרא און אין מדרש, כדי מעורר צוזיין דעם עולם צו אַ געוויין און קלאָג אויפ׳ן חורבן בית המקדש.

איבערהויפט אין אַ יום תפלה פון די רבנים. און די ערשטע דרשה וועט פאַר־
קומען אין דעם טאָג... און די שעה...

ס׳האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם צו הערן רבי בן ציון יאָד־
לער׳ס דרשה ביים כותל מערבי. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער געדרענג. מ׳האָט
נאָך אַזאַ עולם ביים כותל מערבי נישט געזען. און ס׳איז טאַקע געווען אַ גרויסער
„התעוררות״.

און א פלא — האָבן מענטשן אָנגעהויבן צו רעדן — ס׳קומען אויך
אַסאַך פרייע יונגען און חלוצים, הערן די דרשה. זיי טוען זיך אָן אַ קאַפּעלע
אָדער עפּעס אַ טאַשנטיכל אויפ׳ן קאָפּ, און שטייען אַוועק אַ שעה אנדערהאַלבן
צו הערן טייערע מוסר רייד פון רבי בן ציון׳ס מויל, אַ זאַך וואָס איז ביז
אַהער קיינמאָל נישט געווען. די פרייע פלעגן דאָך אין גאַנצן נישט אָנערקענען
דעם „קדושת הכותל״. אין זייערע שולעס אין די קיבוצים פלעגט מען לערנען
מיט די קינדער אַז „ס׳איז אַן אַלטע וואַנט פון צירקע טויזינט יאָר, די אידן
זאָגן אַז ס׳איז געווען אַ אידישער הייליגטום, און די אַראַבער זאָגן אַז ס׳איז
געווען זייער׳ס אַ הייליגער קלויסטער, מ׳קען דאָס היינט שוין נישט פעסט־
שטעלן״ (עפרא לפומייהו). דעם נוסח פלעגן זיי אויך ערקלערן פאַר די שול־
קינדער ביי אַן אויספלוג אין די אַלטע שטאָט, צוקומענדיג צום כותל מערבי.
און היינט קומען זיי שוין אַליין צום כותל מתפלל זיין, און אויסהערן רבי בן
ציון יאָדלער׳ס דרשות!

דאָס מוז זיין עפּעס „אַ רוח טהרה״ פון הימל — האָבן מענטשן
געאורטיילט.

דאָ איז אָבער געשען אַ מערקווירדיגע זאַך. וועלכעס האָט — אייגוועגס
— אַרויסגעוויזן דאָס ווּפילטעמאָל דעם גרויסן „דעת דקדושה״ פון דעם גאון
און צדיק רבי יוסף חיים זאָנענפעלד זצ״ל.

רבי יוסף חיים — וועלכער איז דעמאלס געווען דער רב ואב״ד פון
די עדה חרדית אין ירושלים — האָט געוואוינט אין די אַלטע שטאָט און די
„בתי מחסה״ (מ׳האָט עס גערופן „דער דייטשער פלאַץ״) דאָס איז גאַנץ נאָ־
ענט צום כותל מערבי, און ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדליך אַז ער פלעגט
זיך אָפטמאָל אַראָפּכאַפּן צום כותל מערבי, אויף צו זאָגן אַ פּאָר קאַפּיטלעך
תהלים.

האָט זיך אַמאָל געמאַכט. רבי יוסף חיים איז געשטאַנען ביים כותל
מערבי און געזאָגט זיך זיין תהלים. איז גראָדע דעמאלס אָנגעקומען אַהין רבי
בן ציון יאָדלער זאָגן זיין דרשה, צו דער באַשטימטער צייט ווי ס׳איז שוין
געווען באַקאַנט געמאַכט פון פריער אין דער גאַס. ס׳איז אָנגעקומען אַ גרויסער
עולם. רבי בן ציון האָט זיך גענומען צו זאָגן. און ס׳איז אַלץ נאָך צוגעקומען
מער מענטשן, ביז ס׳איז געוואָרן אַ גרויס געדרענג.

רבי יוסף חיים — וועלכער איז אַליין געווען אַ גרויסער פאַרערער
פון רבי בן ציון יאָדלער — אלס מגיד ובעל דרשן — ס׳איז פאַרגעקומען אַז

רבי יוסף חיים איז איינגס געקומען אין די חורבה־שול אין די אַלטע שטאָט, צו הערן רבי בן ציון׳ס אַ דרשה — טיילוויַיז אויך וועגן מחזק זיין אים אין זיין אַרבעט — האָט דאָסמאָל אויך פאַרמאַכט זיין תהלים׳ל, וועגן כבוד פון רבי בן ציון׳ען, און אויסגעדרייט זיך צו הערן רבי בן ציון׳ס דרשה. ווי רבי יוסף חיים האָט דערזען — מיט אַ דורכדרינגליכן בליק — דעם גרויסן פאַר־שידנאַרטיגן עולם צוהערערס, האָט ער ספּאָנטאַן גענומען זיך צו גיין אַוועק פון כותל מערבי, איבערלאָזנדיג רבי בן ציון׳ען מיט זיין דרשה. און אפילו מיט׳ן בעסטן ווילן נישט צו ווערן דערמיט אויפפאַלנד, האָט רבי יוסף חיים׳ס אַוועקגיין געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון אַ היבשן עולם. איבערהויפּט אַז ס׳איז בעווען אַ געדרענג און רבי יוסף חיים האָט זיך בעדאַרפט אַ דורכשטופּן צווישן די מענטשן. ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדליך אַז די זאַך האָט געמאַכט אויף די פרומע מענטשן אַ נעגאַטיוון איינדרוק, אנבעלאַנגט רבי בן ציון׳ס דרשות ביים כותל מערבי. מכל־שכן פאַר רבי בן ציון׳ען אַליין איז די זאַך פאַרגעקר־מען זייער פּיינליך, ס׳איז אים געווען ווי אַ פּאַטש אין פּנים, ער האָט געהאַט דערפון אַ גרויסן „חלישות הדעת״. און ס׳איז פאַר אים געווען אויך אומפאַר־שטענדליך, וויסנדיג אַז רבי יוסף חיים האָט שוין נישט איינמאָל אויסגעהערט גערן זיינס אַ דרשה.

ביינאַכט — האָט זיך רבי בן ציון נישט געקענט איינהאַלטן — ער איז אַוועק צו רבי יוסף חיים אין שטוב, און האָט אים געפרעגט:

— רבי! „מה פשעי ומה חטאתי״? — וואָס האָב איך אַזוי געזינ־דיגט? אַז דער רבי — וואָס ער פלעגט זיין אַסאַך מאָל פון מיינע צוהערערס — און דאָ פלוצים ביים כותל מערבי, איז דער רבי אַוועק פון מיין דרשה מיט האַסטיגע טריט, ווי איינער וועלכער איז שטאַרק נישט צופרידן. אדרבה... זאָל מיר דער רבי אויפקלערן דעם טעם פונ׳ם פלוצים׳דיגן אַוועקגיין. וואָס האָט דער רבי געטראָפן עפּעס נישט אין אָרדענונג אין מיין זאָגן? אפשר איז עס אַזאַך וואָס איך קען פאַרריכטן?

יאָ! איך וועל אייך זאָגן דעם טעם, רבי בן ציון — האָט רבי יוסף חיים תיכף געענטפערט — איך האָב דערפון מורא, ווייל ס׳איז אַ נייע זאַך! איר ווייסט דאָך אַז איך זאָג אַלעמאָל איבער פונ׳ם הייליגן „חתם סופר״, וואָס ער פלעגט זאָגן אויף יעדע נייע ערשיינונג דאָס מליצה וואָרט „חדש אסור מן התורה״ — (אַ נייע זאַך איז אסור על פי התורה), וואָרים אין אַלע נייע זאַכן, וואָס ס׳איז ביז אַהער נישט געווען ביי ערליכע אידן איינגעפירט, ליגט אַ כח פון די סטרא אחרא רח״ל. נו, ביז אַהער איז נישט געווען איינ־געפירט אַז מ׳זאָל זאָגן דרשות ביים כותל מערבי, איז עס דאָך אַ נייע זאַך, האָב איך מורא אז ס׳וועט אַרויסקומען דערפון „מכשולות״.

איז, אַזוי ווי איך האָב געהערט שוין מיט אַ צייט צוריק, אַז איר האָט זיך גענומען זאָגן דרשות ביים כותל מערבי — האָט רבי יוסף חיים פאַרגעזעצט — האָט עס מיר תיכף נישט געשמעקט, מכח דעם אויבנדערמאָנטן

טעם. אָבער איך האָב נאָך נישט געזאָגט גאָרנישט, איך האָב אייך נישט געוואָלט „מחליש דעת" זיין. ווארים אויף אייך — רבי בן ציון — ווייס איך דאָך זיכער אַז איר מיינט לשם שמים. אָבער איצט אַז איך האָב אַליין געזען ווי די זאַך זעט אויס, איך האָב געזען ווי ס'האָט זיך פאַרזאַמלט אַזאַ ריזיגער עולם ביים כותל מערבי צו הערן אייער דרשה — וואָס נישט ס'פלעגט צו קומען אַזאַ גרויסער עולם צום כותל מערבי, און נישט איר פלעגט האָבן אַזאַ גרויסן עולם צו אייערע דרשות — דאָס אַליין איז שוין גענוג אויף אַריינצוטראַכטן אויב די זאַך איז נישט „אַ מעשה בעל דבר", עפּעס אַ נישט ריינער כח שטופּט און שטויסט די מענטשן צום כותל מערבי. ווארים צו אַ ריינע „דבר שבקדושה" שטופּט מען זיך נישט אַזוי תיכף.

דערצו, אַז איך האָב באַמערקט צווישן דעם עולם אַסאַך „קלים ורי־קים", און אויסגעשפּראָכענע פרייע חברה, יונגען פון קיבוצים א. א. וו. זיי שטייען דאָרט ווי אָפּגענוגלט צו הערן אייערע מוסר־רייד, פון דעם האָב איך שוין געוואוסט אויף זיכער, אַז אייערע דרשות ביים כותל מערבי זענען אין כלל פון „חדש אסור מן התורה".

ווארים זיי די חברה קומען נישט צום כותל מערבי תשובה צו טאָן ביי אייערע דרשות. אדרבה פרעגט זיך נאָך, אויב ס'איז שוין אייניער פון די חברה געוואָרן אַ בעל תשובה פון אייערע דרשות ביים כותל מערבי. אלא מאי, שיקט זיי דער שטן אַהין! וויל איך נישט זיין ביים כותל מערבי מיט'ן שטן'ס שלי־חים אין איינעם! איך וויל זיי נישט געבן קיין חיזוק מיט מיין דאָרט זיין. ווייל וויבאַלד דער שטן האָט דעריבען אַ יד, ציטער איך שטאַרק אַז ס'וועט נאָך אַרויסקומען דערפון גרויסע „מכשולות" ח"ו.

ווארים איר זאָלט וויסן, רבי בן ציון — האָט אים רבי יוסף חיים גע־געבן אַ ברייטערן הסבר — נאָענט צו ביאת משיח, וואָס דער כח פון די קליפּות רח"ל איז שוין אַזוי שטאַרק און גרויס, זוכט די „סטרא אחרא" דער עיקר צו האָבן „יניקה" (צו זייגן) פון די קדושה. דעריבער האָבן זיך אויך די פרייע אפּיקורסים אָנגעכאַפּט אין ארץ ישראל, און אויך אינ'ם „לשון הקו־דש", וועלכעס זיי האָבן פאַרדרייט און געמאַכט זיך דערפון זייער נאַציאָנאַלע שפּראַכע, א. ד. ג. מכל־שכן דער כותל מערבי — שריד בית מקדשינו — זוכן זיי אוודאי אַלע וועגן — פאַר ביאת משיח — ווי אַזוי „יונק" צו זיין פון דאָרט, בעפאַר ס'ווערט מקוים „וכל הרשעה כולה כעשן תכלה, כי תעביר ממשלת זדון מן הארץ" — במהרה בימינו אמן.

דעריבער דאַרף מען שטאַרק געוואָרנט זיין, מ'זאָל זיי נישט צוהעלפן, און נישט געבן זיי קיין כח מיט קיין זאַך — האָט רבי יוסף חיים אויסגעפירט — מ'זאָל נישט האָבן קיין חלק און קיין שום שייכות מיט זיי. ווארים — ס'איז זעלבסטפאַרשטענדליך — אַז פון אַלע זייערע זאַכן קומט נאָר אַרויס גרויסע מכשולות פאַר די קדושה, און פאַר ערליכע אידן יראים ושלמים.

און דאָס איז וואָס איך האָב אייך געזאָגט רבי בן ציון — האָט רבי יוסף חיים פאַרענדיגט — אַז איך האָב שטאַרק מורא אַז פון אייערע דרשות ביים כותל מערבי — אין וועלכן די פרייע ציוניסטן זענען באַטייליגט — וועט אַרויסקומען ח״ו גרויסע מכשולות.

רבי בן ציון האָט נאָך פאַרגעזעצט ווייטער זיינע דרשות ביים כותל מערבי. אפשר האָט ער — מיט זיין גרויסן תמימות — נישט אַזוי באַנומען רבי יוסף חיים׳ס רייד, ער האָט נישט פאַרשטאַנען וואָס פאַראַ שלעכטס אָדער „מכשול" קען אַרויסקומען ווען מענטשן הערן זיך איין אַ שעה אַנדערהאַלבן זיינע ערליכע און שטרענגע מוסר־רייד, וועלכע ער זאָגט מיט אַ ריינע כוונה, און מיט׳ן גאַנצן האַרץ. און אויך האָט ער זיך נישט געקענט אַ קעגנשטעלן דעם דרוק פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך אויף אים פאַרלייגט מיט אַלע כחות אַז ער זאָל זיינע דרשות ביים כותל מערבי פאַרזעצן.

ס׳איז דורך אַ שטיק צייט. רבי בן ציון׳ס צוהערערס ביים כותל מערבי האָבן זיך אַלץ געמערט. און אויך פון די פרייע ציוניסטן זענען אַלץ געקומען מער און מער. גאַנצע סטאַדעס פון רעוויזיאָניסטישע יונגען פלעגן אָנצוקומען צום כותל מערבי. אויך די פירערס — אוסישקין, פּראָפ. קלויזנער, זשאַבאָ־טינסקי א .א. וו. — פלעגן זיך אַמאָל אַמאָל באַווייזן ביים כותל מערבי, אויף אַלעמענס פאַרוואונדערונג.

אייינמאָל, רבי בן ציון האָט געענדיגט זיין דרשה ביים כותל מערבי, האָט אַ יונג אויסגערופן:

— שאַ, שקט! פּראָפעסאָר יוסף קלויזנער גייט רעדן!

ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז קלויזנער האָט גערעדט וואַרימע פּאַ־טריאָטישע ציוניסטישע רייד, פון וועלכע ס׳האָט געשפריצט אַרויס „דיעות כוזבות" און אפיקורסות רח״ל. ער האָט גערופן די יוגנט פאַר אַ מסירת נפש׳־דיגן קאַמף איבער אונזער אַנגעהעריגקייט צום כותל מערבי. און פאַרענדיגט מיט׳ן לאָזונג וועלכעס רב קוק האָט אויסגעקליבן צו דעם צוועק:

— שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!

אַלע יונגען האָבן געשריגן:

שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!

די צווייטע וואָך האָט זיך די סצענע איבערגעחזר׳ט, נאָר מיט׳ן שינוי, אַז אנשטאָט פּראָפעסאָר קלויזנער, האָט מען אויסגערופן נאָך רבי בן ציון׳ס דרשה:

שאַ, שקט! דער פירער זשאַבאָטינסקי גייט רעדן!

זשאַבאָטינסקי האָט גערעדט פייערדיגע רייד. ער איז אַריינגעקומען אין אַ הויכן עקסטאַזיס, און געזאָגט:

— אינ׳ם קאַמף איבער׳ן כותל מערבי ווענדעט זיך אונזער גאַנצער צוקונפט!

„דער כותל מערבי איז דער סימבאָל פון אונזער גאַנצן קאַמף, איבער

אונזער נאַציאָנאַלע פאָדערונגען. אין ארץ ישראל. מיר דאַרפן גרייט זיין פאַר דעם צו קעמפן מיט אַלע מיטלען... ער האָט פאַרענדיקט:

נו, לאָמיר ענדיקן מיט'ן הרב הראשי'ס לאָזונג:

אַלע האָבן געשריגן, מיט אַ אויפגעהויבענע רעכטע האַנט פאַר אַ שבועה:

— שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!

און אַזוי מיט'ן סדר האָבן זיי גערעדט עטליכע וואָכן נאָכאַנאַנד אויך אוסישקין און מאיר בערלין.

רבי בן ציון יאדלער האָט מיט פאַרדרוס און ביטערניש איינגעזען, אַז רבי יוסף חיים זאָנענפעלד'ס רייד איבער די „מכשולות" וואָס קענען אַרויס־קומען פון זיינע דרשות ביים כותל מערבי, זענען מקוים געוואָרן. ער האָט גע־האַט דערפון אַ אויסערגעוויינלעכן צער און ערגערניש. ער האָט זיך געהאַלטן שולדיג, אַז דורך אים איז צוגעקומען די זאַך, אַז די פרייע ציוניסטישע מנ־היגים זאָלן האַלטן רעדעס ביים כותל מערבי, און פאַרשוועכן אַזוי מיאוס — מיט זייערע אפיקורס'ישע רייד — דעם הייליגן מקום.

ס'איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז רבי בן ציון האָט אויפגעהערט מיט זיינע דרשות ביים כותל מערבי. אָבער דאָס האָט שוין נישט געהאָלפן. די פרייע ציוניסטישע מנהיגים וועלכע האָבן זיך גערופן „וועדת הכותל" — (דער כותל קאָמיסיע) האָבן פאָרגעזעצט זייערע פאַטריאָטישע רעדעס ביים כותל מערבי.

די אַראַבער האָבן אַלעס געזען און געהערט. זייער צאָרן און אויפ־ברויזונג איז געווען אויסערגעוויינליך. דער „מופטי" (דער העכסטער אויטאָ־ריטעט ביי די אַראַבער) האָט געהעצט דעם המון צו פאָגראָם און בלוט־פאַר־גיסונג. ער האָט געשיקט אַן אולטימאַטום צו די רעגירונג, אויב זי וועט נישט צוימען די אידן באַצייטנס, וועלן די אַראַבער מאַכן אָרדענונג, און לייזן די אידן־פראַגע אין פאַלעסטינע איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַז ס'וועט קיין איין איד (ח"ו) נישט בלייבן.

די רעגירונג האָט תיכף אַרויסגעגעבן אַ פאַרבאָט אויף צו האַלטן רע־דעס ביים כותל מערבי. און דער גאַנצער אויבנדערמאָנטער שפּיל מיט די דרשות, האָט זיך איינגעשטעלט.

רבי בן ציון יאדלער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ גרויסע ישועה.

ס'איז אינטערעסאַנט וויאַזוי רבי בן ציון האָט זיך אויסגעדריקט איבער דער זאַך, אין זיין אויטאָביאָגראַפי (בטוב ירושלים).

נאָכדעם ווי ער ברענגט אַראָפּ — שטאַרק בקיצור — די אויבנדער־מאָנטע מעשה מיט רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, וועלכער איז אָוועק אין מיטן זיין דרשה, איבער דעם מאָטיוו אַז ס'איז אַ נייע זאַך, און ס'קען אַרויסקומען דערפון מכשולות, פירט ער אויס מיט אַ די ווערטער (איבערגעזעצט אין אידיש):

— „אַ חכם איז בילעכער פון אַ נביא (געמיינט דערמיט רבי יוסף חיים זאָנענפעלד'ן וועלכער האָט פאָראויסגעזען די מכשולות וועלכע וועלן דער־פון אַרויסקומען), ווייל לעצטנס האָבן זיך די פרייע געגומען צו האַלטן רעדעס ביים כותל, און איך האָב מיך אויף דעם שטאַרק מצער געווען, וואָרים איך האָב געהאַט די פילונג, אַז איבער מיין איינפירעכץ מיט די דרשות, וועלן זיי איצט רעדן זייערע „דברים אסורים" אין אַזאַ הייליגן פלאַץ".

„אָבער געלויבט איז דער אויבערשטער וואָס ער האָט געטאָן מיט מיר דעם „נס" און וואונדער — פירט אויס רבי בן ציון — אַז די רעגירונג האָט אַרויסגעגעבן אַן אַבסעלוטן פאַרבאָט צו האַלטן רעדעס ביים כותל מערבי. נאָר אין די נאַכט פון תשעה באב האָב איך באַקומען רשות צו רעדן, ווי מיין מנהג איז געווען פון פריער".



גלייכצייטיג מיט'ן פאַרבאָט צו האַלטן רעדעס ביים כותל מערבי, האָט דער אויבערסעקרעטאַר פון די פאַלעסטינער רעגירונג מר. „צאַרלס לאַק" גע־שיקט אַ בריוו צו די ציוניסטישע „וועד הלאומי" אין וועלכן ס'איז געשטאַנען די פאָלגנדע ווערטער:

„די רעגירונג פון זיין קעניגליכן מייעסטעט, וועט לאַנג נישט קענען אָפּ־שטופן נישט באַכצוקומען די פאָדערונגען און פּראָטעסטן פון די אַראַבישע ביר־גער אין לאַנד, וועלכע קוקן מיט גרויס זאָרג אויף די מענגע באַזוכונגען פון די אידישע דאַווענערס ביים כותל מערבי, וועלכעס מערט זיך אַבנאָרמאַל פון טאָג צו טאָג, און ס'טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ פּראָוואָקאַציע. מיר בעטן אייך צו טאָן אין דעם באַצייטנס, פאַרמינערן די באַזוכערס, און נאָרמאַליזירן דעם מצב, ווי ס'איז געווען פריער".

די ציוניסטישע לייטונג (אַ חוץ די רעוויזיאָניסטן) וואָלטן שוין באַ־שטאַנען אַביסל נאָכצולאָזן די שפּאַנונג אין דעם „כותל מערבי" אנגעלעגנהייט. דער פּאָליטישער מצב איז נאָך נישט געווען געגוג רייף, אָנצוציען אַזוי די סטרינגעס איבער איין זאַך. אָבער רב קוק האָט נישט נאָכגעלאָזט, ער האָט — צוזאַמען מיט זיינע באַציאַנאַלע־רעליגיעזע און רעוויזיאָניסטישע מיטהעלפּערס — געשטורעמט און געליאַרעמט אַן אויפהער. ער האָט אַלאַרמירט די גאַנצע וועלט מיט טעלעגראַמעס, אַז דער „כותל מערבי" איז אין אַ סכנה, מ'וויל עס ביי אונז אידן צוגזל'ען. ער האָט אויפגעפאָדערט אַלע פירנדע פּערזענליכ־קייטן, זיי זאָלן פּראָטעסטירן ביים פעלקער־בונד, אויף די שרייענדע עוולה און אומגערעכטיגקייט וואָס די ענגלישע רעגירונג טוט מיט די אידן אין ארץ ישראל. זי טוט מיסברויכן דעם מאַנדאַט וואָס מ'האָט איר אָנפאַרטרויט אויף כדי צו זאָרגן פאַר'ן וואוילזיין פון די קאָלאָניאַלע איינוואוינערס.

די זעלבע פּראָטעסט רייד האָט דער רב קוק אַריינגעשריבן צום מושל אַליין און צו זיין רעגירונג אין ירושלים, מיט שאַרפע אויסדרוקן, אַז די רע־

גירונג גיט זיך אונטער פאַר אַראַבישע פּאַגראַמטשיקעס. און מיר וועלן נישט שווייגן! מיר וועלן בשום אופן נישט פרידן מאַכן מיט'ן אַוועקגזל'ען פון אונז דעם כותל מערבי — שריד בית מקדשינו. א. ד. ג.

די רעגירונג אין ירושלים איז געווען שטאַרק אויפגעבראַכט איבער רב קוק'ס רעוואָלטישע טעטיגקייטן.

מיסטער לאַק, דער אויבערסעקרעטאַר פונ'ם מושל האָט זיך פאַרבונדן מיט'ן רב קוק טעלעפאָניש, איבער דעם שאַרפן בריוו, וועלכעס רב קוק האָט אַרייגעשיקט. צווישן רב קוק מיט'ן הויכן רעגירונגס אנגעשטעלטן פונ'ם ענגלישן קעניגרייך, האָט זיך אַנטוויקלט דער פאָלגענדער געשפּרעך:

מר. לאַק: איך ראָט דעם „טשיף־ראַביי" צוריקצונעמען זיין בריוו.

רב קוק: פאַרוואָס?! דער בריוו ברענגט גענוי אַרויס מיין שטעלונג אין דער זאַך.

מר. לאַק: אייער שטעלונג איז געפערליך פאַר אייך און פאַר'ן אידישן ישוב אין ארץ ישראל!

רב קוק: ביז ווילאַנג די רעגירונג וועט נישט אַנולירן איר דעקלאַראַציע, אַז דער כותל מערבי איז אַ מוסולמענישער אייגענטום, וועל איך זיך נישט רירן פון מיין שטעלונג.

מר. לאַק: ס'טוט מיר לייד אַז איך דאַרף אייך וואָרנען, אַז אייער שטעלונג, און אייער בריוו צו אונז, ווערט אויסגעטייטשט ווי אַ אָפענער רעוואָלט, און ווי אַ העצ קאַמפּעין צו אומרועז אין לאַנד.

רב קוק: ביז ווילאַנג אונזערע רעכטן ביים כותל מערבי וועט נישט אנערקענט ווערן, וועט קיין רו און פרידן נישט זיין אין לאַנד!

מר. לאַק: איר שפּילט אייך מיט פייער! איך מאַך אייך פאַראַנטוואָרט־ליך פאַר די פאָלגן!

רב קוק: נאָר די רעגירונג וועלכע גיט זיך אונטער צום אַראַבישן דרוק איז פאַראַנטוואָרטליך פאַר אַלעמען!

מר. לאַק: צי ווייסט איר אַז מיט אייער שטעלונג קענט איר פאַראור־זאַכן פלאַנטערנישן און שוועריגקייטן פאַר די ציוניסטישע לייטונג? האָט איר אייך צוערשט פאַרבונדן מיט די ציוניסטישע אַנשטאַלטן, אָדער מאַכט איר אַלעס אויף אייער אייגענעם איניציאַטיוו?

רב קוק: אַלעס מאַך איך לויט ווי ס'דיקטירט מיר מיין נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער געוויסן. און איך באַטאָן נאָכאַמאָל אַז איך וועל נישט רוען און נישט איינזיצן ווילאַנג אונזערע נאַציאָנאַלע רעכטן וועלן נישט אַנערקענט ווערן!

מר. לאַק: אויב דאָס איז אייער שטעלונג טוט מיר זייער לייד!

נאָך דעם טעלעפאָנישן געשפּרעך, איז געוואָרן די לאַגע געפערליך. ס'האָט זיך געפילט אַז די לופט איז פול מיט פּולווער, ס'קען אַ יעדע רגע עקספּלאָדירן.

ס׳איז אינטערעסאַנט אז דער „מופטי״ האָט נאָך געפונען פאַר נויטיג אריינצושיקן צום רב קוק אַ בריוו, מיט דעם פאָלגנדעם נוסח (איבערגעזעצט אין אידיש):

„כבוד הרב הראשי קוק!

איך אונטערגעשריבענער „מוחמד אל חטיב״ אַלס דער הויפּט פון דעם פּאַראיין צו באַשיצן דעם „מסגד עומר״ (אַזוי רופן די אַראַבער דעם מקום המקדש) מיט אַלעס וואָס געהער דערצו, קום צופאַרשטענדיגן דיר, אַז ביי די גרויסע פאַרזאַמלונג וועלכעס איז פאָרגעקומען אין ירושלים אין אנוועזנהייט פון פאַרטרעטונג פון גאַנץ פּאַלעסטינע, עבר הירדן, און לבנון, איז באַשלאָסן געוואָרן אַז דער „אל בוראק״ (אַזוי רופן די אַראַבער דעם כותל מערבי) איז אַ ריין מוסולמעניש אָרט. די מו־סולמענער און אויך די קריסטן זענען אין דעם פּאַראינטערעסירט פון פּאָליטישן און רעליגיעזן שטאַנדפּונקט. און די באַזוכונגען פון די אידן אויף דעם אָרט, קען נאָר זיין אָן שום ענדערונגען אנבעלאנגט באַ־קוועמלעכקייטן אָדער אַנדערע זאַכן, נאָר אַלעס ווי ס׳איז געווען ביז אַהער. אינ׳ם באַשלוס איז קלאָר אַרויסגעבערענגט געוואָרן, אַז דער באַ־זוך פון די אידן אויף דעם אָרט, איז נאָר אַלס אַ גוטער ווילן און „חסד״ וואָס ווערט געטאָן פאַר די אידן פון די מוסולמענער. און אַלץ וואָס וועט געטאָן ווערן פון די אידן נישט אין דעם זין, איז אַ פאַר־ברעכן אין די רעכטן פון די מוסולמענער. די אַראַבער האָבן דאָס רעכט צו אַנולירן דעם אויבנדערמאָנטן „חסד״ וואָס ווערט זיי געגעבן, און פאַרווערן די אידן צו באַזוכן ביי דעם אָרט, אויב די אידן וועלן נישט רעספּעקטירן דעם באַשלוס פון די אַראַבער אין דעם אנגעלעגנהייט.

„די מוסולמענער פון דער גאַנצער וועלט האָבן געשוואוירן, אויסצופירן אין פּראַקטיק דעם אויבנדערמאָנטן באַשלוס פונ׳ם פאַרזאַמלונג. און אויב ס׳זאָל זיין אַ שטערונג פון די אידן צו דעם, נעמען מיר אַראָפּ פון זיך די גאַנצע פאַראַנטוואָרטליכקייט איבער די נאָכקומענדע פאָלגן.

זע, מיר האָבן אייך געוואָרנט!

מוחמד אל חטיב

רב קוק האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם בריוו. ער האָט געהייסן נישט רעכנען זיך דערמיט, און אָנגיין מיט׳ן קאַמף פאַר׳ן כותל מערבי ווייטער, ביז צום ענדגילטיגן זיג.



ס׳איז אונטערגעקומען די דריי וואָכן (בין המצרים) ס׳האָט זיך דער־נענטערט צו „תשעה באב״. די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי — מיט זאַשאַבאָ־טינסקי אין דער שפּיץ — האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַ מאַסן־דעמאָנסטראַציע פון גאַנצן לאַנד, אין די נאַכט פון תשעה באב, אין די צייט ווען מ׳זאָגט אין

די שולן „איכה". אויפצומאַרשירן איבער די הויפּט גאַס פון ירושלים — מיט ציוניסטישע פענער אין דער האַנט — ביז צום כותל מערבי. און דאָרט אַרויס־הענגען אַ גרויסן בלוי־ווייסן פאַן. האַלטן רעדעס. און פּראָקלאַמירן דעם כותל מערבי פאַר אַ אידישע אייגענטום.

ס'איז געמאַכט געוואָרן אַ גרויסע פּראָפּאַגאַנדע פאַר די דאָזיגע דעמאָנ־סטראַציע. די צירקולאַרן וועלכע זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן איבער'ן גאַנצן לאַנד, האָבן זיך געענדיגט מיט'ן לאָזונג: שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!

די מיטגלידער פון די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי זענען אַלע אויפגעפּאָ־דערט געוואָרן אומבאַדינגט צובאַטייליגן זיך און מיטצוהאַלטן.

ערב תשעה באב, נאָענט צו פאַרנאַכט, זענען געקומען צוויי הויך־ראַנגיגע ענגלישע אָפיצירן צום רב קוק.

„אברהם טשעטשיק" דער משמש איז אַריין צום רב קוק און געמאָלדן אַז צוויי הויכע אָפיצירן ווילן זען דעם רב.

איצט, ערב תשעה באב פאַרנאַכט?

זיי זאָגן אַז דער גובערנאַטער מר. קיטרוטש האָט זיי געשיקט.

נו, זאָלן זיין אַריינגיין.

מיר זענען געשיקט געוואָרן פון זיין עקסעלענץ דער גובערנאַטער — האָט איינער פון די אָפיצירן געזאָגט צו רב קוק — אנבעלאַנגט דעם „אויפמאַרש צום כותל מערבי" וועלכעס זאָל באַלד פאָרקומען.

איך האָב דאָך היינט געהערט אויסדריקליך — האָט רב קוק געזאָגט — אַז זיי האָבן באַקומען צו דעם אַן ערלויבעניש פון'ם פּאָליציי אַמט?!

ריכטיג, זיי האָבן באַקומען אַן ערלויבעניש — האָט דער אָפיציר גע־ענטפערט — אָבער לויט די אימפאָרמאַציע וואָס מיר האָבן דאָ ערשט ערהאַלטן, וויל דאָס זיין קיין פרידליכער מאַרש מיט רעליגיעזע מאָטיוון — אַזוי ווי ס'איז איינגערייכט געוואָרן נאָך אַן ערלויבעניש — נאָר אַ רעוואָלטירנדע דעמאָנסטראַציע, מיט בלוי־ווייס פענער. און אויך ביים כותל אַרויסצוהענגען פענער. דער גובערנאַטער וויל אַז דער „טשיף ראַביי" זאָל אַרויסגיין צו זיי און ווירקן אויף זיי אַז זיי זאָלן צוריקציען זייער פּלאַן. ווען נישט וועט אויף אייך פאַלן דער פאַראַנטוואָרטליכקייט פון די פאָלגן.

איך קען דאָס ביי קיין פאַל נישט טאָן! — האָט רב קוק געענטפערט — דער אויפברויז און פאַרביטערונג איבער'ן כותל מערבי איז זייער גרויס. און מיין ערשיינען איצט פאַר'ן יוגנט, וועלכע זענען שוין גרייט צו מאַרשירן צום כותל, וועט נאָך מער אויפברויזן די גייסטער און אויפשטורעמען די גע־מיטער. איך בעט אייך טוט דאָס ערקלערן פאַר מיסטער קיטרוטש, ער דאַרף דאָס פאַרשטיין.

לאָמיר גיין! — האָט דער אָפיצער געזאָגט צום צווייטן — און זיי זענען זיך אַוועקגעגאַנגען.

די דעמאָנסטראַציע און דאָס מאַרשירן צום כותל, איז פאָרגעקומען מיט אַ גרויסן שטורעם און רעש, און מיט הילכדיגע קולות. אין דער שפּיץ האָבן מאַרשירט זשאַבאָטינסקי, פּראָפעסאָר קלויזנער, ד״ר וואַשיץ. ביי יעדע צוואַנציק־דרייסיג מעטער האָבן די מאַרשירער אויסגעשריגען: שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!

ביים כותל מערבי איז אויך פאָרגעקומען רעש׳ענדיגע סצענעס. צום ענדע האָבן זיי אַלע אין איינעם געזונגען דעם ציוניסטישן הימנון „התקוה״. און מ׳האָט זיך גענומען צו מאַרשירן צוריק, אינ׳ם ריכטונג פון רב קוק׳ס וואוינונג.

רב קוק האָט אָקאָרשט פאַרענדיגט צו זאָגן „איכה״ אינ׳ם ישיבה זאַל. ער האָט זיך אינטערעסירט:

— דער מאַרש פונ׳ם יוגנט צום כותל, איז דורך בשלו׳ם?

אין די מינוט האָבן אַריינגעבראָכן הונדערטער יונגען אין זאַל אַריין, מיט בלוי־ווייסע פּענער אין האַנט.

איינער האָט אַ געשריי געטאָן „דום״ (אַכטונג)!

אַלע האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין מיליטערישע פּאָזעס.

דער „איינער״ איז צוגעגאַנגען נאָענט צום רב קוק, און האָט געזאָגט די פאָלגענדע רייד:

אונזער טייערער רבי און וועג ווייזער!

מיר קומען איצט פון כותל מערבי, וועלכעס איז ביי אונז אַלעמען זייער טייער. אַסאַך הונדערטער יונגעלייט פון אונזער פאָלק האָבן דאָרט היינט נאַכט געשוואוירן טריישאַפט צו אונזער ערשט־ראַנגיגן נאַציאָנאַלן הייליגטום. מיר וועלן באַשיצן אונזער טייערן כותל ביז אונזער לעצטן טראָפּן בלוט!

ער האָט אויפגעהויבן די רעכטע האַנט אין הויך, און אַלע האָבן געשריגן:

שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!

דער רב קוק איז געוואָרן זייער גערירט, טרערן האָבן זיך באַוויזן אין זיינע אויגן, און ער האָט געזאָגט:

— „איך האָב נישט גענוג ווערטער אַרויסצוברענגען מיין אָנערקענונג און דאַנק צו אייך, פאַר אייער שטאַרקן גייסט וואָס קלאַפּט ביי אייך אינעווייניג. דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ אין אייער האַרץ, איז אַ אויסדרוק פאַר די הייליגקייט פון די געטליכע נשמה וואָס געפינט זיך אין אַ יעדן איד. מיט אייער מסירת נפש פאַר די הייליגקייטן פון אונזער פאָלק, טוט איר דערמאָנען — מיינע טייערע ליבע קינדער — דעם הייליגן אייפער און אָפּפער־גרייטקייט פון די אַמאָליגע „מכבים״. מיר טוען תפלה — זעלבסטפאַרשטענדליך — אַז אונזערע האָפנונגען און פאַדערונגען זאָלן ערפילט ווערן אויפ׳ן גערעכטן געזעצליכן וועג. אָבער מיר מוזן דעקלאַרירן פאַר די גאַנצע וועלט, אַז ביי קיין פאַל איז נישט מעגליך אַזאַ זאַך, אַז אַזאַ הייליג ערהויבן אָרט ווי

דער „כותל מערבי״ זאָל בלייבן אין די הענט פון די אַראַבער, פאַראומווערדיגט און פאַרנאַכלעסיגט, אַרומגענומען מיט שמוציגע פאַרשימלטע געסלעך.

„גערעכטיגקייט וועלן מיר פאָדערן! און פון דעם וועלן מיר נישט אָפּטרעטן!

„איך פאַרענדיג מיט די ברכה וואָס דוד המלך האָט געזאָגט, פאַר יעדן איינעם פון אייך באַזונדער:

יברכך ה׳ מציון וראה בטוב ירושלים, אמן.



אויף צומאָרגנס האָבן אַלע העברע׳אישע צייטונגען באַשריבן די דעמאָנ־סטראַציע מיט׳ן מאַרשירן צום כותל מיט אַלע איינצלהייטן, און מיט רעש׳יגע פּאַרבן. אויך אַלעס וואָס ס׳איז פאָרגעקומען צום ענדע ביים רב קוק, מיט אַלע רייד וואָס איז דאָרט גערעדט געוואָרן.

דער „מופטי״ האָט באַשלאָסן צו רעאַגירן וואָס שנעלער מיט אַ קעגנ־דעמאָנסטראַציע. דעם פרייטאָג נאָך תשעה באב, זענען אַרויס פון׳ם „מסגד עומר״ (מקום המקדש) טויזנטער אַראַבער באַוואָפנט מיט אייזנעס און שטע־קענעס, זיי האָבן זיך געלאָזט גיין אין די אַלטע שטאָט איבער די אידישע גאַסן. זיי האָבן געהאַקט און געשלאָגן וועלכן איד זיי האָבן באַגעגנט, ביז זיי זענען צוגעקומען צום כותל מערבי. די אידן זענען פון דאָרט באַצייטנס אַנט־לאָפן. ס׳איז נאָר איבערגעבליבן דער אַלטער שמש וועלכער האָט נישט געוואָלט אַנטלויפן. זיי האָבן דעם שמש צעשלאָגן מיט מערדערלעכע קלעפּ, ער איז דער־נאָך געלעגן עטליכע וואָכן קראַנק. זיי האָבן צונויפגענומען אַלע הונדערטער סי־דורים און תהלים׳לעך, געמאַכט אַ פייער און פאַרברענט.

דער מופטי האָט דאָרט געהאַלטן אַ גיפטיגע רעדע. ער האָט גערופן אַלע אַראַבער צו אַ הייליגן קריג איבער׳ן „אל בוראק״ און איבער׳ן „מסגד עומר״. ער האָט אויסגעפירט, אַז די דעמאָנסטראַציע איז נאָר אַ קלייִנער פאָרשפּיל, פאַר דעם וואָס ס׳וועט געשען ווייטער און פאַרלויף פון עטליכע טעג. די אידן האָבן נאָך אַ געלעגנהייט (אַ שאַנס) אַלעס צופאַרמיידן. אויב זיי וועלן דעקלאַרירן אַז זיי גיבן אויף דעם קאַמף, און וואַרפן זיך אונטער דעם באַשלוס פון די רעגירונג, אַז דער „בוראַק״ איז אַ מוסולמענישער אייגענטום.

זאָנטאג, נאָך שבת איז געפאַלן דער ערשטער קרבן. אַ ספרד׳ישער איד „שמעון מזרחי״ איז דערהרג׳עט געוואָרן מיט אַ מיתה משונה רח״ל, און מיטן זיין אַרבעט אויפ׳ן פעלד הינטער ירושלים.

רב קוק האָט געהייסן מאַכן אים אַ דעמאָנסטרירנדע לווי׳. ער האָט מפרסם געמאַכט אַז די גאַנצע שטאָט זאָל טייל נעמען אין די לווי׳. און מ׳וועט פירן דעם „הרוג״ איבער די גאַנצע לענג פון יפו׳ער גאַס (די הויפט גאַס אין ירושלים) און איבער די אַלטע שטאָט מיט אַ הילעכדיגן פּראָטעסט קעגן די אַראַבער. און

אויסרופן באַכאַמאָל די שבועה, צו קעמפן פאַר׳ן כותל מערבי מיט מסירת נפש. אונטער דעם לאָזונג: — שמע ישראל הכותל כותלינו, הכותל אחד!

די פּאָליציי האָט צוגעשיקט אַ גאָטיץ צום רב קוק, אַז די געפּלאַנטע לוויי, אין דעם פאָרעם ווי רב קוק הייסט דאָס מאַכן איז פאַרבאָטן. די לוויי׳ קען נאָר פאָרקומען אויפ׳ן געוויינליכן וועג, ווי אַלעמאָל. דער רב קוק האָט געהייסן איגנאָרירן דעם פּאָליצייאישן פאַרבאָט, און אָנגיין מיט די לוויי׳ ווי געפּלאַנט.

דער אויבערסעקראַטער פונ׳ם מושל, מיסטער לאַק, האָט זיך אין דער לעצטער מינוט — באַכאַמאָל פאַרבונדן טעלעפאָניש מיט׳ן רב קוק, און געבעטן אים ער זאָל די געפּלאַנטע דעמאָנסטרירנדע לוויי׳ נישט מאַכן. ער זאָל נישט רייצן די געמיטן, וועלכע זענען שוין סייווי אָנגערייצט ביז צו אַ הויך־פּונקט. ער זאָל מאַכן אַ געוויינליכע שטילע לוויי׳, פּירנדיג אים אין אַ זייטיגן גאַס, ווי אַלעמאָל, און ער פאַרשפּרעכט און נאָמען פון די רעגירונג צו טאָן אַלעס מעגליכעס אויף צובאַרואיגן די געמיטער. ער דאַרף אָבער האָבן צו דעם, רב קוק׳ס קאָאָפּעראַציע.

רב קוק האָט דעם אָנבאָט העסליך צוריקגעוויזן.

מיר האָבן געטאָן דאָס אונזעריגע — האָט מיסטער לאַק געזאָגט מיט אַ אויפרעגונג — פון איצטער אָן פאַלט אויף אייך דער גאַנצער פאַראַנטוואָרטליכקייט איבער אַלע פאָלגן.



וואו נעמט מען דעם שרייבער און די פּעדער אויף צובאַשרייבן מיט אַלע איינצהלייטן, וואָס ס׳האָט פּאַסירט דעם נעקסטן פרייטאָג (י״ז אב תרפ״ט) און אויף צומאָרגנס אין שבת און איבער די גאַנצע וואָך דערנאָך? אוודאי זענען מיר — ליידער — אין אונזער היסטאָריע רייך פון פּאָגראָמען און פון „הריגות ושמדות" רח״ל וועלכע זענען פאָרגעקומען אין אַלע צייטן, צו וועלכע דער דאָזיגער פּאָגראָם פון תרפ״ט קען זיך גאָרנישט פאַרגלייכן. אָבער אין דעם אופן פון באַרבאַרישקייט און גרויזאַמקייט וויאַזוי דער דאָזיגער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען, איז עס זיכער איינע פון די געציילטע אין דער געשיכטע. דער טייוול האָט זיך נאָך נישט דערטראַכט ביז דאַן צו אַזעלכע „מיתות משונות" רח״ל, ווי די אַראַבישע רוצחים האָבן דעמאָלס אָפּגעטאָן.

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן. פרייטאַג פרי זענען ערשינען אין אַלע אַראַבישע צייטונגען אַ מעלדונג, אַז פונ׳ם „העכסטן אַראַבישן ראַט" איז אויסגערופן געוואָרן אַ „הייליגער קריג" איבער די אידן אין פּאַלעסטינע. ווייטער איז דער גאַנצער צייטונג געווען אָנגעפּילט מיט גיפטיגע העצערישע רייד. און אַז ס׳איז אַ הייליגע אויפגאַבע פון אַ יעדן אַראַבער צו הרג׳ענען און שחט׳ן אידן רח״ל וויפיל ס׳איז אים נאָר מעגליך א. א. וו.

די ערשטע פאַרדעכטיגטע זאַך וואָס ס׳האָט זיך געמערקט אין ירושלים. די אַראַבישע פּלאַכטעס פּלעגן ברענגען יעדן אינדערפרי און שטאָט אריין, קוישן

מיט גרינצייג און פרוכט אויף צופאַרקויפן אין די אידישע גאַסן. דאָסמאָל פרייטאָג אינדערפרי זענען זיי נישט געקומען.

און עלף־צוועלף אַ זייגער, האָט מען געזען ווי ס׳שטראָמען טויזינטער, טויזינטער אַראַבער פון די דערפער און שטאָט אריין, מיט אַ הירשענדיגן ליאַרעם געשריי, באַוואָפנט מיט שווערדן, שפיזן, גראַבע אייזנעס אין דער האַנט, און האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין די אידישע געגנט.

דאָס איז אַזוי געווען — אין דער זעלבער צייט — אין אַלע שטעט און דערפער אין ארץ ישראל.

פראַצענטועל איז נאָך ירושלים עיר הקודש אָפּגעקומען מיט די ווייניגסטע קרבנות, און פאַרגלייך צו אַנדערע שטעט און דערפער.

ס׳איז נישט אונזער צוועק דאָ און אונזער דערציילונג מאריך צו זיין און שילדערונגען די אייגנצלהייטן פון דעם פאָגראָם וויאַזוי ס׳איז פאָרגעקומען און יעדן אָרטשאַפט. מיר ווילן נאָר אַרויסהייבן איין מקום, אונזער הייליגן היסטאָרישן שטאָט „חברון״, וואו די הייליגע אבות זענען באַהאַלטן דאָרט אין „מערת המכפלה״, אַרויסצוברענגען אַביסל פון דעם שרעקליכן פאָגראָם וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען.

צו ערשטנס זענען די רוצחים באַפאַלן די ישיבה, וועלכע איז באַקאַנט מיט׳ן נאָמען „די חברון׳ער ישיבה״. ס׳האָבן דאָרט געלערנט אַ צירקע 40־50 גרויסע בחורים. די אַראַבער האָבן יעדן איינעם פון זיי געהרג׳עט מיט אַ באַזונדערע מיתה משונה רח״ל. געשניטן פון זיי שטיקער און אַרויסגעוואָרפן די שטיקער דורכ׳ן פענסטער אין גאַס אַריין. עטליכע האָבן זיי אויפגעהאָנגען — מיט די פיס אַרויף און קאָפּ אַראָפּ — אויף אייזערנע האָקנ׳ס אין באַלקן, און אונטערגעשטעלט אַ ברענענדיגע פרימוס מאַשינקע, אַזוי איז ער נעביך אויסגעגאַנגען צוביסלעך אין שרעקליכע יסורים. אַנדערע האָבן זיי צוגעבונדן ביי די פיס צו אַ שוואַף פון אַ פאַרשאַרט פערד, ווי דער קאָפּ זיינער שלעפּט זיך נאָך אויף דעם שטיינערנער וועג, און דער רייטער אויפ׳ן פערד האָט אָנגעטריבן דעם פערד מיט אַ ווילדקייט, אַזוי איז אים נעביך דער קאָפּ זיינער צעשמעטערט געוואָרן.

אין דער שטאָט חברון צווישן די אידישע איינוואוינערס האָבן זיי געהרג׳עט און געפּליגדערט ווי זייער האַרץ האָט געגלוסט. פאַר עטליכע רבנים האָבן זיי אויסגעשניטן די צונג און אויסגעשטאָכן די אויגן, און געשטאָכן אים מיט פייערדיגע שפּיזן, ער זאָל אַרומלויפן און טאַנצן, נאָכהער האָבן זיי אים אַרומגעוויקלט מיט יריעות פון אַ ספר תורה און אָנגעצונדן. פאַר אַסאַך מענטשן האָבן זיי צוערשט אַראָפּגעהאַקט ביידע הענט, נאָכהער האָבן זיי אויפגעשניטן זייערע בייכער און אַריינגעלייגט אַ לעבעדיג קעצל, אָדער אַ גרויסע פראָש, און דאַן צוריק־פאַרנייט. די קרבנות האָבן זיך געוואָרפן אַ שטיק צייט אין אומבאַשרייבליכע יסורים ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען. פאַר אַסאַך האָבן זיי אָפּגעהאַקט ביידע הענט און פיס, און אַרויסגעלייגט אויפן שטראָז אין דרויסן. אַראַבישע רייטערס זענען אַריבער איבער זיי מיט זייערע ווילדע גאַלאָפּירנדע פערד אהין און צוריק. ביז זיי זענען

אויסגעגאַנגען אין שרעקלעכע יסורים. אַזוי האָבן זיי זיך אמווירט איבער זייערע קרבנות, מיט אַלערליי „מיתות משונות״ רח״ל.

דער „סגן מושל״ אין חברון, וועלכער איז געווען אַן אַראַבער, האָט זיך אַרומגעדרייט — רייטנדיג אויף זיין פערד — אין די גאַסן, און האָט מיט אַ הנאה צוגעקוקט די ווילדע רציחות וואָס ווערן אָפּגעטאָן, אָן דעם וואָס ער זאָל אַ וואָרט זאָגן דערקעגן, פאַר די רוצחים.

אין מיטן האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ שרעקליכע סצענע, איינער פון די קרבנות — פון די חשובים פון דער שטאָט — וועלכער איז שוין געווען פאַרבלו־טיגט פון קאָפּ ביז פוס, איז ארויסגעלאָפן אין דער גאַס, און דערזעענדיג דעם „סגן מושל״ — מיט וועם ער איז געשטאַנען אין גוטע באַציאונגען — זיצנדיג אויף זיין פערד, איז ער צו אים צוגעלאָפן, ער האָט זיך אָנגעהאַנגען אינ׳ם האַלז פונ׳ם פערד, און געבעטן זיך מיט פאַרצווייפלטע שרעקליכע קולות, ער זאָל אים העלפן און באַשיצן. די אַראַבער אַרום זענען אים דאָרט באַפאַלן מיט שאַרפע מעסערס, און אַזוי — אָנגעהאַנגענערהייט אינ׳ם האַלז פונ׳ם פערד — האָבן זיי פון אים געשניטן שטיקער.

ס׳איז מערקווירדיג וואָס דער „סגן מושל״ האָט אים געענטפערט אויף זיינע הילפס־געשרייען:

— גיי צום רב קוק אין ירושלים, ער זאָל דיר העלפן. ער איז פאַראַנטוואָרט־ליך פאַר דעם אַלעמען

די אַראַבער האָבן אַזוי לאַנג געשניטן שטיקער פון דעם איד, דאָרט אויפ׳ן פּלאַץ, ווילאַנג ער האָט נעביך און מורא׳דיגע יסורים אויסגעהויכט זיין נשמה.

דעם אַלטן רב פון דער שטאָט הרב יעקב יוסף סלאָנעם האָבן זיי דערמאָר־דעט אין אומבאַשרייבליכע שרעקליכע יסורים. און אויך זיין זון ר׳ אליעזר דן מיט זיין גאַנצע פאַמיליע. און אַזוי זענען זיי געגאַנגען פון הויז צו הויז. און ס׳וואָלט אוודאי נישט איבערגעבליבן אַ אידיש נפש אין חברון, ווען נישט די פּאָר צענדליגע וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן ביי זייערע באַקאַנטע שכנים אַראַבערס.

רב קוק האָט פּרובירט צופאַרבינדן זיך מיט די רעגירונג אינסטאַנצן, אָבער ס׳איז נישט געווען מעגליך. דער טעלעפאָן האָט נישט געאַרבעט. אַלע קאָנטאַקטן זענען געווען איבערגעריסן. אין דער גאַס האָט מען נישט געקענט גיין. אין גאַנצן לאַנד האָט געהערשט אַ כאַאָס און אַ „תוהו ובוהו״. מ׳האָט נישט געוואוסט פון איין גאַס צו דער צווייטער וואָס ס׳טוט זיך אָפּ, מכל־שכן פון איין שטאָט צו די צווייטע.

סוף וואָך האָבן זיך באוויזן און די גאַסן רייטנדיגע רעגירונגס פּאָליציי, און זעלבער אייגהייטן, און האָבן צעטריבן די אַראַבער, און די מערדערייען האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דעמאָלס האָבן אָנגעהויבן צו קומען שרעקליכע נאַכריכטן פון די פּראָווינץ שטעט און דערפער, פון גליל און פון נגב, איבערהויפּט אין צפת האָט זיך אָפּגעטאָן שרעקליכע זאַכן. דאָס בלוט קען פאַרגליווערט ווערן רח״ל הערנדיג די מורא׳דיגע „מיתות משונות״ און וועלכע הונדערטער אידן — פון

דעם דעמאָלסדיגן אָרימען קליינעם ישוב — זענען דערמאָרדעט געוואָרן, און טויזינטער פאַרוואונדעט און פאַרקריפּלט געוואָרן.

פון ספרי תורות און „תשמישי קדושה" האָט מען גאָרנישט געהאַט קען געגנויע צאָל וויפיל זיי האָבן ביי דעם פּאָגראָם פאַרטיליגט, מ'האָט געשאַצט אַ צירקע זעקס הונדערט ספרי תורות וועלכע האָבן געפעלט. ס'האָבן זיך געוואָלגערט אין די גאַסן יריעות פון ספרי תורה און הייליגע ספרים.



די חז"ל זאָגן, אַז ווען אידן זענען נתחייב געוואָרן (אַלע שונא"י) אַ פאַרלענדונג, האָט דער אויבערשטער — כביכול — ליבערשט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף די „עצים ואבנים" — העלצער און שטיינער. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז אנשטאָט צו פאַרלענדן די אידן רח"ל האָט השי"ת חרוב געמאַכט דאָס בית המקדש, און אידן זענען געבליבן.

רב קוק האָט געטאָן ערגער ווי דאָס פאַרקערטע. וואָלט געווען דער כותל מערבי געשטאַנען אין אַ סכנה צעשטערט צו ווערן, און צוליב דעם האָט דער רב קוק מפקיר געווען אַזויפיל אידישע נפשות פאַרלענדעט צו ווערן. וואָלט מען אפשר געקענט נוצן דעם אויסדרוק — אויף צובאַשולדיגן רב קוק — אַז ער האָט געטאָן דאָס פאַרקערטע ווי די חז"ל זאָגן. ער האָט צוליב די „עצים ואבנים" מפקיר געווען אידישע קינדער. דאָס וואָלט אויך געווען אַ פאַרברעכן און אַ אומזין. (נאָכדערצו קען מען דען פאַרגלייכן אַ בית המקדש אין איר פּראַכט און שוינקייט, מיט די עבודה פון קרבנות א. א. וו. צו אַ חרוב'דיגע איינזאַמע וואַנט, אפילו ווי הייליג עס איז). אָבער דער רב קוק האָט געטאָן אַסאַך ערגער ווי דאָס פאַר־קערטע, וואָרים דאָ איז נישט געווען דער פּראָבלעם, צו ראַטעווען דעם כותל מערבי פון אונטערגאַנג. דער כותל איז נישט געשטאַנען אין אַ סכנה פון צעשטערט און צעוואָרפן צו ווערן ח"ו. נאָר וועגן אַ קאַפּריז פון אַ נאַציאָנאַלן שטאָלץ, האָט דער רב קוק מפקיר געווען אַזויפיל אידישע קינדער געהרג'עט צו ווערן מיט אַלערליי מיתות משונות רח"ל*).

---

*) דאָס איז אויך דער אַרבעט פון רב קוק'ס צדיקים — די אפיקורס'ישע ציוניסטן — ביז'ן היינטיגן טאָג, מפקיר צו זיין דאָס בלוט פון אידישע קינדער אין די הונדערטער טויזינטער, און אפילו אין די מיליאָנען, וועגן זייער ציוניסטישע „עבודה זרה" רח"ל. וויאַזוי האָט זיך געאייסערט „יצחק גרינבוים" איינער פון די גרויסע ציוניסטישע פירערס — דער ערשטער אינערן מיניסטער פון „מדינת ישראל" — איבער די דריי מיליאָנען אידן אין פולין, וואָס ער האָט געשריבן אָפן אין זיין צייטונג ?...

„ס'איז מיר חשוב'ער איין „ציג" אויפ'ן באָדן פון „קרן קיימת" אין ארץ ישראל, פון'ם גאַנצן פוילישן אידנטום". און דאָס איז געווען די ריכט־ליניע פון'ם גאַנצן ציוניזם.

און איז דען נישט אַרויסגעקומען קלאָר ביי דעם טרויעריג באַרימטן „משפט קאסטנער" — (דער קאַסטנער פּראָצעס) אַז די ציוניסטן האָבן אייגנס פאַלן געמאַכט אַ

**דאָס קומט אַרויס פון אַ פאַלשן „אהבת ישראל״! און פון נישט „על פי תורה״ אויסגעהאַלטענע חשבונות.**



**שפּעטער אַ פּאָר וואָכן, די שרעקליכע געשעעניש פון דעם פּאָגראָם אין ארץ ישראל, איז באַקאַנט געוואָרן אין דער וועלט. און די ענגלישע רעגירונג האָט זיך געפונען אין אַ שטאַרק אומאַנגענעמער מצב איבער דער זאַך. האָט די רעגירונג אין לאָנדאָן באַשטימט אַ אויספאָרשונגס־קאָמיסיע (וועדת חקירה) — ווי דער שטייגער אַלעמאָל ביי אַזעלכע אַנגעלעגנהייטן — אַז זיי זאָלן אַראָפּפאָרן קיין ארץ ישראל און דאָרט אויף׳ן פּלאַץ אויספאָרשן גענוי וואָס ס׳איז פּאָרגעקו־מען, און אויף וועם ליגט די פאַראַנטוואָרטליכקייט. לויט דעם וועט די רעגירונג**

---

געלעגנהייט צו ראַטעווען אַ מיליאָן אידן פון אונגאַרן. זיי האָבן דעם שליח און פאַרמיטלער „יואל בראנד״ געלאָזט איינזעצן אין תפיסה, ביז צום סוף פון די מלחמה. ווארים צו זייערע ציוניסטישע אויסרעכנונגען, האָבן געדאַרפט אומקומען וואָס מער אידן, רח״ל. און אויך איז דער אונגאַרישער רעליגיעזער אידנטום נישט געווען קיין גוטע מאַטריאל צו זייערע ציוניסטישע אידייען און שטרעבונגען אין ארץ ישראל.

און דאָס וואָס זיי האָבן געטאָן מיט אַלע פיל טויזנטער תימנ׳ער און איראַק׳ער קינדער, וועלכע זיי האָבן מיט דער געוואַלד איבערגעפירט צום שמד פון כפירה און מינות רח״ל, איז דען ווייניגער ווי צו מאָרדן דעם גוף ? !

אָדער דאָס וואָס זיי טוען היינט מיט די רוסישע אידן, וועלכע קומען אַהין מיט מסירת נפש, און לעכצן נאָך אַביסל אידישקייט, טוט מען זיי סיסטעמאַטיש אויסרייסן פון יעדע ביסל אמונה און „שמירת התורה״, איז דער דאָס אַ קלענערער פאַרברעכן. !

די ליסטע איז נאָך זייער לאַנג, וואָס מיר וואָלטן געקענט אויסרעכענען זייערע פאַר־ברעכערישקייטן. אָבער ערשטנס איז עס נישט דער צוועק דאָ אין אונזער ספר, וואָס מיר האַלטן אין מיטן דערציילן אַן אַנדערע מעשה און נאָר — דרך אגב — זענען מיר אַרויף אויף די טעמע. צווייטנס, זענען היינט ליידער די הערצער און מוחות אַזוי פאַרשטאָפּט און פאַרדרייט, אַז מ׳טאָר אפילו גאָרנישט רעדן. מ׳טאָר נישט זאָגן דעם ריינעם אמת וואָס יעדער ווייס. מ׳ווערט געסטעמפּלט פאַר אַ „שונא ישראל״. נאָר די כופרים אפּיקורסים זיי מעגן אַלעס טאָן, אַלע מיני רשעות און אכזריות, ווייל זיי האָבן דאָך „אהבת ישראל״ (?). זיי מעגן אפילו אויפּציען קינדער פאַר שפּיאָנען און פאַררעטערס, און אידעאַליסטישע מערדערס. זיי איז מען אַלעס מוחל, נאָר צום רעליגיעזן אידנטום — וועלכער האָט נאָך די „העזה״ צו געבן אַמאָל אַ געשריי אָדער אַ קרעכץ — צו זיי האָט מען טענות.

אָבער מיר טרייסטן זיך, אַז ס׳וועט שוין נישט לאַנג געדירן. נאָך אַביסל, מיר וועלן זיך מחזק זיין און אויסהאַלטן די נסיונות, בלייבן שטאַרק און פעסט ביי די ריינע אמונה אין הקב״ה, און ביי זיין הייליגע תורה. באַלד וועלן מיר געהאָלפן ווערן מיט אַ אמת׳ע ישועה דורך משיח צדקנו. און ס׳וועט מקוים ווערן „וכל קרני רשעים אגדע תרוממנה קרנות צדיק״ און דער פסוק „והי׳ ה׳ למלך על כל הארץ ביום ההוא יהי׳ ה׳ אחד ושמו אחד״ בב״א.

האַנדלען, און באַשטראָפן די פאַראַנטוואָרטליכע איבער דער זאַך. די אויספאָרשונג קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון ריכטערס און הויכע רעגירונגס־לייט. זיי זענען אַראָפגעפאָרן אויף ירושלים און גענומען צו פאָרשן און אויספרעגן. זיי האָבן אויסגעהערט ביידע צדדים. פון די אידישע זייט איז אויסגעהערט און אויסגעפאָרשט געוואָרן דער ערשטער, דער רב קוק. פון דער אַראַבישער זייט, דער „מופטי" מיט זיינע אַרויסהעלפער.

מיר ווילן נישט דאָ פאַרברענגען מיט די אייגצלהייטן וואָס די אויספאָר־שונגס קאָמיסיע האָט אויסגעפאָרשט און אַרויסגעברענגט. ס'איז סייווי נישט קיין נפקא מינה. די געהרג'עטע זענען שוין נישט צוריקלעבעדיג געוואָרן, און די פאַרוואונדעטע און פאַרקריפּלטע זענען אויך נישט פון דעם געהיילט געוואָרן. מיר ווילן נאָר אַראָפּברענגען דאָ וואָס אונז איז אינטערעסאַנט.

בשעת'ן אויספאָרשונג, ווען רב קוק איז ערשינען פאַר די קאָמיסיע, האָט מען אים געשטעלט פראַגעס, אויף וועלכע ער האָט געדאַרפט ענטפערן. ס'איז געווען גאַנץ אַ שווערער קרייץ־פאַרהער.

פון די מענגע שאלות וועלכע רב קוק איז געפרעגט געוואָרן, אַמאָל פונ'ם פאַרזיצער, אַמאָל פון אַ מיטגליד פון די קאָמיסיע, ווילן מיר נאָר אַראָפּברענגען צוויי שאלות.

סיר הענרי בעטערטאַן, האָט געפרעגט:

כבוד הרב, איז אמת אַז איר האָט נישט איינמאָל אין אייערע רעדעס גערופן דעם יוגנט צו „מסירת נפש" אינ'ם קאַמף פאַר'ן כותל מערבי. זאָגאַר איר האָט גענוצט דעם אויסדרוק — ווייניגסטנס איינמאָל זיכער — „ביז די לעצטע כחות" ?! און אויך נאָכט פון תשעה באב ווען די מאַרשירערס צום כותל מערבי האָבן ביי אייך געמאַכט דעם באַזוך, האָט איר זיי געשטאַרקט אינ'ם קאַמף און גענוצט דעם אויסדרוק פון „מסירת נפש גלייך ווי די אַמאָליגע מאַ־קאַבייער (מכבים) ?!

רב קוק: ס'איז אמת!

סיר בעטערטאַן: הייסט דאָס נישט, אַז איר האָט די אידן אַרויסגערופן און געררייצט צו געוואַלד־טאַטן, אפילו ביז צו בלוט פאַרגיסונג. און אויך גערופן צו אַ רעוואָלט קעגן די רעגירונג ?!

רב קוק: דער אויסדרוק „מסירת נפש" מיינט נישט דווקא מיט בלוט פאַרגיסונג, ס'איז פאַרהאַן „מסירת נפש" אינ'ם גייסטיגן זין.

די קאָמיסיע האָבן זיך אָנגעקוקט אייבער דעם אַנדערן. ס'איז געווען קענטיג אַז דער ענטפער האָט זיי נישט באַפרידיגט.

מיסטאַר סטאָקער (פאַרטיידיגער פון די אַראַבישע זייט) האָט געפרעגט:

כבוד הרב, די קאָמיסיע האָט דאָ געהערט פון „עדים" אַז איר האָט בעגעבן עקסטערע פאַראָרדענונגען אנבעלאַנגט די לווי' פון „שמעון מזרחי" וועלכער איז געהרג'עט געוואָרן. פאַרוואָס האָט איר געגעבן די פאַראָרדענונגען?

רב קוק: שמעון מזרחי איז געהרג'עט געוואָרן האָט ער געהאַט דעם

דין פון א „קדוש" ווי אַ יעדער געהרג׳עטער, האָב איך געגעבן אָנווייזונגען צו פירן זיך מיט זיין לוויי׳ ווי מיט אַ לוויי׳ פון אַ „קדוש".

סטאָקער: אָבער מזרחי איז געהרג׳עט געוואָרן אויפ׳ן פעלד ביי דער אַרבעט, איבער טאָמאַטעס אָדער קאַרטאָפל. און איר האָט אים געהייסן מאַכן אַזאַ ספּעציעלע גרויסע לוויי׳ צו פירן אים אין דער לענג פון דער גאַנצער שטאָט, איבער אַלע הויפּטגאַסן. טראָץ דעם בפירוש׳ן פאַרבאָט פון די פּאָליציי, און דער ווענדונג צו אייך פונ׳ם אויבערסעקרעטאַר מיסטער לאָק. פאַרוואָס האָט איר דאָס געטאָן?

רב קוק: כ׳האָב שוין געזאָגט פריער, אַז מזרחי איז דערשטאָכן געוואָרן און געטויט געוואָרן אין יסורים, דעריבער איז ער געווען אַ „קדוש", דעריבער האָב איך געהייסן צו פירן זיך מיט זיין לוויי׳, ווי מ׳האָט זיך געפירט.

סטאָקער: כבוד הרב, זייט אויפריכטיג, ענטפערט מיר אויף מיין פראַגע: ווען מ׳קומט אייך געווען פרעגן וויאַזוי איינצואָרדענען די לוויי׳ פון ד״ר דיהאַן, וועלכער איז אויך געהרג׳עט געוואָרן... וואָלט איר אויך געווען פאַראָרדנעט צו מאַכן אים אַזאַ גרויסע לוויי׳ — אַ לוויי׳ פון אַ „קדוש"?

אין די מינוט האָט זיך אַ שטעלאויף געטאָן „סיר פראַנק מערימאַן" (דער פאַרטיידיגער פון די אידישע זייט) און געזאָגט:

איך פּראָטעסטיר קעגן דעם אויפפירונג פון מיסטער סטאָקער, וועלכער טוט פאַרקירעווען די אויספאָרשונג אויף אַ זייטיגע זאַך, וועלכעס געהער נישט צו אונזער אַרבעט.

דער פאָרזיצער מאַכט אַ באַמערקונג צו מיסטער סטאָקער, נישט אַריינלאָזן זיך אין זייטיגע פראַגעס.

סטאָקער ענטפערט דעם פאָרזיצער:

געערטער פאָרזיצער! די פראַגע איז איבערהויפּט נישט קיין זייטיגע, וואָרים מיין כוונה איז אויפצואווייזן, אַז דער „טשיף ראַבי קוק" איז — אנבעלאַנגט די רעגירונג, פון וועלכע ער האָט באַקומען זיין אויטאָריטעט — נישט קיין נייטראַלער מענטש, זאָנדערן ער איז אַ געטרייער געהאַרכזאַמער דינער פון זייגע הערן „די ציוניסטישע פירערס", און איז אַ ווערקצייג אין זייערע הענט פאַר זייערע נאַציאָנאַלע אינטערעסן.

די אויספאָרשונג קאָמיסיע האָט אָפּגעשלעפּט די אַרבעט עטליכע וואָכן, כדי די געמיטער אין דער וועלט זאָלן זיך דערוויייל באַרואיגן. און ס׳איז איבעריג אפילו צו זאָגן אַז ס׳איז דערפון גאָרנישט אַרויסגעקומען.



## באַמערקונג:

ס׳איז דאָ שרייבערס וועלכע באַשרייבן די געשעענישן אַרום דעם „כותל מערבי" פון יענער צייט, נישט אינ׳ם ריכטיגן ליכט, פאַלש און פאַרפירעריש, מיט פאַרדרייטע פאַקטן, און נישט מיט די ריכטיגע מאָטיוון איבער וועלכע דער קאַמף איז געפירט געוואָרן.

מיר האָבן זיך אָנגעשטרענגט אַראָפּצוברענגען דאָ די מעשה מיט׳ן כותל מערבי אויפ׳ן

# ה.

## דאָס האַרץ פונ׳ם מענטש ליגט אין זיינע שריפטן.

ווען רב קוק׳ס ספרים האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקומען, וועלכע זענען אָנ־געפּיקעוועט מיט קרומע אויפפאַסונגען און „דיעות כוזבות״. האָבן אַסאַך שיינע אידן פון זיינע חסידים, געכאַפּט אַ שנעלקע אין די נאָז:

— אַהאַ! וואָס איז דאָס?!

ס׳איז אינטערעסאַנט, ווען דער רב קוק האָט געהאַלטן ביים אַרויסגעבן זיין ערשטן ספר מיט׳ן נאָמען „אורות״, האָט ער דאָס ערשט אָוועקגעגעבן צו זיין בן יחיד ר׳ צ״י, ער זאָל דאָס מסדר זיין צום דרוק. ווען ער איז געקר־מען צו עטליכע שטעלעס אינ׳ם ספר, וואו דער פאָטער ברענגט אַרויס זייער אויפפאַלענדע קרומע געדאַנקען, לויבנדיג די פרייע ציוניסטן, און די חלוצ׳ישע אַרבעט פון די פרייע קיבוצים, איז, כאָטש ער אַליין ר׳ צ״י איז שוין אין די יונגע יאָרן נישט געווען קיין „קטלא קניא״ (אָבי ווער) אויפ׳ן געביט פון חקירה און פילאָסאָפיע. דער פאָטער האָט אים נאָך אין די פריסטע יאָרן אין יפו געשיקט אויף דייטשלאַנד, צו ד״ר יצחק אויערבאַך אין האַלבערשטאָט, צו ערווערבן זיך ביי אים וועלטליכע וויסנשאַפט. דאָך האָט אים אָנגעכאַפּט אַ ציטער לייענענדיג די אויבנדערמאָנטע רייד פונ׳ם פאָטער. און ער האָט זיך גענומען די דרייסקייט, ער איז אַריין צו זיין פאָטער מיט די בלעטער אין דער האַנט, און געזאָגט:

— טאַטע! אפשר וואָלט געווען כדאי דאָ און דאָרטן עטליכע שורות אַרויסצולאָזן, כדי נישט צוגעבן אַ געלעגנהייט פאַר אונזערע שונאים צו באַ־שמוצן דעם טאַטן?

וועלכע שורות מיינסטו? — האָט רב קוק געפרעגט. דערקענענדיג דאָס אינערליכע אויפרעגונג פון זון, מיט זיין ווייס געוואָרענעם געזיכט.

ס׳איז דאָ אַסאַך פלעצער — האָט דער זון געזאָגט — שורות דאָ און

---

ריכטיגן אופן, מיט די פולע פאַראַנטוואָרטליכקייט, גענוי ווי ס׳איז פאָרגעקומען, (נאָר שטאַרק בקיצור). מיר פאַרזיכערן די לייענערס אַז מיר האָבן שטודירט און נאָכגעפאָרשט די פרשה זאָרגפעלטיג און גרינטליך בעזה״י, און מיר האָבן עס באַשריבן פון פאַרלעסליכע מקורות, און לויט ווי אַמת׳ע ערליכע ירושלים׳דיגע אידן דערציילן, וועלכע האָבן בייגעוואוינט און מיטגע־לעבט די פרשה פון יענער צייט.

**אלישב כהן**

דאַרטן, וועלכע ס׳וואָלט געווען ראַטזאַם צו קאָריגירן. ווארים די מענטשן זע־
נען נישט מסוגל צופאַרשטיין זיי ריכטיג. אָבער ווייניגסטנס די דאָזיגע שורות
זענען זיכער פון די וועלכע קענען אָנמאַכן אַ טומל — האָט דער זון אַרויפ־
געוויזן אויף אַן אָרט. דאָרט לייענט זיך אַזוי:

— „דער ספּאָרט (פוטבאָל) וואָס דער יוגענט אין ארץ ישראל טוט
זיך דערמיט באַשעפטיגן כדי צו שטאַרקן זייערע קערפּער, דאמיט זיי זאָלן
זיין שטאַרקע טאַפּפערע זין פאַר׳ן פאָלק, דאָס טוט ערגענצן און פאַרבעסערן
דעם „כח הרוחני״ פון די גרויסע צדיקים, וועלכע זענען עוסק אין „יחודים״
און „שמות הקדושים״... „אדרבה, זאָלן די יוגענט זיך שפּילן, צו שטאַרקן
זייער כח און גייסט, און ס׳זאָל אַרויסקומען אַן אַלגעמיינע שטאַרקע פאָלק. די
דאָזיגע הייליגע „עבודה״ איז מעלה די ש׳ הק׳ גאָר הויך, פּונקט אַזוי ווי
זי ווערט דערהויבן דורך די „שירות ותשבחות״ וואָס „דוד מלך ישראל״ האָט
געזאָגט אין ספר תהלים...

(מ׳וואָלט זיך געדאַרפט קריעה שניידן זעענדיג אַזעלכע ווערטער פון אַ
רב בישראל. און דאָס איז געשריבן און געדרוקט געוואָרן אין אַ צייט ווען
ס׳איז אָנגעגאַנגען אַ שטענדיגער ביטערער קאַמף קעגן די דאָזיגע יונגען, וועל־
כע האָבן זיך אויסגעקליבן צו שפּילן זייער פוטבאָל־שפּיל דווקא אין שבת,
און דווקא נאָענט צו אַ פרומע געגנט. מיט פיל טויזנטער צוקוקערס, וועלכע
זענען געקומען פונדערווייטנס, מיט אַ שרעקליכן „חילול שבת״. איז געקומען דער
רב קוק און געשיט זאַלץ אויף די וואונדן, מיט זיינע מורא׳דיגע קרומע ערקלע־
רונגען. און דאָס אַלעס האָט נאָך נישט אויפגעעפנט די אויגן פון די פאַרבלענ־
דעטע אידן). *)

---

*) ס׳איז כדאי אַראָפּצוברענגען אַ „מודעה״ וואָס רבי יוסף חיים זאָנענפעלד זצ״ל
האָט געשריבן אין יענער צייט, אַלס פּראָטעסט קעגן די יונגען וועלכע האָבן געשפּילט
אין פוטבאָל אין שבת קודש אין דער עפנטליכקייט, פאַר טויזנטער מענטשן צוקוקערס. די
מודעה איז געווען געקלעבט אין די גאַסן.

(אין אידישע איבערזעצונג:)

„מיין האַרץ איז שטאַרק צעבראָכן אין מיר איבער די שרעקליכע שמועה, אַז
די אויסגעלאַסענע זון פון אונזער פאָלק האָבן זיך פאַרשטאָפּט די אויערן נישט צו
צוהערן זיך צו די פילע געבעטעכצער פון׳ם יהדות החרדית, און טוען שוין ווייטער
מחלל זיין דעם שבת קודש, אין „עיר הקודש״, דורך פוטבאָל שפּילן אין שבת אין
דער גרויסער עפנטליכקייט... איך פיל זיך אַ פליכט — מיט אַ טיפן צער —
צופאַרעפנטליכן „ברבים״ אַז די דאָזיגע פרייע אויסגעלאַסענע, וועלכע זענען „מחלל
שבת בפרהסיא״ און מאַכן אויך זינדיגן אַנדערע, זיי זענען אין כלל פון „פּושעי
ישראל בגופן״ און זיי זענען אַרויסגעשלאָסן פון׳ם כלל ישראל, און ווילאַנג זיי וועלן

און וואו נאָך האָסטו געמיינט אַז מ׳דאַרף קאָריגירן — האָט רב קוק געפרעגט זיין זון מיט אַ איראָנישן שמייכל.

אפשר אויך די דאָזיגע שורות — האָט דער זון אַרויפגעוויזן אויף אַ צווייט אָרט.

דאָרט לייענט זיך אַזוי:

— „דאָס דאַרף מען וויסן, אַז דער „נפש״ (זעל) פון די „פושעי ישראל״ אין די צייטן פון „עקבתא דמשיחא״ (נאָענט פאַר ביאת משיח) די וועלכע טוען זיך אָנשליסן צו די אינטערעסן פונ׳ם כלל ישראל, צו ארץ ישראל און צו אַ נאַציאָנאַלן אויפלעבונג פון אונזער פאָלק, די דאָזיגע שטייען אַסאָך העכער — אנבעלאַנגט זייער „תיקון הנפש״ — ווי דער „נפש״ פון „שלומי אמוני ישראל״ (ערליכע פרומע אידן) וועלכע האָבן נישט דעם דאָזיגן פאַרצוג פון פיהלן אַן אינטערעס פאַר אונזער נאַציאָנאַלן אויפלעבונג און אויפריכטונג אַלס פאָלק און פאַר׳ן אויפבוי פון אונזער לאַנד״.

און פאַרוואָס דאַרף מען די דאָזיגע זאַצן אויסמעקן ? — האָט רב קוק געפרעגט זיין זון — אפשר קענסטו מיר ערקלערן ?

איך מיין פשוט נאָר דערפאַר — האָט דער זון געענטפערט — ווייל די קנאים וועלן זיך באַנוצן מיט די ווערטער אויף אָנצופאַלן אויפ׳ן טאַטן.

האַ ? וואָס זאָגסטו ? איבערדעם ? — האָט רב קוק געזאָגט צו זיין זון מיט אַ פעסטקייט — מיט דעם רעכן איך זיך גאָרנישט ! א „מורא בשר ודם״ (אַ פורכט פון אַ מענטש) האָב איך נישט אויף מיר. אדרבה, איך וויל דורכאויס אַז מ׳זאָל דאָס אַלעס דרוקן אַזוי ווי ס׳איז, מ׳זאָל גאָרנישט אַרויסלאָזן.

---

נישט טאָן „תשובה שלימה״ האָבן זיי דעם דין, ווי ס׳איז ערקלערט (אין שו״ע) דער דין פון „רשעים גמורים״, און קיין שום איד טאָר זיך נישט מיט זיי מתחבר זיין (באַהעפטן) מיט קיין שום התחברות, און ביי קיין פאַל.

איך האָב בטחון אין השי״ת, אַז זיי וועלן מער נישט טאָן די זאַך, אַזוי ווי ס׳שטייט „ולשבי פשע ביעקב״ זיי וועלן טאָן תשובה שלימה.

דער אויבערשטער זאָל זיך שוין דערבאַרעמען אויף זיין פאָלק, אפילו אויף די דאָזיגע פושעים, זיי „מחזיר בתשובה״ זיין, און מיר זאָלן זוכה זיין „לגאולה קרובה במהרה בימינו״, אמן.

כעתירת המחכה לישועה קרובה

יוסף חיים זאָנענפעלד

איז אויך די אויסוואורפן — מחללי שבת בפרהסיא — אויף וועלכע רבי יוסף חיים זאָנענפעלד האָט געשריבן אַז זיי זענען נישט פון כלל ישראל, האָט אויף זיי רב קוק געזאָגט (קיין אַנדערע פוטבאָל שפּילערס ווי די דאָזיגע יונגען איז נישט געווען) אַז זיי זענען מעלה די ש.... פונקט אַזוי ווי די שירות ותשבחות פון דוד המלך (רח״ל מהאי דעתא).

נו, וואָס איז דאָ נאָך צו רעדן און צו ערקלערן די קרומקייטן פון רב קוק ? !

איך וועל טאָן ווי דער טאַטע הייסט — האָט דער זון געענטפערט.

*

די ספרים פון רב קוק האָבן אָנגעמאַכט אַ טומל נישט נאָר אין ירושלים, נאָר אויך אין די גאַנצע וועלט. ס׳האָט אַביסל אויפגעדעקט דעם שלייער פון רב קוק׳ס פנים. ווארים ס׳איז באַקאַנט, אַז דאָס האַרץ פונ׳ם מענטש ליגט אין זיינע שריפטן. דער פעדער דעקט אויף דעם „פנימיות״ פונ׳ם מענטש. אין ירושלים איז די שטאָט געווען אויף רעדער. די קנאים און די „עדה החרדית״ מענטשן, זענען אַרויס מיט גרויסע קול קורא׳ס אַקעגן רב קוק. די רבנים גאונים רבי יצחק ירוחם דיסקין און רבי יוסף חיים זאָנענפעלד, האָבן אַרויפגעלייגט אַ חרם אויף זיינע ספרים.

אַ טייל פון די איידילערע — צווישן רב קוק׳ס מענטשן — האָבן זיך געעפנט די אויגן צו זען אין וואסערע זומפּ זיי זענען אַריינגעפאַלן. אָבער די זענען געווען זייער ווייניג, דאָס רוב פון די שייגע אידן וועלכע האָבן זיך גע־דרייט אַרום דעם רב קוק, האָבן ליידער נישט געוואָלט וויסן דעם אמת, זיי זענען געווען דער עיקר אונטערגעקויפטע מיט געלט, וועלכעס דער רב קוק האָט נישט געקאַרגט פאַר זיינע מענטשן. און ער האָט אויך געהאַט דערצו די מעגליכקייטן. די גרויסע ציוניסטישע שישקע־פילווערס וועלכע זענען געשטאַ־נען ביים „וועד הלאומי״ שיסל, און ביים „קרן קימת״, האָבן אנגעשטאָפּט דעם רב קוק מיט געלט, כדי ער זאָל קענען מיט ערפאָלג דינען זייערע אינטע־רעסן. און געלט האָט אַסאַך צו זאָגן, געלט מאַכט די אויגן נישט זעענדיג, און דאָס האַרץ נישט פילנדיג.

*

די עדה החרדית מענטשן האָבן אַרויסגעשיקט אויסצוגן פון רב קוק׳ס ספרים איבער דער וועלט, צו די גדולים און צדיקים, מנהיגים פון פאָלק ישראל. ס׳איז אויך אנגעקומען צום גערער רבי׳ן זצ״ל, דער גרעסטער חסיד׳ישער מנהיג אין זיין צייט אין פוילן. אַלע גדולים זענען דערשיטערט געוואָרן איבער די „דיעות כוזבות״ וועלכע ווערן דאָרט אַרויסגעבראַכט, איינגעהילט אין אַ שלייער פון „קבלה״ און הויכע געדאַנקען. אַלע האָבן געהאַלטן אַז זיינע רייד איז אַ „חילול השם״, און מ׳דאַרף אַרויסגיין דערקעגן מיט אָפנע פּראָטעסטן.

שפּעטער אַביסל איז דער גערער רבי אַליין געקומען אויף אַ באַזוך אין ארץ ישראל. ער האָט זיך געזען פּערזענליך מיט׳ן רב קוק, און האָט אים שטאַרק מוכיח געווען איבער זיין פאַלשע שיטה, און איבער זיינע פאַרדרייטע קרומע רייד אין זיינע ספרים.

די דאָזיגע פוילישע אידן וועלכע האָבן זיך געהאַלטן גוט מיט׳ן רב קוק, און זיי האָבן געהאַט אַ שטאַרקן אינטערעס אַז ס׳זאָל זיך נישט צע־פלאַקערן אַ קאַמף קעגן רב קוק אין פוילן, האָבן זיי אויסגעאיבט אַ שטאַרקן

דרוק אויפ׳ן גערער רבי׳ן, אַז ער זאָל נישט אַרויסגיין אָפן קעגן רב קוק מיט שאַרפקייט. זיי האָבן צו דעם צוועק אויך אונטערגעשטעלט רבנים, שיינע אידן. זיי האָבן גע׳טענה׳ט אַז מיט בייזן וועט מען מיט אים נאָך ערגער מאַכן, און מיט גוטן וועט מען ביי אים — צוביסלעך — מער אויפטאָן.

אָבער ווי ס׳זעט אויס האָט זיך דער גערער רבי ווייניג גערעכנט מיט זיי. ווארים אין דעם בריוו, וועלכעס דער גערער רבי שרייבט אהיים פון די שיף, פאַרנדיג צוריק אהיים פון ארץ ישראל, וועלכעס איז נאָכהער פאַרעפנט־ליכט געוואָרן — כאָטש דער רבי האָט זיך אנגעשטרענגט צו שרייבן אַ מעסיגן לשון — איז דאָ אין דעם בריוו גענוג באַשולדיגונגען אַ קעגן רב קוק. און ווער ס׳זוכט דעם אמת, קען גענוג אַרויסזען דעם מיינונג פון גערער רבי׳ן איבער׳ן רב קוק, מיט זיין פאַלשע שיטה.

מיר וועלן דאָ מעתיק זיין עטליכע אויסצוגן פון דעם לאַנגן בריוו. זעלבסטפאַרשטענדליך, די זאַצן וועלכע זענען פאַר אונז אינטערעסאַנט. (איבער־געזעצט אין אידיש):

„הרה״ג ר׳ אברהם קוק שי׳.... זיין ליבשאַפט צו ציון גייט איבער אַלע גרענעצן, און ער זאָגט אויף „טמא״ אז ס׳איז „טהור״... און פון דעם נעמט זיך זיינע פאַרקרומטע רייד אין זיינע ספרים. אַסאַך האָב איך זיך מיט אים געשפּאַרט. ווייל אפילו ווען זיי כונה איז צום גוטן, אָבער זיינע מעשים זענען זיכער געמיינע. ער האַלט מיט, מיט די פושעים, כאָטש זיי האַלטן זיך ווייטער אין זייער ווידערשפּעניגונג, און טוען פאַרשווערכן אַלעס וואָס ס׳איז הייליג...... און וואָס די יונגען „בויען״ הייסט „צעשטערט״, אפילו ווען זיי זאָלן בויען דעם בית המקדש....... צו רימען און לויבן די אַרבעט פון פושעים, און צו חנפ׳ענען זיי אויף אַזאַ שרעקליכן אופן, אָנצורופן זיי „שלום עליכם מלאכי השרת וכו׳ מלאכי עליון״ דאָס טוט דערצערנען ערליכע אידן, אין אַזאַ מאָס, וואָס מ׳קען עס גאַרנישט אויסמאַהלן (!).

אויך זיין שיטה איב׳ם ענין פון מעלה זיין „ניצוצות״ ביי רשעים, איז אַ געפערליכער וועג. ווילאַנג זיי טוען נישט קיין תשובה אויף זייערע פשעים האָבן די ניצוצות קיין שום ממשות. און ער שטעלט נאָר מיט דעם אין געפאַר טייערע ריינע נפשות, אַז זיי זאָלן זיך מתחבר זיין צו פושעים......

צווישן די קנאים (וועלכע קעמפן קעגן רב קוק) איז דאָ אַסאַך וועלכע מיינען זייער מחלוקה לשם שמים. מיט אַסאַך פון זיי האָב איך גע־שלאָסן אַ „ברית אהבה״ ווייל זייער חברותא איז אָנגענעם...״ ע״כ.

דוכט זיך אַז די פּאָר ווערטער — אפילו מיטן שטאַרקן איינגעהאַלטע־נעם נוסח — איז אויך שוין גענוג צו האָבן אַ שטיקל באַגריף וואָס פאַראַ שאָדן דער רב קוק האָט געטאָן פאַר׳ן אמת׳ן תורה׳דיגן אידישקייט, מיט זיין פאַרדרייטן פאַרפלאָנטערן ציוניסטישן דרך, צו זאָגן אויף „טמא״ אַז ס׳איז

„טהור" (רח"ל), און דאָס אַלעס פאַרקליידעט אין אַ ספּאַדיק און אין „דברי קבלה". אין מיט'ן חנפ'ענען צו רשעים אויף אַזאַ שרעקליכן אופן, אַגרופן זיי „מלאכי השרת מלאכי עליון" (רח"ל), א. א. וו. ער האָט גורם געווען פאַר אַסאַך טויזנטער טייערע ריינע אידישע נפשות, זיי זאָלן אַריינפאַלן צו די פושעים און כופרים. ווי דער גערער רבי איז אויף דעם מרמז אין זיין בריוו.

*

— אויך האָט מען געקענט זען דעם גערער רבינ'ס קלאָרע שטעלונג — צוריקקומענדיג אַהיים אויף פוילן — איבער דעם „קרן קימת" מיט זייערע פושקעס און זייערע אויפטועכצער (לייען: חורבנות) אין ארץ ישראל, פון דעם „קול קורא" וועלכע ער האָט אַרויסגעגעבן.

די קול קורא האָט דער גערער רבי אָפּגעשריבן נאָכדעם וואָס ס'איז אָנגעקומען צו אים שמועות, אַז די ציוניסטן פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז דער גערער רבי האָט געשלאָסן אַ פריינטשאַפט מיט'ן רב קוק אין ארץ ישראל. און געמאַכט מיט אים שלום אויף אַלע געביטן. דער גערער רבי איז שוין אויך מסכים צום „קרן קימת" פאָנד, א. א. וו. ס'זענען אַרומגעגאַנגען ספּעציעלע שליחים פון קרן קימת, און אויך רב קוק'ס אַ פּערזענליכער שליח צו פאַרשפּרייטן די קלאַנגען. זיי האָבן געבערענגט דערצו, אַז אַסאַך פרומע אידן האָבן אַריינגענומען אין זייער הויז די קרן קימת פושקעס, די וועלכע האָבן ביז אַהער נישט געהאַט. אַסאַך האָבן געזאָגט דעם תירוץ אַז זיי טוען דאָס וועגן „דרכי שלום" נישט זיין אָפּגעזונדערט פון די איבריגע פאַרשידענע פאַרטייען, וואָס דאָס ברענגט צו „מחלוקת".

ווי די זאַך איז אָנגעקומען אין גערער רבין'ס אויערן, האָט ער תיכף אָפּגעשריבן אַ שאַרפע קול קורא, וועלכעס ער האָט געהייסן מפרסם זיין אומעטום.

דער קול קורא האָט זיך געלייענט אַזוי (אין אידישע איבערזעצונג):

„אַזוי ווי איך האָב געהערט אַ נישט גוטע „שמועה" אַז אַסאַך פון די חרדים שטעלן אַריין אין זייער שטוב די „באַקאַנטע" פושקעס פון די ציוניסטן פאַר זייערע פאָנדן וועגן. און לעצטנס האָט מען מיר איבערגעגעבן אַז די ציוניסטן האָבן פאַרשפּרייט ברבים פאַלשע קלאַנגען, אַז איך בין שוין אויך מסכים, חלילה, אויף זייער „קרן קימת". וויל איך דאָ פאַרעפנטליכן מיין מיינונג נאָכאַמאָל, אַ זאַך וואָס ס'איז שוין באַוואוסט און מפורסם פון פריער, אַז מ'זאָל גאַרנישט נעמען אויפ'ן געדאַנק אַזאַ זאַך צו שטיצן די דאָזיגע פאָנדן פון די ציוניסטן. וואָס פון זייער געלט ווערן געשטיצט אַנשטאַלטן און קבוצים, וועלכע טוען איינברעכן אַלע צוימען פון די תורה, זיי זענען עפנטליך מחלל שבת, און פאַרשוועכן אַלע הייליגקייטן פון אידישע קינדער, אַזוי ווי מ'ווייסט

דאָס אויף זיכער פון מענטשן וועלכע האָבן דאָס געזען מיט זייערע אויגן. ווי בעביך פאַר די אויערן וועלכע הערן די זאַכן! וואָס ס'טוט זיך אָפּ אויף דער ערד פון אונזער הייליג לאַנד. פילע זוכן זיך אַ תירוץ אויף צו שטיצן זיי, אַז מ'טוט דאָס וועגן „דרכי שלום". אָבער לויט מיין מיינונג איז דאָס געווען די זינד פון אונזערע עלטערן מיט'ן מיטטראָגן דעם „פסל מיכה" (די עבודה זרה פון מיכה) ביים ים סוף, כדי אָנצוהאַלטן דעם שלום מיט'ן ערב רב. שטיצן דעם ישוב פון ארץ ישראל דאַרף מען נאָר אַז דער בנין איז לויט אַלע געזעצן פון אונזער תורה! און ס'איז געהייליגט מיט „קדושת ארץ ישראל"! אַזוי ווי די פושקעס פון ר' מאיר בל הנס, און דער פאָנד פונ'ם ישוב פון די חרדים.

דער אויבערשטער זאָל אונז געבן די זכי'ה צו זען דעם אמת'דיגן בנין ירושלים און די גאולה שלימה. ע"כ.



ס'איז אויך אנגעקומען אַ שמועה צום גערער רבי'ן, אַז ס'איז דאָ אַזעלכע וועלכע פאַרשפרייטן אַ קלאַנג, אַז ער הייסט שוין נישט צו זיין אַ „יוצא" (צו דעקלאַרירן אַז מ'גייט אַרויס) פון די קהילת „וועד הלאומי" ביי וועלכן דער רב קוק איז דער רב. אַ רעכט וואָס מ'האָט אויסגעקעמפט ביי די רעגירונג אין ארץ ישראל, וועלכעס איז געווען דער פונדאמענט פון די אָפּגעטיילטע „עדה חרדית".

האָט דער גערער רבי זיך צוגעאיילט צו פאַרשטענדיגן דאָס ריכ־טיגע, אין אַ בריוו צו זיין ברודער ר' נחמי'ה (וואַרשיינדליך איז ר' נחמי'ה דעמאלס געווען אין ארץ ישראל), דער בריוו לייענט זיך אַזוי (אין אידישע איבערזעצונג):

„אהובי אחי היקר ר' נחמי'ה שליט"א,

אנבעלאנגט דעם געזעץ וואָס ס'איז געוואָרן, אַז די חרדים האָבן די מעגליכקייט זיך צו ראַטעווען דאָס נפש, אַרויסצוגיין פון די קהילה פון „וועד הלאומי", וואָס לויט ווי די רבנים האָבן געפסק'נט טאָר מען נישט „על פי דין" זיין אַ מיטגליד אין די דאָזיגע געמיינדע, וועלכע פירט זיך נישט לויט די געזעצן פון אונזער תורה.

דעריבער בעט איך דיך אז דו זאָלסט באַקאַנט מאַכן אין מיין נאָמען, אַז יעדער ערליכער פרומער איד זאָל אַזוי טאָן, און זאָל אַרויס־גיין פאַקטיש פון די אויבנדערמאָנטע געמיינדע, אַזוי ווי ס'איז אונז געגעבן געוואָרן די ערלויבעניש פון די רעגירונג.

אחיך הדו"ש



חשוב׳עס לייענערס! מיר ווילן דאָ אין מיטן מפסיק זיין אויף אַ ווײַלע און מאַכן אַ וויכטיגע דערקלערונג, איבער אונזער שריפט ביז אַהער, און איבער־דעם וואָס מיר גייען אייך ווייטער דערציילן.

איר זאָלט נישט מיינען — חשוב׳ע לייענערס — אַז די אַלע קרי־טיקן אונזערע אויפ׳ן רב קוק מיט זיין דרך, טוען מיר מיט אַ פרייד און אַ לייכט געמיט. פאַרקערט, מיר טוען עס דורכאויס מיט אַ האַרץ ווייטאָג און פאַרדרוס. סוף סוף האָבן מיר דאָ נישט צו טאָן מיט אַ „פרייעם" אפיקורס׳־ישן פירער, אָדער אַ רעפאָרם ראַביי. וואָס ס׳איז אַ באַרמאַלע ערשיינונג, אַז ערליכע פרומע אידן זאָלן אַרויסגיין קעגן אים אין קאַמף. מיר האָבן דאָך דאָ צו טאָן „לכאורה" מיט אַ אונזעריגן רעליגיעזן פירער, נאָך מער מיט איינעם וואָס ער טוט רעפּרעזענטירן אַ אויסגעשפּראָכענעם חסיד׳ישן רב מיט אַלע צוגעהער דערצו, וועלכער האָט זיין זיידענע בעקיטשע מיט זיין ספּאָדיק נישט אויסגעטאָן אַ גאַנצע וואָך. און אויסערדעם וואָס ער האָט באַוויזן גרויס חרי־פות אין לערנען, האָט ער ליב געהאַט צו רעדן צו מענטשן אַסאַך „קבלה" רייד, וואָס ס׳רופט זיך „תורת הנסתר". און שבת ביי שלש סעודות — האָבן מיר שוין אויבן געמאָלדן — האָט ער געזאָגט תורה אַ שעה אנדערהאלבן „מיט אַ התעוררות ניגון" אַריינגעפלאָכטן אַסאַך טיפע קבלה רייד.

און ווער זענען געווען זיינע צוהערערס? ווען אַ פרעמדער מענטש איז דאָרט אַריינגעקומען, האָט זיך אים אוודאי געדוכטן אַז דאָרט זיצט „מסלתה ומשמנה" — דאָס שענסטע און דאָס בעסטע פון ירושלים.

(וואָרים דעמאָלס ביי שלש סעודות זענען נישט געווען דאָרט זיינע בוזעם־פריינט, די גרויסע ציוניסטישע אפיקורסים, אַרבייטער פירערס. אָדער זיינע „אַדאָפּטירטע קינדער" די חלוצים און חלוצ׳קעס פון די קיבוצים. זיי זע־נען נישט געקומען הערן זיין „שלש סעודות תורה).

עס זענען דאָרט געזעסן שיינע אידן מיט ווייסע און געלע קאַפּטענעס, ווייסע הויזן, ווייסע זאָקן. צווישן זיי אַ שיינער פּראָצענט אייניקלעך פון פאַר־צייטיגע צדיקים.

צו דעם אַלעמען, איז דער רב קוק געווען באַוואוסט פאַר אַ „יחסן" מיט אַ שיינעם אָפּשטאַם. זיין שווער ווייסן מיר דאָך איז געווען דער וועלט באַרימטער גאון און צדיק רבי אליהו דוד ראַבינאָוויץ־תאומים (האדר"ת) זצ"ל. וועלכער איז געווען דער סגן־רב אין ירושלים פיר יאָר צייט, אונטער רבי שמואל סאלאנט זצ"ל. און ער איז געווען באַוואוסט — אַ חוץ זיין גרויסן גאונות און צדקות — פאַר אַ שטאַרקן קנאי אַ קעגן די ציוניסטן, מער ווי אַלע רבנים גדולים פון זיין גלייכן אין ירושלים. *)

*) ס׳וואָלט געווען אַן אַבסורד און אַ געלעכטער, מיר זאָלן וועלן אויסרעכענען און ערקלערן דעם אומענדליכן מרחק, פּונ׳ם גרויסן שווער ביז צום פאַרקראָכענעם איידעם. נאָר כדי צו כאַראַקטעריזירן אַביסל דעם גרויסן אונטערשיד וועלן מיר פאַרצייכענען איין פּרט.

איז אין ליבסטן וואָלט אונז געווען, ווען מיר זאָלן זיך נישט דאַרפן באַפאַסן מיט דעם גאַנצן ענין, און לאָזן דעם רב קוק רוען דאָרט ווי ער איז.

אָבער טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז נישט געווען קיין מאָדערנער ראַביי, מיט אַ קורץ רעקל און אַ געשוירן בערדל — וועלכער האָט נישט בכח אַזויפיל קאַליע צו מאַכן צווישן חרד׳ישע אידן — נאָר ער איז געווען דער געשטעל ווי מיר האָבן דאָ אַביסל אויסגעמאָלן. אַ רב מיט אַ ספּאָדיק און מיט קענ־טעניסן אין „נגלה" און אין „נסתר". מיט אַ גרויסן צוציאונגס קראַפט און איינפלוס אויף מענטשן, נישט נאָר מיט זיין „שלש סעודות תורות", נאָר נאָך אַסאַך מער, דורך די גרויסע פינאַנציעלע מיטלען, וואָס די ציוניסטישע הער־שערס האָבן אים געשטעלט צו פאַרפיגן. פון וועלכע רב קוק האָט געקענט שטופּן אין האַנט אַריין פעטע מטבעות. און דאָס האָט געהאַט אין יענע צייטן — אין דעם פאַראָרעמטן ירושלים — אַסאַך צו זאָגן.

און די אַלע רבנים שיינע אידן וועלכע האָבן זיך געדרייט ביי אים, זענען געוואָרן אַנגעשטעקט מיט זיינע ציוניסטישע תורות, וועלכעס איז געווען פאַרקליידעט אין טיפע „קבלה" ענינים, פון מעלה זיין „ניצוצות" פון די טיפע־נישן פון די קליפות א. א. וו. (רח"ל).

פון פשוט׳ע „עמך" איז דאָך אָפּגערעדט, פאַר זיי איז דאָך דאָס געווען

---

דער האדר"ת איז געווען דער „ערשטער" רב אין ירושלים, וועלכער האָט אַרויס־געגעבן אַן איסור אויף צו אונטערריכטן די העברע׳אישע שפּראַכע, אין די מיידל שולעס און אין די קינדערגאַרטנס, (פון חדרים און תלמוד תורות איז דאָך אָפּגערעדט). דער הויפּט מאָטיוו וועלכעס ווערט געברענגט אינ׳ם איסור, איז, „ווארים דאָס איז די שפּראַך וואָס די מינים און אפיקורסים האָבן זיך גענומען צו נוצן". דער איסור איז געווען געקלעבט אויף אַלע ווענט אין ירושלים.

און דער רב קוק איז געווען דער „ערשטער" רב אין ירושלים, וועלכער האָט כמעט ביי יעדע געלעגנהייט פון קהל׳ישע פאַרזאַמלונגען, און אָפיציעלע אויפטריט זיינע, פאַראַדירט מיט די ריינע געשליפענע העברע׳אישע שפּראַכע, געגנוי ווי ס׳איז אַרויס פון דעם אפיקורס בן יהודא׳ס לאַבאַראַטאָריום. אפילו די איינצוגס־דרשה זיינע אין די אַלטע שטאָט אין די חורבה שול, אין דעם ערשטן שבת וואָס ער איז אנגעקומען אלס רב אין ירושלים, האָט ער אָנגעהויבן און אָפּגעזאָגט אַ חלק אויף העברע׳איש, נאָכהער האָט ער זיך אַנטשולדיגט און איז אַריבער אויף אידיש, צוליב אַ גרויסן חלק פונ׳ם עולם וועלכע פאַרשטייען בעסער דאָס אידישע.

די העברע׳אישע שפּראַכע, האָט זיך אַזוי צוגעפּאַסט צו זיין גרויסן ספּאָדיק און זיי־דענע בעקישע מיט׳ן סאַמעטענעם קאָלנער, פונקט ווי זיין גאַנצער פילאָסאָפישער איינשטעלונג איבער די כופר׳ישע ציוניסטן און די חלוצים מיט די חלוצ׳קעס.

אַ גלענצענדע געלעגנהייט און אַ פאַרגעניגן, אַז אַזאַ גרויסער רב און רבי איז מתיר דעם ציוניזם אָפן „בריש גלי״. און מ׳קען זיך חבר׳ן מיט אַלע פרייע אפיקורסים. פאַרקערט, ס׳שטעקט נאָך דערין אַ גרויסע קדושה, און טיפע ענינים (רח״ל). און אויך די גרויסע מצוה פון „אהבת ישראל״, וועלכעס איז מכפר אויף אַלע עבירות.

דאריבער האַלטן מיר פאַר אַ פליכט — ביי דער געלעגנהייט — אַביסל אויפצודעקן די מאַסקע פון רב קוק׳ס געפערליכע פאַרפירערישע דרכים. וועל־כעס האָט צוגעברענגט — אויסער דעם גרויסן „חילול השם״ פון זיינע מעשים, און זיינע שרייבעכצער אין זיינע ספרים — אַז אַסאַך אַסאַך טויזנטער אידישע קינדער זענען אַריינגעפאַלן אינ׳ם נעץ פון די ציוניסטישע קליפה, אָנגעפאַנגען מיט׳ן רעליגיעזן ציוניזם, און אויסגעלאָזט זיך מיט׳ן סאָציאַליסטישן אָדער רע־וויזיאָניסטישן ציוניזם, און אָפגעקערט אין גאַנצן פון „תורה״ און פון „אמונה״. (אַזוי ווי איר וועט אַביסל אויך אַרויסזען פון די דראַמאַטישע געשיכטע וואָס מיר גייען אייך דאָ דערציילן, וועלכעס האָט זיך אָפגעשפילט מיט אַ עטליכע און דרייסיג יאָר צוריק).

און דער תכלית פון אונזער שרייבן איז, אַז מ׳זאָל זיך אַראָפּנעמען אַ „מוסר השכל״ נישט צו פאַרפירט ווערן פון אַזעלכע פאַלשע דרכים. וואָרים דער נסיון חזר׳ט זיך איבער אין אַלע צייטן אין פאַרשידענע פאָרמען. נאָך הייגט, וויפיל אידן זענען דאָ אין ירושלים, וועלכע זענען פאַרנאַרט אין רב קוק׳ס דרך, און האַלטן פון אים וועלטן. און צוליב דעם האָבן זיי אַ היתר צו קריכן אין אַלע ציוניסטישע בלאָטעס, און זייערע קינדער זענען שוין אין מערסטנטייל אין גאַנצן ווי גוים רח״ל.

ס׳איז אויך וויכטיג צו געדענקען, פון וואָס איז דער רב קוק צוגעקו־מען צו זיין פאַרפירערישן וועג. מיר האָבן שוין אויבן געשריבן, אַז דער „בעל דבר״ האָט זיך מקדים געווען אַריינצוכאַפּן זיין נפש נאָך אין די יונגע יאָרן. ער האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ חקירה׳דיגן־פילאָסאָפישן וועג. און ער האָט דורכשטודירט אַלע פילאָסאָפישע „ספרים חיצונים״ גרינטליך. ווי ס׳זאָגן אויף דעם עדות זיינע תלמידים אַליין. און דאָס האָט זיך אים אַריינגעזעצט אין האַרץ און אין מוח. ס׳האָט אים אַריינגעברענגט ספיקות און קשיות אויף די אמונה רח״ל. (ווי דער שטייגער איז פון די אַלע וועלכע זאָפן אין זיך אַריין פילאָסאָפישע „ספרים חיצונים״), אָנהייב שוואַכער און שפּעטער שטאַרקער. ער האָט זיך שוין נישט געקענט מער דערפון באַפרייען.

איבערהויפּט אַז זיין פילאָסאָפישער „בעל דבר״ האָט זיך נאָך צוזאַמען געטראָפן מיט די שטאַרקע „ציוניסטישע״ קליפה, די ביידע צוזאַמען האָבן פון אים אַ תל געמאַכט אין גאַנצן. ער האָט פאַרלוירן זיין שטאַנדהאַפטיגקייט אין אידישקייט. ער האָט זיך געוואָרפן אַהער און אַהין. ווי די וועלט זאָגט: — איינמאָל אַ מלאך, און איינמאָל אַ גלח. ער האָט זיך אַרומגעכאַפּט מיט אַלע פרייע אפיקורסים און חלוצים, מיט אַ כלומרשט׳ן תירוץ פון „אהבת ישראל״.

ער האָט אַליין געוואוסט אַז ס׳איז נישט אמת, ס׳האַלט נישט אויס, אָבער ער איז שוין געווען געפאַנגען, ער האָט שוין נישט געקענט אַנדערש טאָן.



אַז מ׳זעט זיינע קרומע אויפפאַסונגען, וואָס ער ברענגט אַרויס אין זיינע ספרים איבער די חשיבות פון די פרייע אפיקורסים און חלוצים. און ווי זיי זענען מעלה די ש.... מיט זייער פוטבאָל שפּילן רח״ל. און מ׳זעט — למשל — דעם ליד וועלכעס ער האָט אָנגעשריבן זייענדיג אין גליל אין דעם דאָרף „סעדזשערע״ (סג׳רה). וואו ס׳האָבן צווישן די פערציג חברים פון די קאָלאָניע, געפאַסט אין יום כיפור נאָר פערצן! און די פערצן האָבן אויך געלעבט אַ גאַנץ יאָר ווי גוים. ער שרייבט, אַז זייענדיג אין סג׳רה, זעענדיג פאַר זיך די שיינע פּאַנאָראַמע, און הערנדיג דאָס גערויש פון די גליל בערג, און דאָס שושקען זיך פון די געוויקס פון די פעלדער, און דאָס ברומען פון די קיען אין די שטאַל... און ווי אַלעס זינגט און פרייט זיך אויפ׳ן אויפגע־ריכטקייט פונ׳ם וויסטענים. האָט אויף אים גערוט דער פּאָעטישער גייסט און ער מוז שרייבן אַ ליד. אין דעם ליד באַזינגט ער דאָס שיינקייט פונ׳ם „לעבן״ און פון די „נאַטור״, פון וועלכן ס׳שלאָגט אַרויס פון אַ יעדעס וואָרט אַ ריח פון אפיקורסות און גוי׳אישקייט. מיר וועלן זיך ערלויבן אַראָפּצוברענגען איין פראַז פונ׳ם ליד, ס׳איז אויך גענוג און גענוג.... וועלכעס לייענט זיך אַזוי:

| אין העברעאיש: | איבערגעזעצט אין אידיש: |
|---|---|
| ודור יקום וחי — | ס׳גייט אויפשטיין אַ דור, וואָס וועט לעבן — |
| ישיר ליופי ולחיים. | צום „שוינקייט״ און צום „לעבן״ וועט ער זינגען. |
| ועדנה עד בלי די — | און אַ פרישקייט ביז איבער גענוג — |
| יינק מטל שמים. | וועט ער פונ׳ם טוי פון הימל זייגן. |

איר פאַרשטייט! נישט גענוג וואָס ער האָט נישט אָוועקגעחליש׳ט, זע־ענדיג דעם גרויסן בראָך און חורבן אין אונזער הייליג לאַנד פאַר די אויגן. אַז אַ גאַנצער ישוב — וועלכע קומען אַלע אַהער פון פוילן פון חסיד׳ישע היי־זער — פירן זיך אויף ווי די געמיינסטע גוים. דאָס רוב פאַסט אפילו נישט אין יום כיפור רח״ל. אַזאַך וואָס מ׳האָט אין חוץ לארץ כמעט נישט געזען. וואָרים אפילו דער ערגסטער „פושע ישראל״ האָט נאָך אַזויפיל געהאַלטן אַז ער האָט אין יום כיפור געפאַסט און געקומען אין שול אַריין. און אפילו ס׳האָט זיך געטראָפן ערגעץ אַזאַ מין אויסוואורף וועלכער האָט נישט געהאַלטן יום כיפור, איז ער שוין געווען אין גאַנצן „מחוץ למחנה״, ער האָט מיט אידן נישט געהאַט גאָרנישט צו טאָן. אָבער אַזאַ זאַך, צו באַזעצן זיך אויפ׳ן הייליגן ערד פון אונזער הייליג לאַנד, דאָס לאַנד פון אברהם יצחק און יעקב, און הייסן נאָך אַ גוטער איד, אַ העלד, אַ פּאַטריאָט, וועלכער בויט אונזער צוקונפט רח״ל, און זאָל זיין אַזוי אויסגעטאָן פונ׳ם מינדעסטן אידישקייט, אַז ער זאָל

אפילו שוין דעם הייליגן טאָג נישט האַלטן! אַזאַ זאַך האָט מען ביז׳ן „הערצל־ציוניזם״ נישט געקענט זיך פאָרשטעלן.

(ס׳איז מערקווירדיג, אַז עטליכע שפּעטערדיגע מיניסטאָרן אין „מדינת ישראל״ — צווישן זיי אויך „בן גוריון״ — זענען געווען קאַלאַניסטן אין סע־דזשערע, און פון דאָרט זענען זיי אויסגעוואַקסן פאַר „מנהיגים״).

איז, די אַלע זאַכן, נישט באַר וואָס ס׳האָט אים נישט — דעם רב קוק — צעבראָכן דאָס האַרץ, און פאַרכמורעט דעם געמיט, פאַרקערט — „זעענדיג ווי אַלעס זינגט און פרייט זיך אויפ׳ן אויפגעריכטקייט פונ׳ם וויסטעניש״ — (אָה און ווי פאַר דעם אויפגעריכטקייט!) האָט אויף אים געהוט דער פּאָע־טישער גייסט, און ער מוז שרייבן אַ ליד! ער מוז באַזונגען דעם „דור״ וועל־כער גייט אויפשטיין, וועלכע וועלן קענען זינגען צום „שוינקייט״ און צום „לעבן״!

דאָס איז וואָס מיר האָבן אויבן געשריבן: — דאָס האַרץ פונ׳ם מענטש ליגט אין זיינע שריפטן!

ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז נאָך דעם ליד שרייבט רב קוק אין זיינע כתבים די פאָלגענדע פאַרפּלאָנטערטע ווערטער:

— „איך האָב ליב אַלעמען. ס׳איז מיר אוממעגליך נישט ליב צו האָבן אַלע מענטשן פון אַלע פעלקער (!) איך וויל פון מיינע טיפענישן פון האַרץ דאָס שיינקייט פון אַלעמען, און דאָס אויפגעריכטקייט פון אַלעמען. אויבצוואר מיין ליבשאַפט צו ישראל איז פלאַמענדיגער און טיפער. אָבער מיין אינערליכער באַגער פאַרשפּרייט זיך אינ׳ם שטאַרקן ליבשאַפט צו אַלעמען. איך דאַרף גאָר־נישט טאָן דערצו אויפצואוועקן דאָס געפיל פון די ליבשאַפט, ס׳קוועלט אַרויס גלייך פון די טיפע הייליגקייט פון די „חכמה״ פון די געטליכע נשמה״.

לייענענדיג די אַלע זאַכן, און נאָך און נאָך... און וויסנדיג אַז דאָס האָט געשריבן אַ רב מיט אַ ספּאָדיק מיט אַ זיידענע בעקישע, וועלכער וויינט ביים זאָגן די שלש סעודות תורה, און זאָגט „רזי דרזין״. קומט דיר אַריין אין האַרץ אַ גרויס רחמנות אויף דעם מענטש, וועלכער האָט געבלאָנדזשעט „אַהער״ און „אַהין״, ווי אַ בלינדער רח״ל וואָס האָט פאַרלוירן דעם וועג. ווען ס׳איז אַ אַנדערער וואָלסטו געזאָגט, אַז דאָס ערשטע דאַרף מען נעמען דעם מענטש צו אַ פּסיכיאַטור...

אַ שאָד! אַ שאָד! אַ מענטש מיט אַזעלכע „כשרונות״ איז געפאַלן אַ קרבן! זאָל דאָס כאָטש דינען פאַר אַ „מוסר השכל״ פאַר אַ יעדן אייבעם אויף פאַרשידענע אופנים. און וויסן, אַז מ׳קען אפילו גיין אין אַ ספּאָדיק מיט זיידענע מלבושים, דאָס איז נאָך ווייט נישט גענוג, ווארים מ׳ווייסט נישט וואָס די זיידענע בעקישע פאַרדעקט, וואָס עס איז דאָ דאַרונטער? די זאַכן פון „אמונה״ זעט זיך נישט אַרויס אין דרויסן ביים מענטש, דאָס ליגט באַ־האַלטן אין האַרץ און אין מוח. און דאָס איז דער פונדאַמענט פון אידישקייט. אָן דעם איז אַלעס גאָרנישט.

און דער עיקר מוסר דאַרף מען זיך אַראָפּנעמען, מ׳זאָל זיך היטן פון די זאַך וועלכעס האָט צוגעברענגט דעם רב קוק צו דעם פאַרדרייעניש און פלאָב־טערניש. דאָס איז די „חקירה״־פילאָסאָפיע. אָנגעהויבן ביי ערליכע חקירה ספרים, און פאַרגעזעצט ביי „ספרים חיצונים״ פסול׳ע פילאָסאָפישע ביכער רח״ל, אויף וועלכן צדיקים האָבן געזאָגט „כל באי׳ לא ישובון״ די „ראשי תיבות״ דערפון איז „ביכל״. היטן זיך פון דעם אַלעם ווי פון פייער. ווייל אַז מ׳האָט זיך פון דעם אָנגעזאָפּט, האָט מען שוין כמעט נישט קיין תקנה ח״ו, ס׳פאַר־דרייט דעם מוח, און מ׳קען זיך נישט דערפון מער באַפרייען.

דאריבער שטייט אין די ספרים, אַז פאַר ביאת המשיח איז דער עיקר תיקון פון דור, צו דינען דעם אויבערשטן מיט „אמונה פשוטה״ און „תמימות״. צו גיין אין דעם אויסגעטראָטענעם דרך פון אבות אבותינו, און פון די פרירדיגע צדיקים און חסידים יראי ה׳, וועלכעס איז שוין אויסגעפּרובט און אויסגעפּרואווט. און נישט אַראָפּנייגן פון דעם, נישט אויף רעכטס און נישט אויף לינקס.

און מ׳דאַרף שטענדיג בעטן דעם אויבערשטן אַז מ׳זאָל נישט פאַרקריכן ח״ו, מ׳זאָל נישט זיין פון די וואָס „ותאבדו דרך״ — מ׳פאַרלירט דעם אמת־דיגן דרך, און מ׳געפינט אים מער נישט רח״ל.

# ט.

## רב קוק׳ס לעצטער „אויפטו״ אויף דעם עולם.

חשוב׳ע לייענערס! מיר דערנענטערן זיך צום פונקט און תכלית פון אונזער ביז איצטיגע דערציילונג. וואָס מיר ווען אייך צוריקפירן אין דעם קליינעם פאַררוקטן שטעטעלע צ. אין קאַרפּאַטן־רוסיא, וואו ס׳וועט זיך אָפּ־שפּילן אַ העכסט אינטערעסאַנטע דראַמאַטישע געשיכטע מיט אַ גרויס „מוסר השכל״. נאָר בעפאָר דעם ווילן מיר אייך ערשט איבערגעבן נאָך אַ וויכטיגע פּאַסירונג פון רב קוק, וועלכעס וועט פאַרנעמען אַ שליסל־פּאָזיציע צו אונזער גאַנצער דערציילונג.

דער רב קוק איז׳ם לעצטן יאָר פון זיין לעבן, ווען פּראָפעסאָר צאָנדאָק האָט שוין באַשטעטיגט אַז ער ליידט פון אַ קענסער ל״ע, און מער ווי פינף־זעקס חדשים קען ער — נאַרמאַלערווייזע — נישט אויסהאַלטן. זעלבסטפאַר־שטענדליך אַז פאַר אים האָט מען דאָס דערוויייל פאַרהוילן. ער איז שוין געווען שטאַרק שוואַך, ער איז אַ סאַך געלעגן אין בעט, אָבער ער פלעגט נאָך אויך אויפשטיין און אַרומגיין אויף די פיס.

איינמאָל אינדערפרי, האָט דער פּאָסט־טרעגער געברענגט אַ בריוו פון תל אביב. רב קוק האָט דאָס געעפנט האָט ער געזען, אַז דאָס שרייבט צו אים דער בירגערמייסטער פון תל אביב „דיזינגאָף", וועם מ'פלעגט זען רייטענדיק אויף אַ ווייס פערד אין די גאַסן פון תל אביב.

ער שרייבט צו רב קוק, אַז די גאַנצע שטאָטראָט האָט באַשלאָסן צו באַערן דעם „רב הראשי" מיט אַ טיטול „אזרח כבוד לתל אביב" — (ערנ־בירגער פון תל אביב), פאַר זיינע גרויסע לייסטונגען, מיט'ן מחזק זיין די ערשטע בויערס פון די שטאָט ביז'ן היינטיקן טאָג, מיט וואַרעמע אמת'ע נאַ־ציאָנאַלע רייד, וועלכעס האָט שטאַרק בעאיינפלוסט און בייגעשטייערט צום אַנטוויקלונג פון דער שטאָט תל אביב. און זיי וואָלטן זיך זייער געפרייט ווען דער רב קוק וואָלט געקענט אַליין ערשיינען און פערזענליך איבערנעמען דעם „ערנבירגער טיטול".

רב קוק האָט אים געענטפערט: דער טאָג וואָס ער האָט ערהאַלטן דעם בריוו, אַז מ'האָט באַשלאָסן אים צו באַערן מיטן טיטול „ערנבירגער פון תל אביב" איז פאַר אים אַ גליקליכער טאָג אין לעבן, און ס'פאַרגרינגערט אים אַסאַך זיינע יסורים. און מעגליך ס'וועט זיך מאַכן נאָך עטליכע וויכטיגע גע־לעגנהייטן וועגן וואָס צו באַזוכן תל אביב, וועט ער דאָס זען צוזאַמענפאָרן אין איין טאָג, און ער וועט זיך אָנשטרענגען צו פאָרן אויף תל אביב איבערצונעמען דעם „ערנבירגער טיטול" מיט זיינע הענט.

אַ וואָך דערויף האָט זיך טאַקע געמאַכט אַ געלעגנהייט, וואָס דער רב קוק איז געווען געלאַדנט אין תל אביב, אַ טייל צו נעמען אין אַ וויכטיגע אסיפה. האָט ער אויסגענוצט צוערלעדיגןביידע זאַכן מיטאַמאָל.

דאָס פייערונג פונ'ם באַערן דעם רב קוק מיט'ן תל אביב'ער ערנביר־גערשאַפט, איז פאָרגעקומען אינ'ם „בית העם" (אַ גרויסער אַלגעמיינער קלוב). די שטאָט־הויז אין תל אביב איז נאָך דעמאלס געווען אַ קליינער אַלטער בנין.

מיר וועלן זיך נישט פאַרנעמען מיט די אַלע שטותים וואָס ס'איז דאָרט גערעדט געוואָרן צוליב'ן באַערן אים מיט'ן טיטול „ערנבירגער פון תל אביב", אונז איז נאָר אינטערעסאַנט, בעסער געזאָגט: „טראַגי־קאָמיש", די ווערטער וואָס רב קוק האָט געזאָגט ביים סוף פון זיין ענטפער. ווי זיין שטייגער איז געווען אַלעמאָל, אַז אַלע שמאַנצעס, און ווייט נישט קיין אידישע זאַכן, אויפ־צוהייבן ביז'ן הימל אַריין, האָט ער געזאָגט — אין ריינעם העברע'איש — ווי זיין שטייגער אַלעמאָל ביי די סאָרטן פאַרזאַמלונגען — צום בירגערמייסטער דיזינגאָף:

אויף צוויי טיטול'ן, וואָס איך האָב צו זיי זוכה געווען ביי מיין לעבן, בין איך שטאָלץ:

איינס — דער טיטול פון „כהונה" (וואָס ער איז אַ כהן).

דאָס צווייטע — דער טיטול פון „ערנבירגער פון תל אביב".

איר הערט אַ פאַרגלייך ? !

דעם טיטול פון „קדושת כהן״ וואָס דער אויבערשטער (כביכול) האָט צוגעטיילט פאַר „אהרן הכהן״ און פאַר זיינע קינדער און באַכפּאַלגערס „עד סוף כל הדורות״, גלייכט ער צו צום טיטול וואָס — להבדיל עד אין שיעור — דער ציוניסטישער אפיקורס „דיזינגאָף״ האָט אים צוגעטיילט, אַלס „ערב־בירגער״ פון די נייע אויסגעלאַסענע שטאָט „תל אביב״ !

נו, ברויך מען נאָך מער אויף איבערצייגן, אַז דער מענטש האָט געהאַט אַ פאַרקרומטן קאָפּ, רח״ל ? !



ווען רב קוק איז צוריק אהיימגעקומען אין ירושלים, איז ער געווען זייער אָפּגעשוואַכט. דער וועג האָט אים שטאַרק אָנגעשטרענגט. ער האָט זיך אַריינ־געלייגט אין בעט. דער דאָקטאָר האָט אָנגעזאָגט אז מ׳זאָל נישט אַריינלאָזן קיינע באַזוכערס, וויינציגסטנס צוויי וואָכן. נאכהער וועט מען זען.

אויפ׳ן אַנדערן טאָג האָבן זיך געמאָלדן ביי אים די פירערס פונ׳ם „קרן קימת״ אויף אַ באַזוך. זיי האָבן וויכטיגע זאַכן אַדורכצורעדן מיט׳ן רב קוק.

די הויזלייט האָבן פאַר זיי באַמערקט, אַז ס׳איז פאַרבאָטן פונ׳ם דאָק־טאָר פאַר׳ן רב אויפצונעמען באַזוכער. ווארים ער איז זייער שוואַך און אָנגע־שטרענגט פון דעם וועג אויף תל אביב.

דער רב קוק האָט אַריינגעהערט אין זיין צימער פון וואָס דאָ איז די רעדע, האָט ער אַרויסבאַפוילן, אַז פאַר די „קרן קימת״ לייטונג וועט ער זיך אָנשטרענגען מיט אַלע כחות זיי אויפצונעמען. ווארים זיי פאַרדינען אַן אויס־נאַמס־באַהאַנדלונג. זיי זענען עוסק אין אַזאַ הייליגע אַרבעט פאַר׳ן פאָלק ישראל, אויסצולייזן באָדן אין ארץ ישראל פון די גוים, און באַזעצן דערויף טייערע אידישע קינדער, אונזער צוקונפט, וועלכע זענען גרייט צו קעמפן פאַר אַ אידישע מלוכה אין אונזער הייליג לאַנד.

ער האָט זיי באַשטימט אַ צייט אויף מאָרגן, אין זייגער...

זיי זענען געקומען צו די באַשטימטע צייט דאָס גאַנצע לייטונג, מיט „אוסישקין״ דער פאָרזיצער פון „קרן קימת״ אין דער שפּיץ.

ווי זיי האָבן זיך אַוועק געזעצט אַרום דער טיש, האָט זיי רב קוק געפרעגט דער ערשטער :

— האָט איר אויסגעלייזט לעצטנס עפּעס נייע באָדנס אין ארץ ישראל ?

אין דעם אנגעלעגנהייט ווילן מיר טאַקע רעדן מיט׳ן רב — האָט אוסישקין דער פאָרזיצער געענטפערט — אונזער אַרבעט גייט לעצטנס מיט גרויסע שוועריגקייטן. וואו מיר ווילן קויפן אַ שטיקל באָדן, מישט זיך אַריין דער „מופטי״, און ער שרעקט איבער דעם אַראַבער מיט דראָאונגען. אָבער געלט האָט אַסאַך צו זאָגן, ווען מיר קענען באַצאָלן אַ גוטן פּרייז, פרעגט נישט

דער אַראָבער נאָכ'ן מופטי, און ער שרעקט זיך פאַר גאָרנישט. מוז מען אָבער האָבן דערצו גרויסע פאַרמעגנס אַלע שטרויכלונגען צו דעקן, און דאָס פעלט אונדז. לעצטנס אַרבעטן מיר מיט גרויסע דעפיציטן. די אייגאַמע אין שטאַרק איינגעשרומפּן.

איך האָב אַליין אין זיבעטן געהאַט שוין — האָט רב קוק געענטפערט — איך זאָל פאַרעפנטליכן אַ באַזונדערן פרישן אויפרוף, צו די חרד'ישע אידן אין פוילן. און אויך צו די איבריגע אייראָפּאַ'ישע לענדער. און בעטן זיי, אַז זיי זאָלן זיך אנשטרענגען מיט מסירת נפש צו ספּענדן פאַר'ן „קרן קימת".

דאָס וועט טאַקע האָבן אַ ערשטראַנגיגן חשיבות — האָט אוסישקין געענטפערט — מיט אַ פריילעכע בליצן אין זיינע אויגן — דער אויפרוף וואָס דער רב האָט געשריבן פאַר עטליכע יאָהר צום ליטווישן אידנטום איז געווען שטאַרק ערפאָלגרייך.

נאָך אַזאַך ווילן מיר אויפמערקזאַם מאַכן דעם רב — האָט אוסישקין פאַרגעזעצט — ס'פעלט זייער שטאַרק אויס אַ פּאַסיגער שליח זאָל אַרויספאָרן אויף פוילן, גאַליציע, אונגאַרן, ראָמעניע און טשעכאָסלאָוואַקיע אַ פּעהיגער שליח מיט א גוטן רבנ'ישן אויסזען און אַ גוטער רעדנער, מיט'ן רב'ס רעקאָמענדאַציע אין דער האַנט, און אויך דער בייער אויפרוף וואָס דער רב וועט אָנשרייבן, וואָלט מען געקענט מיט דעם אויפטאָן וועלטן.

אונזער געוועזענער שליח דער רב זלאטניק, ווען דער רב האָט געהאַט פאַר אונז רעקאָמענדירט — האָט אוסישקין פאַרגעזעצט — ער איז אַרומגעפאָרן אין דרום אפריקא, אויסטראַליע, און אין ווייטן מזרח, ער האָט שטאַרק מצליח געווען. אַלע לעצטע טראַנזאַקציעס פון באַדן־אויסלייזונגען זענען געווען פון די געלט. איצט פעלט אונז אויס אַזאַ שליח אין די אויבנדערמאָנטע אייראָפּאַ'ישע לענדער. דאָס וואָלט פאַר אונז געווען אינ'ם איצטיגן מצב ממש אַ הצלה — האָט אוסישקין פאַרענדיגט.

גלייבט מיר אַז איך האָב אויף דעם אויך געטראַכט — האָט זיי רב קוק פאַרזיכערט — און דוכט זיך מיר אַז איך האָב פאַר אייך אַ פּאַסיגן שליח.

דער רב קוק האָט צוגערופן זיין משמש ר' אברהם טשעטשיק, און האָט אים געזאָגט:

גיי רוף מיר דעם רב ר' נחמן ה. פון תל אביב, ער געפינט זיך איצט דאָ אין ירושלים אין שכנות, ביי זיין שוועסטער.



איז, ביז ר' אברהם וועט גיין און קומען צוזאַמען מיט דעם רב ר' נחמן, וועלן מיר אויף אַ ווײַלע לאָזן שטיין דעם רב קוק, זאָל ער זיך אַביסל אונטערהאַלטן מיט זיינע חשוב'ע געסט, און מיר וועלן איבערגעבן פאַר אונזערע לייענערס, אַ קורצע ביאָגראַפיע פון דעם רב ר' נחמן.

דער רב ר׳ נחמן ה. איז געקומען אויף ירושלים פון אַ שטעטל אין גאַ־ליציע, אַלץ בחור פון זיבעצן יאָהר, צוזאַמען מיט זיין טאַטן, וועלכער איז געווען אַ שיינער איד, אַ „בנן של קדושים״ אַ אָפּשטאַם פון אַ גרויסע גזע פון צדיקים. אָנקומענדיג אויף ירושלים האָט דאָך אוודאי געפעלט פּרנסה פאַר דעם שיינעם איד. ווערן סתם אַ ישיבה־מאַן אין א כולל, ווי אַן אַנדערער, האָט דאָך אים אויך נישט געפּאַסט, פאַר אַזאַ „אייניקל״ ווי ער איז. האָט דער רב קוק שנעל און גרינג געגומען אים אונטער זיינע לאַפּעס, אריינשטופּענדיג אים אין די קעשענע אַ שיינע מטבע פאַר וואַכנגעלט. נו, איז דאָך זעלבסטפאַרשטענדליך אַז ער איז געוואָרן דעם רב קוק׳ס אַ געשוואוירענער.

דעם בחור זיינעם, נחמן, — וועלכער איז געווען שוין דעמאלס אַ שיינער עילוי מיט אַ חריפ׳ישן קאָפּ — האָט ער אַריינגעגעבן אין רב קוק׳ס ישיבה.

שפּעטער אַביסל האָט זיך אונזער שיינער איד באַזעצט אין תל אביב אין אַ ווינקל — צווישן יפו און תל אביב — און געעפנט זיך דאָרט אַ בית המדרש. אָבער דער עיקר יניקה זיינע, האָט ער ווייטער געהאַט פון רב קוק אין ירושלים.

דער בחור נחמן, האָט געלערנט אַ פּאָר יאָהר אין רב קוק׳ס ישיבה, און איז טאַקע געווען אין לערנען אַ אויסנאַם. אַ חוץ וואָס ער האָט שוין געהאַט „התרת הוראה״ — זעלבסטפאַרשטענדליך פון רב קוק מיט זיין בית דין — האָט מען געזאָגט אַז ער קען פון אויסנווייניג עטליכע הונדערט בלאַט גמרא מיט תוספות, מיט אַלע מפורשים.

אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז ער איז געוואָקסן אַ ציוניסט, געטריי צו זיין רבי׳נס שיטה, מיט אַ „דרך לא דרך״. ער האָט חתונה געהאַט, און דער רב קוק האָט אים אָנגעטאָן אַלע רבי׳שע בגדים, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַזאַ רבי׳ש איי־ניקל. ער האָט נאָך אַ שטיק צייט געלערנט אין כולל פון רב קוק. שפּעטער אַ פּאָר יאָהר איז דער פאָטער אין תל אביב נפטר געוואָרן, האָט ער אויף די עצה פון רב קוק, איבערגענומען דעם פאָטער׳ס בית המדרש׳ל אין תל אביב.

ס׳איז פאַריבער עטליכע יאָהר, און זיין רבי׳סטווע האָט זיך גאָרנישט איינגעגעבן. כאָטש ער איז געווען מפורסם פאַר אַ למדן און חריף אין לערנען, דערצו אויך אַ גוטער רעדנער, און אויך האָט ער אונטערגעשמירט די רעדער מיט אַ גוטע פּאָרציע ציוניזם, מיט דעם כלומר׳שטן „אהבת ישראל״ פון זיין רבי׳ן — דער רב קוק — ליב צו האָבן אַלע כופרים און אפּיקורסים, און פיינט צו האָבן ערליכע אידן און קנאים. איז אָבער „הכל תלוי במזל״ — צו אַלעמען מוז מען האָבן אַביסל מזל — און דאָס האָט אים געפעלט.

דער געגנט וואו זיין בית המדרש׳ל איז געווען, האָט זיך עפּעס אויס־געשפּילט, אויפ׳ן נוסח אַמעריקאַ, מ׳האָט זיך אַריבערגעצויגן אין אַ בעסערע גע־גנט מיט שענערע דירות, ביז ער איז געבליבן אַן מנין. דאָרט אין די בעסערע

געגנט ווי זיין עולם האָט זיך געצויגן, האָט אַן אַנדערער פאַרכאַפּט פאַר אים די לייצעס, אַזוי אַז ער איז דערווייל געבליבן ווי אויפ׳ן וואַסער.

איז, פּונקט אין דעם טאָג ווען רב קוק האָט געהאַט ביי זיך די „חשוב׳ע געסט״ פון׳ם קרן קימת, איז דער רב ה. (מיר וועלן אים רופן קורץ, אַן דעם „נחמן״) געקומען אויף ירושלים, און איז געווען ביי זיין רבי׳ן דער רב קוק, זיך „שואל עצה״ זיין וואָס מ׳טוט ווייטער, אַז ער איז געבליבן מיט אַ ליידיג בית המדרש.

איז, אַז אוסישקין האָט גערעדט מיט׳ן רב קוק וועגן אַ פּאַסיגן שליח פאַר׳ן קרן קימת אויף אייראָפּאַ, און רב קוק האָט אים געענטפערט אַז ער האָט שוין געטראַכט איבער דעם, און ס׳איז מעגליך אַז ער האָט פאַר זיי דעם ריכ־טיגן שליח, האָט ער געמיינט דעם דאָזיגן „אייניקל״ רב ה. נאָך וועם ער האָט געשיקט זיין משמש ר׳ אברהם טשעטשיק אים צו רופן.

איז, ביז וואָס־ווען, מיר האָבן זיך דאָ אַביסל צערעדט, איז דערווייל דער משמש צוריקגעקומען צוזאַמען מיט׳ן רב ה.

מיר וועלן עס מאַכן אַביסל קורץ, וואָרים ס׳איז „היום קצר והמלאכה מרובה״ — מיר האָבן נאָך אַסאַך וואָס צודערציילן אייך.

דער רב קוק האָט מסביר געווען פאַר זיין תלמיד דער רב ה. אַז דאָס איז פאַר אים גראָדע איצט אַ גוטע געלעגנהייט אויפגעריכטעט צו ווערן. וואָרים, אַ חוץ די גרויסע אויפטו וואָס ער וועט האָבן די זכיה צו העלפן דעם קרן קימת, וועלכער לייזט אויס באָדן פון די אַראַבער אין אונזער הייליגן לאַנד, און באַזעצט אויף איר אַזעלכע „צדיקים״ וועלכע זענען מעלה די ש. מיט זייער כפירה און מיבות רח״ל, אַחוץ דעם וועט ער אַליין אַוועקגעשטעלט ווערן אין אַ גוטן צושטאַנד פינאַנציעל. וואָרים ער מיט זיין פעהיגקייט, און מיט די וואַ־רעמע רעקאָמענדאַציע פון רב קוק, מיט די בייע הימל שרייענדע „קול קורא״ וועט אויפטאָן גרויסע זאַכן.

הרב ה. האָט זיך אונטערגעגעבן צו זיין רבי׳נס פאָרשלאַג, און געזאָגט:

— אַז דער רבי מיינט אַזוי צו גוטן, האָב איך שוין בישט צו זאָגן דאָס צווייטע וואָרט „הנני מוכן ומזומן״ — (איך בין גרייט).

די קרן קימת לייט האָבן אים באַגריסט וואָרעם צו זיין באַשלוס, און אוסישקין האָט אים באַשטעלט אַרויפצוקומען אין זיין קאַנצעליי, צו פאַרמירן אַ קאָנטראַקט.



ווען די קאָמיסיע פון׳ם קרן קימת האָט געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָבן זיי זיך זייער באַדאַנקט פאַר׳ן רב קוק פאַר זיין איבערגעגעבנקייט און אמת׳ע געטריישאַפט צום קרן קימת, און אוסישקין האָט דערמאָנט דעם רב קוק וועגן דעם „אויפרוף״ וואָס מ׳האָט גערעדט, ווען מ׳קען שיקן דערנאָך?

איך האָף, איך וועל עס אייך שוין מאָרגן איבערפרי קענען צושיקן — האָט רב קוק פאַרשפּראָכן.

ווי די מענטשן זענען אַוועק, האָט זיך דער רב קוק אָפּגערוט עטליכע שעה. ביינאַכט נאָך מעריב האָט ער געזאָגט צו זיין סעקרעטאַר, ער זאָל נעמען טינט און פעדער מיט אַ בויגן פּאַפּיר, און ער וועט אים פאַרזאָגן דעם נוסח וואָס ער זאָל שרייבן פאַר אַ אויפרוף וועגן „קרן קימת". ער אַליין האָט שוין נישט געהאַט בכח צו שרייבן.

רב קוק האָט פאַרגעזאָגט אַזעלכע וואַרעמע רעש'עדיגע ווערטער אין דעם נייעם אויפרוף, וועלכע זענען נאָך ביז אַהער קיינמאָל נישט געשטאַנען. אַז ווער ס'גיט געלט פאַר'ן קרן קימת וועט דאָס אים ביישטיין אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט. די אידענע וועלכע לייגט אַריין אַ פּרוטה און די פּושקע פון קרן קימת פאַר ליכט בענטשן, אָדער ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, וואָס זי דאַרף האָבן אַ ישועה, גאַראַנטירט ער אַז זי וועט זיכער געהאָלפן ווערן. און אַז די אַרבעט וואָס די קרן קימת טוט אָפּ אין אונזער הייליג לאַנד, איז גאַרנישט צו שאַצן, איר הייליגקייט און וויכטיגקייט, און נאָך... אַסאַך אַזעלכע רייד.

דער סעקרעטאַר אַליין איז דערשטוינט געוואָרן אויף די רייד, ער האָט געזאָגט צום רב קוק:

— רבי, מיט אַזאַ מין אויפרוף פאַר'ן קרן קימת וועט איר אויף אייך ערוועקן פריש דעם צאָרן פון די „עדה חרדית" מענטשן, וואָס דאַרפט איר דאָס איצט האָבן?

וואָס האָב איך מורא — האָט רב קוק געזאָגט — וואָס וועלן זיי זאָגן אויף מיר?

זיי וועלן זאָגן דאָס וואָס זיי האָבן שוין לאַנג געזאָגט, אַז דער רבי איז אַ ציוניסט! — האָט דער סעקרעטאַר געזאָגט מיט אַ שמייכל.

נו, אוודאי בין איך אַ ציוניסט! — האָט רב קוק באַשטעטיגט — איך קען נישט פאַרשטיין ווי איז מעגליך נישט צו זיין אַ ציוניסט?! ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן, אַז כביכול דער... איז אויך אַ ציוניסט, בין איך מקיים „הדבק במידותיו" — (מ'דאַרף זיך באַהעפטן אין זיינע מדות, כביכול).

שרייב ווייטער — האָט ער געהייסן זיין סעקרעטאַר — איך האָב דיר שוין פון לאַנג געזאָגט אַז דאָס וואָס די „עדה חרדית" מענטשן — די בעלי מחלוקה — וועלן זאָגן, מיט דעם רעכן איך זיך דאָס ווייניגסטע. וואָס זיי וועלן טאָן אָדער דענקען איבער מיר, דאָס קומט ביי מיר איבערהויפּט נישט אין באַטראַכט.



דער ענטפער פון רב קוק איז כאַראַקטעריסטיש צו זיין געדאַנקען־גאַנג און לעבנסאייבשטעלונג, וואָס האָט אים באַגלייט איבער זיין גאַנץ לעבן. ער האָט נישט געענדערט זיין שטעלונג קעגן „יהדות החרדית" אין ירושלים, אפילו ווען ער איז שוין געווען געפערליך קראַנק, ביז'ן לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

ס׳וועט אונז זיין אינטערעסאַנט אַראָפּצוברענגען — אין דעם אַנגעלעגנהייט — עטליכע שורות וואָס ר׳ משה בלוי ז״ל שרייבט אין זיין אויטאָביוגראַפיע.

„ביז צו זיין לעצטן טאָג פון זיין לעבן, האָט רב קוק פאַרגעזעצט זיין התנגדות צום „יהדות החרדית״.

ווייטער שרייבט ער דאָרט:

„הגרי״ח זאָנענפעלד, האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון צו באַגעגענען זיך מיט אים (מיטן רב קוק) ביי אַ ברית, אָדער אַ חתונה (וואו ביידע זענען געווען געלאַדנט). אָבער נאָך דעם וואָס דער רב קוק האָט אים אַמאָל אָנגעגריפן (באַליידיגט) אויף אַ שטאַרקן אופן, ביי אַ חופה פון איינעם פון די אָנגעזעענע אין ירושלים, וואו ביידע זענען געווען געלאַדנט, האָט הגרי״ח זאָנענפעלד חושש געווען אויפ׳ן „חלול השם״ (וואָס ס׳קומט ארויס פונ׳ם באַליידיגן אים אין דער עפנטליכקייט) האָט ער אויפגעהערט צו באַגעגענען זיך מיט אים״.

די מעשה איז אַ מערקווירדיגע זאַך. ווייל לכאורה לויט׳ן נאַרמאַלען פאַרשטאַנד, איז דאָס געווען אין רב קוק׳ס אינטערעס, וואָס דער רב רבי יוסף חיים זאָנענפעלד האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון צו באַגעגענען זיך מיט אים ביי אַ געלעגנהייט פון אַ ברית אָדער חתונה. דאָס האָט אים צוגעגעבן פּרעסטיזש, און שוואַכער געמאַכט — אין אַ געוויסע מאָס — דאָס התנגדות פון יהדות החרדית צו אים.

פאַר אַ באַווייז, אין דעם טאָג ווען רב קוק איז אָנגעקומען אַלס רב אין ירושלים, און כאָטש וויסנדיג דאָס התנגדות פון רבי יוסף חיים זאָנענפעלד מיט זיינע מענטשען צו אים, אַלס רב אין ירושלים, איז ער דאָך דאָס ערשטע געגאַנגען באַזוכן רבי יוסף חיים זאָנענפעלד׳ן. דענקענדיג אַז רבי יוסף חיים מיט זיין גרויס ענייוות און צדקות וועט אים אוודאי אויפנעמען בכבוד, קומענדיג צו אים אין שטוב. און דאָס וועט אים העלפן צו סטאַביליזירן זיין רבנות ביים אָנקומען אין ירושלים, און אויך זיין פאַר אים אַ שטיקל שוץ קעגן די קנאים, רבי יוסף חיים׳ס מענטשן.

נאָר גראָד איז אים דאָס נישט געלונגען. וואָרים רבי חיים יוסף, צו זיין גרויסן ענייוות און צדקות איז ער אויך געווען אַ גרויסער פּקח, און ער האָט פאַרשטאַנען רב קוק׳ס כוונה מיט זיין באַזוך ביי אים. ווי רב קוק איז אַריינגעקומען מיט זיין באַגלייטונג, האָט רבי יוסף חיים אויסגעשריגן הויך, דעמאָנסטראַטיוו: — ברוך הבא יפו׳ער רב! און ער האָט אים טאַקע אויפגענומען בכבוד, אָבער יעדער האָט גוט פאַרשטאַנען דעם רמז פון „ברוך הבא יפו׳ער רב״! אַז ער טוט אים נישט אנערקענען אַלס רב פון ירושלים.

ממילא איז פאַרשטענדליך, אַז דאָס נישט אויסמיידן פון רבי יוסף חיים זיך צו באַגעגענען מיט׳ן רב קוק ביי געלעגנהייטן, איז געווען אין רב קוק אינטערעסן.

אָבער דאָס איז נאָר געווען אין די ערשטע פּאָר יאָר. שפּעטער אַז רב קוק איז שוין געווען באַפעסטיגט אינ׳ם זאַטל פון רבנות אין ירושלים, און ער האָט זיך גענומען פאַר אַ הייליגע פליכט צו רודף׳ן דעם יהדות החרדית, וועלכע האָבן זיך אָפּגעטיילט פון זיין קהילה, די קהילת ועד הלאומי, און גע־מאַכט זיך אַ באַזונדערע קהילה. איז אים — דאָס באַגעגענען זיך מיט רבי יוסף חיים זאָנענפעלד ביי געלעגנהייטן — געוואָרן אַ לאַסט. ס׳האָט אים גע־שטערט, אין אַ געוויסע מאָס, אויסצופירן זיין אַגרעסיוון התנגדות קעגן יהדות החרדית, האָט ער געזוכט אַ וועג וויאַזוי פטור צו ווערן פון דעם.

באַר אַזוי, נישט אַנדערש, קען מען אויסטייטשן דעם רב קוק׳ס באַליי־דיגן דעם הגרי״ח זאָנענפעלד אין דער עפנטליכקייט, ווי ר׳ משה בלוי שרייבט: „פגע בו באופן קשה״ — (ער האָט אים אַנגעגריפן אויף אַ שווערן אופן) ביים באַגעגענען זיך ביי אַ חופה.



אויף ווי ווייט רב קוק האָט געזוכט צו רודף׳ן און ענג צו מאַכן פאַר רבי יוסף חיים זאָנענפעלד׳ס קהילה, די עדה חרדית „ועד העיר האשכנזי״ ביי יעדער געלעגנהייט וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט, קען מען זען פון די פאָלגענדע געשיכטע, וועלכעס איז געווען באַוואוסט אין ירושלים.

ווען דער ענגלישער מושל „לאָרד פּלאָמער״ האָט געהאַלטן ביים פאַר־לאָזן ארץ ישראל, צוריקצופאָרן אויף לאָנדאָן, אַז ס׳זאָל קומען אַן אַנדערער פאַרנעמען זיין אָרט. האָבן זיך די צוויי הויפּט רבנים פון ארץ ישראל, דער אשכנזי׳שער רב קוק, און דער ספרדי׳שער הרב יעקב מאיר, געמאָלדן ביים מושל אויף אַן אוידיענץ. דער רב קוק — וועלכער האָט געלעבט מיט דעם דאָ־זיגן מושל אין גוטע באַציאונגען — האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט און גע־בעטן דעם מושל — אין די ענגלישע שפּראַכע, וועלכעס רב קוק האָט גוט געקענט — אַז צוריקקומענדיג אין לאָנדאָן זאָל ער אויסנוצן, זיין איינפלוס ביי די רע־גירונג, צו פאַרגרעסערן און פאַרשטאַרקערן דעם אויטאָריטעט פון די קהילת ועד הלאומי „כנסת ישראל״, אַז ס׳זאָל אויטאָמאַטיש אַריינגעמען אַ יעדן איד אין ירושלים, מ׳זאָל נישט קענען זיין קיין „יוצא״. דאָס וועט פאַרמיידן צע־שפּליטערונג און מחלוקת אין ירושלים.

דער ספרדי׳שער רב הראשי, הרב יעקב מאיר, האָט פאַרשטאַנען ענג־ליש, אָבער רעדן האָט ער נישט געקענט. ער איז אין די יוגענט געווען אַ תלמיד פונ׳ם „אַליאַנס״ — „כל ישראל חברים״ וואו מ׳האָט געפּילעוועט פראַנ־צויזישע קולטור, האָט ער טאַקע פראַנצויזיש גוט געקענט, אָבער ענגליש נישט. איז, הערנדיג די רייד פונ׳ם רב קוק האָט ער געבעטן דעם טאָלמאַטש פונ׳ם מושל (וועלכער איז געווען אַ איד אַ ציוניסט) ער זאָל זאָגן דעם מושל אין זיין נאָמען אַז ער טוט זיך נישט צושליסן צו די ביטע פונ׳ם רב קוק.

דער טאַלמאַטש האָט זיך געקווענקלט איבערצוגעבן די ווערטער פאַר׳ן מושל.

דער רב יעקב מאיר איז געוואָרן אויפגערעגט, און ער האָט זיך געווענדעט אַליין צום מושל, אין פראַנצויזיש, מיט אַ ביטע:

— זאָל מיר, זיין מאַיעסטעט, ערלויבן דאָסמאָל צו רעדן אַ פּאָר ווערטער אין די פראַנצויזישע שפּראַכע.

ביטע! ווי אייער וואונטש איז — האָט אים דער מושל געענטפערט.

איך וויל ערקלערן פאַר זיין מאַיעסטעט — האָט הרב יעקב מאיר געזאָגט — אַז די קהילת ועד הלאומי „כנסת ישראל״ איז אַ געאַסר׳טע קהילה פון אַסאַך גרויסע רבנים, וואָרים אירע סטאַטוטן זענען נישט אין איינקלאַנג מיט אונזער תורה. איבערהויפּט מיט די זאַך וואָס זי האָט באַשטעטיקט וואַל־רעכטן פאַר פרויען, וועלכע איז לויט אונזער תורה פאַרבאָטן. דעריבער זענען געצוואונגען די אמת׳ע פרומע אידן אַרויסצוגיין פון די קהילה, און דערפאַר האָבן זיי זיך געגרינדעט אַ באַזונדערע קהילה מיט אַ באַזונדערע רבנות. ווענד איך זיך מיט אַ ביטע צו זיין מאַיעסטעט אויסצונוצן זיין איינפלוס ביי די רעגירונג אין לאָנדאָן, אַז די קהילת ועד הלאומי זאָל זיין געצוואונגען צו ענ־דערן אירע סטאַטוטן, ס׳זאָל זיין אַלעס אין איינקלאַנג מיט די אידישע תורה דאמיט אַלע פרומע אידן זאָלן קענען זיין מיטגלידער אין די קהילה, און ס׳וועט זיין שלום אין ירושלים.

און אויב נישט — האָט הרב יעקב מאיר אויסגעפירט — וועלן די רע־ליגיעזע אידן וועלכע זענען יאָ מיטגלידער אין די קהילה, אויך מוזן סוף סוף אַרויסגיין פון איר.

הרב יעקב מאיר האָט גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג, און דער מושל איז שטאַרק בעאיינדרוקט געוואָרן.

זעלבסטפאַרשטענדליך אַז דער רב קוק האָט געליטן אַ גרויסע אומגע־ראַכטענע נידערלאַגע.

ס׳איז אינטערעסאַנט, אַז צווישן די צוויי רבנים ראשיים (הויפּט רבנים) האָט געהייסן הרב יעקב מאיר דער מער מאָדערנער און פאָרגעשריטענער, אָבער דאָך האָט זיך אין אים דערוועקט דאָס ספרדי׳שע „תמימות״, און דאָס האַרץ האָט אים נישט צוגעלאָזט צו געבן זיין צושטימונג צו אַזאַ שקר, אונטערצוגראָבן דעם עקזיסטענץ פונ׳ם געלייטערטן יהדות החרדית, דאָס וואָס זיי האָבן מיט שווערע מי און אָפּפער אויסגעקעמפט.



רב נחמן ה. האָט זיך געגרייט אין וועג אַריין, אין שליחות פונ׳ם, „קרן קימת לישראל״. באַלאָדנט מיט המלצה בריוו׳ן פון רב קוק און פון אַנדערע פירנדע פערזענליכקייטן, רעליגיעזע און פרייע. און מיט דעם נייעם „קול קורא״

פון רב קוק, וועלכעס דאַרף געקלעבט ווערן אין אַלע שולן און בתי מדרשים, און אַנדערע עפנטליכע פּלעצער.

ווי ער האָט זיך דערוואוסט געווי וויאַזוי ס׳האַלט מיט׳ן רב קוק, און אַז ער ליידט פון יענע מחלה רח״ל, און דער פּראָפעסאָר צאָנדעק האָט אים שוין אייגענטליך אויפגעגעבן, לויט זיין מיינונג האָט ער נאָך אין גאַנצן עט־ליכע חדשים אויף דעם עולם. און דערצו האָט זיך זיין מצב שטאַרק פאַרער־גערט, זינט ער איז צוריקגעקומען פון תל אביב. ער איז שוין אַ שטענדיגער בעטליגענדער קראַנקער. האָט רב נחמן ה. גאַרנישט געהאַט קיין חשק איבער־צולאָזן זיין רבי׳ן אין אַזאַ מצב.

אָבער דער רב קוק האָט אים געזאָגט באַפעלעריש:

— רב נחמן איר מוזט פאָרן, דער „קרן קימת״ געניטיגט זיך אין אַ דרינגענדע הילף. (ער אַליין האָט נאָך דעמאָלס נישט געוואוסט ביי וואָס ס׳האַלט מיט זיין מחלה).

דער רב נחמן ה. האָט זיך מיט אַ שווער האַרץ געזעגינט מיט זיין רבי׳ן, און געלאָזט זיך אין וועג אַריין.



מיר שטעלן זיך פאָר — חשוב׳ע לייענערס — אַז איר וועט זיך שוין אַליין כאַפּן, אַז דער רב נחמן ה. איז דער זעלביגער ר׳ נחמן דיין פונ׳ם שטעטעלע צ. אין קאַרפּאַטנרוס. וועם מיר האָבן געמאָלדן אין אָנהייב פון אונזער ספר.

אָבער ווי קומט ער עפּעס אַהין פאַר אַ דיין?

גאַנץ פּשוט. ער איז אַרומגעפאָרן בערך אַ יאָר צייט. אין פוילן, גאַלי־ציע, פון דאָרט איז ער אַריבער אויף טשעכאָסלאָוואַקיי, און ער איז תיכף אָנ־געקומען אין קאַרפּאַטנרוס, וועלכע הייבט זיך אָן באַלד אַריבער די גאַליציאַנער גרענעץ. אויף שבת איז ער אָנגעקומען אינ׳ם שטעטעלע צ.

שבת האָט ער דאָרט געהאַלטן אַ דרשה. אַ רעדנער איז ער געווען ערשט־קלאַסיג, אויף אַ אַריסטאָקראַטישן סטיל. אַ רב האָט גראַדע געפעלט אין שטעטל. האָט מען אים אָנגעטראָגן דעם „דיינות״ פּאָסטן, וועלכעס וועט זיין „במקום ר״. אין ארץ ישראל איז ער געשטאַנען אָן פּרנסה. דער רב קוק, זיין הויפּט שטיצער, איז שוין אויך נישט געווען צווישן די לעבעדיגע. האָט ער זיך מיישב געווען, ער וועט דערווייל דעם פּאָסטן אָננעמען אויף אַ פּאָר יאָר, און שפּע־טער וועט מען זען. ער האָט מיט׳ן קרן קימת אָפּגערעכנט. ער האָט אַרויסגע־נומען אַהין זיין פאַמיליע, און געבליבן דאָרט אַ דיין.

איז אָבער דאָ אַן אַנדערע קשיא.

דאָס שטעטעלע צ. וועלכעס האָט פאַרמאָגט אַ הונדערט פאַמיליעס — ווי מיר האָבן אויבן געמאָלדן — זענען געווען כמעט אַלע „חסידים״, דאָס

מיינט נישט צו זאָגן דווקא אַז זיי האָבן זיך אַלע געפירט מיט זייערע מעשים ווי איידילע חסיד׳ישע אידן, אָבער — ווי ס׳איז — זענען זיי אַלע געווען חסי־דים פון אַ רבי׳ן, אפילו דער בעל עגלה און דער פערד סוחר. ס׳איז דאָרט געווען אַ געמישעכץ ווי אין בבל. מונקאַטשער, סעפּינקער, סיגעטער, זידיטשו־בער חסידים, און אפילו גאַליציאַנער רבי׳ס האָבן אויך געהאַט דאָרט עטליכע אָנהענגערס.

נו, פרעגט זיך די שאלה. ווי קומט עס, אַז חסידים פון אַזעלכע רבי׳ס וועלכע זענען פייערדיגע קעמפּערס אַ קעגן ציוניזם, אין אַלע פאָרמען, זאָלן מסכים זיין אויפצונעמען אַ דיין אַ ציוניסט, וועלכער באַהאַלט גאָר נישט זיין ציוניזם, פאַרקערט ער טוט דערפאַר אַגיטירן, און ער זאָגט אַז „ציוניזם״ איז די גרעסטע מצוה, און ס׳ברענגט צו די גרעסטע געהויבנקייט !, וואָרים אַזוי האָט געזאָגט זיין רבי, דער רב קוק.

דער תירוץ איז דער „ראש הקהל״ !

אַ „ראש הקהל״ אין אַ אָרעם שטעטל, מיט אַ שטיקל בעל בתי׳שקייט, און מיט אַ שטיקל „יד חזקה״ קען איבערקערן דאָס גאַנצע שטעטל, אַזוי ווי ער וויל.

דער ראש הקהל אינ׳ם שטעטעלע צ. איז געווען אַ גאַליציאַנער, און טאַקע פון דעם זעלבן שטעטל פון וואו ר׳ נחמן קומט אַהער. און איז שוין געווען אַליין אַ אָנגעברינטשלטער, דער ציוניזם איז אים שוין געלעגן אין האַרץ, נאָך פון פריער.

דערצו איז ער געווען דער בעל הבית אין שטעטל, מיט אַ שיין גרויס דערפעריש געשעפט, וואו מ׳קען אַלעס באַקומען. דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך ביי אים אַ דריי געטאָן אין געשעפט. און ער איז געווען גאָר אַ חסיד פון אַ גאַליציאַנער גרויסע רבי׳שע דינאַסטיע, וואו ס׳האָט זיך געפונען די אַריסטאָ־קראַציע פונ׳ם חסידות. די בעל בתי׳שע מענטשן זענען געגאַנגען — אין די וואָכנטעג — אין האַרטע קראַגנס, מיט געפרעסטע הויזן, און לאַק־שיך.

שבת, פאַרשטייט זיך, האָט ער אויך אָנגעטאָן אַ שיין צוזאַמענגעצ־רוימט שטריימעלע, מיט אַ בעקישע ביז צו די קני. און ווינטער, אַפילו אַ רבי׳שן פעלץ מיט אַ געלן קאָלנער פון טייערע פעל, און געגאַנגען דעם קאָפּ אין דער הויך, ווי אַ שטרויז־פויגל. ביי די באַהערדע איז ער אויך געווען אַ גאַנצער יחסן, ווי זאָגט די וועלט : — ווער ס׳האָט די מאה, דער האָט די דיעה.

דאָס איז געווען „ר׳ שמואל ערהדענבוים״ דער ראש הקהל.

ער האָט זיך צוזאַמענגעכאַפּט מיט ר׳ נחמן דיין, ווי מיט אַ איי־גענעם. און זיין חריפות אין לערנען, מיט זיין רעדנעריי, מיט זיין ציוניסטיש־חסיד׳יש כשר חזיר־פיסל, האָט אים זייער געלאַקט.

געזאָגט און געטאָן, געשמירט וואו מ׳דאַרף שמירן, און ער האָט אים אויפגענומען פאַר אַ דיין, און דאָס גאַנצע שטעטל האָט געזאָגט „באָם״ !.

אָבער אויף דעם תירוץ אַליין איז דאָ אַ האַרבע קשיא.

ווי קומט עס אַז אַ איד פון יענער זייט גרענעץ — אַ פרעמדער אין גאַנצן — זאָל דאָ אין צ. ווערן אַ ראש הקהל, און אַ גאַנצער „כל־ ולך״ ? !

איז, אויף דעם מוזן מיר אייך שוין דערציילן אַ גאַנצע היסטאָריע, אַן אינטערעסאַנטע און שטאַרק באַלערנדע. ביי וועלכן איר וועט שוין האָבן דאָס געלעגינהייט צו באַקענען זיך מיט׳ן „העלד״ פון אונזער גאַנצער־שפאַ־בענדיגער־דערציילונג, וועלכע מיר גייען ערשט דערציילן. און ביי וועלכן ס׳וועט —ביים ענדע — אַרויסקומען קלאָר און איבערצייגענד, אַז דער רבי איז געווען גערעכט...



## אינהאַלט פון צווייטן חלק:

א) וואָס אַ שלעכטער חינוך פון אַ קינד קען גורם זיין!

ב) דעם שטן׳ס שליח, מאַכט אַן אַ חורבן אינ׳ם קאַרפּאַטנרוסיש שטעטל.

ג) ר׳ משה וואָלף גערבער (דער שענסטער איד אינ׳ם שטעטל) פאַלט דורך מיט אַ גרויסן „חילול השם״.

ד) ר׳ משה וואָלף׳ס מיאוס׳ער פסק ביי זיין רבי׳ן.

ה) חנניה (ר׳ משה וואָלף׳ס אייניקל) פאָרט אויף ארץ ישראל, אויף אַ אומלעגאַלן וועג. ער וועט קאַליע אויף דער שיף.

ו) חנניה ווערט איינגעגלידערט אין אַ לינקן קיבוץ, און פירט אַ הפקר׳דיג לעבן.

ז) די ביטערע שרעקליכע צייטן פאַר אידן אין אייראָפּאַ.

ח) דער גרעסטער בראָך אין אונזער היסטאָריע, ווערט — צופעליגער־ווייז — אַנדעקט אינ׳ם קיבוץ.

ט) חנניה׳ס אַרויסראַטעווען זיך פונ׳ם קיבוץ, אויף אַ וואונדערליכן אופן.

י) חנניה ווערט אַן אמת׳ער „בעל תשובה״, ער שטעלט אויף אַן ערליכע שטוב.

יא) ר׳ משה וואָלף לעבט איבער די מלחמה. ער קומט קיין ארץ ישראל. ער איז „מתוודה ברבים״. עס שטעלט זיך אַרויס קלאָר, אַז דער רבי איז געווען גערעכט מיט אַלעמען.

# ל י ד ע ר

## אַ געזאַנג צו אסף... (מזמור לאסף, אלקים באו גוים בנחלתך)

**אסף׳ס באַנעמונג איז אונז אַ וואונדער, נישט אַ קליינער? —**

ווען השם יתברך האָט
זיין הויז צעשטערט —
דעם בית המקדש האָט
דאָס פייער פאַרצערט —
אויפ׳ן הייליגן אָרט
האָבן גוים פאַרקערט —
אויף דעם אַלעם, אסף
גאָר אַ זינגער ווערט?! —

**אנשטאט ער זאָל ווערן אויף דעם, אַ קלאָגער און וויינער?! —**

*

**אסף׳ס כוונה מיט׳ן זינגען, איז געווען אַ אמת׳ער און פיינער —**

ווארים ווען אידן האָבן געטאָן
פון דרך השם אָפּקערן —
און זענען נתחייב געוואָרן (ח״ו)
פאַרלענדעט צו־ווערן —
האָט ג־אָט געטאָן ליבערשט
דעם בית המקדש צעשטערן —
די חכמנו ז״ל טוען דאָס
מיט אַזאַ לשון ערקלערן —

**„ג־אָט האָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן, אויף די העלצער און שטיינער״ —**

*

**דעריבער „אַ געזאַנג צו אסף״ פאַרשטייט שוין אַ יעדער איינער —**

ווארים, ווי אסף האָט געזען
דעם בית המקדש ברענען —
גוים אינ׳ם הייליגן פּאַלאַץ
געקומען זענען —
דערפאַר וועלן אידן ווייטער
עקזיסטירן קענען! —
דאָס האָט אים באַוואויגן
זיך צו זינגען נעמען —

**ווייל אנשטאט אידן, זענען חרוב געוואָרן העלצער און שטיינער —**

*

**עס איז אָבער א הפלא ופלא, ס׳גיט אַ ציטער אין די ביינער —**

דער הייליגער „בית המקדש״
אונזער שענסטער שוינקייט! —
און דער „קדשי קדשים״
דאָס הייליגסטע הייליגקייט! —
„חמדת כל העולמות״
אלע וועלטנס גלוסטיגקייט! —
וואו ג־אָט האָט געמאַכט רוען
זיין שכינ׳ה מיט פרייד! —

**וויאַזוי רופן דאָס אָן די חז״ל, פּשוט „העלצער און שטיינער״???**

*

**דער ענטפער אויף דעם וואונדער, איז אונז אַ לימוד אַ שיינער —**

אויב דאָס פאָלק ישראל איז פרום
זענען ערליך און ריין —
איז אויך דאָס „בית המקדש" הייליג
ס'איז פרעכטיג און שיין —
הערן אידן אויף — חלילה
אין „דרך השם" צו גיין —
איז „אוים בית המקדש"
נישט הייליג מער, ניין! —

**ס'האָט שוין נאָר אַן ערד, ווי פראָסטע "העלצער און שטיינער"! —**



**נאָך דעם דאָזיגן אויספיר — פאַרשטייט שוין אַ יעדער איינער —**

אַז דאָס זעלבע אין אונזער הייליג לאַנד
וואָס האָט צו אונזערע „אבות" געהערט —
פירן מיר זיך דאָרט „על פי התורה"
און מיר זענען עס ווערט —
איז דאָרט הייליג און טייער
אַ יעדעס שטיקל ערד —
פירט מען זיך אָבער — חלילה
פונ'ם „דרך התורה" פאַרקערט —

**איז דאָס שוין אויך נישט מער, ווי אַנדערע ערד און שטיינער —**



**ווארים ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג, דאָס קען נישט אָפּפרעגן קיינער —**

אויב ס׳איז פאַראַן אַ פאָלק ישראל
וואָס איז אַנגעקניפּט אין בורא —
דאַרף מען אַ „בית המקדש״
וואו די שכינה הק׳ איז „שורה״ —
און דאָס לאַנד איז הייליג
צו היטן דאָרט די תורה —
אָבער אַז נישט — חלילה
האָט אַלעם קיין ווערט, לכאורה! —

**האָט ג־אָט אויסגעגאָסן זיין צאָרן אויף די „העלצער און שטיינער״ —**

*

**יעדער געטרייער אמת׳ער איד, איז נאָר דאָס דער האָפנונג זיינער —**

עס זאָל שוין צוריק באַנייט ווערן
דער הייליגער בונד, דער דריי׳ער —
קוב״ה, ואורייתא, וישראל חד *)
אין וואַסער און אין פייער —
און ארץ ישראל זאָל זיין ווי אַמאָל
הייליג און טייער —
ס׳זאָל געבויט ווערן פון „השם יתברך״
א בית המקדש אַ נייער —

**ס׳זאָל אויפגעריכטעט ווערן, די חרוב׳ע „העלצער און שטיינער״ — ;**

*) השי״ת און די תורה, און דאָס פאָלק ישראל זענען איינס

*

# וואָס טויג מיר חקירה?

וואָס טויג מיר „חקירה״?! וואָס טויג פילאָסאָפיע?! —
ס׳איז אַ גערעגטער לעבן אַ פאַרשטערטער.
האָב דען „איך״ ערפינדן די „בריאה״?! —
בין איך דען דאָ דער ערשטער?!

וואָס טויג מיר „חקירה״?! וואָס טויג די גאַנצע זאַך?! —
פטר׳ן אויף דעם די טייערע צייט.
ס׳האָבן דאָך שוין בעפאָר מיר, געלעבט דאָ אַסאַך —
געוואַלדיגע גרויסע לייט.

די נביאים, די תנאים, די אַלע גדולים —
מעכטיגע ריזן, מיט געהויבענע געדאַנקען.
זענען בעפאָר מיר, געווען אויף דעם עולם —
האָבן זיי דאָך שוין אַלעם דערגאַנגען.

גאונים און קדושים, חכמים אָן אַ שיעור —
אָפן געווען פאַר זיי אַלע הימלען.
זיי האָבן שוין געטאָן, די אַרבעט פאַר מיר —
איך בין שוין פטור, זיך צו גריבלען.

זיי די גרויסע, טיף אין די זינען —
האָבן שוין גרינטליך פעסטגעשטעלט.
אַז דעם „בורא עולם״ צו ליבן און דינען —
דאַרף דער מענטש אויף דער וועלט.

וואָס טויג מיר „חקירה״ ?! צודערגיין דעם „פאַרוואָס״ —
פאַרוואָס טאָג איז „טאָג״, און נאַכט איז „נאַכט״.
צו וואָס דאַרף איך „מענטשעלע״ אַריינשטעקן די נאָז ?! —
אין זאַכן וואָס איך האָב נישט געמאַכט.

וואָס טויג מיר „חקירה״ ?! זיך פאַרדרייען אַ קאָפּ —
צו וועלן דערגיין, דעם הימל׳ס פאַרבאָרגנקייטן.
און קוים מ׳קען דערגרייכן, אַ קליינעם טראָפּ —
ווייל קען מען דען ג־אָט׳ס זאַכן באַגרייפן ?!

וואָס טויג מיר „חקירה״ ?! אינ׳ם „וויאַזוי״ אינ׳ם „ווער״ —
און מ׳ברויך נסים, נישט צופאַרפאָרן.
און איידער „וואָס־ווען״, מ׳גיט זיך אַ קער —
זענען דורכגעלאָפן די יאָרן.

וואָס טויג פילאָסאָפירן, זיין אַן אויבער־חכם ?! —
און די פאַרלאָפענע צייט, קען איך מער נישט פאַררעכטן.
אומגליקליך געמאַכט זיך, אויף „לנצח נצחים״ —
ווייל, געגריבלט זיך אינ׳ם נעכטן.

„אבות אבותינו״ זענען געווען הייליג און קלוג —
זיי האָבן שוין אַלעם אויסגעפונען.
און מיר איז דאָס קאָמפּעטענט און גענוג —
דעם באַשעפער מיט „תמימות״ צו דינען.

*

# דער שאָדן פון אַ אָפּגעכאַפּטע ברכה

רבי מאיר סטאָבניצער *) הייסט דעם בעל עגלה, אַ איד —
ער זאָל איינשפּאַנען פערד און וואָגן,
וואו צו פאָרן זאָגט ער ניט —
אויפ׳ן וועג, וועט ער אים שוין זאָגן.

דער בעל עגלה, גיט אַ שמיץ, איבער די פערד —
זיי הייבן אָן ממש צו פליען,
מ׳זעט נישט, נאָר וואלד און פעלד
אַזוי טוט זיך דאָס ציען.

ענדליך, די פערד בלייבן שטיין —
ביי אַ קרעטשמע, אויף אַ זייטיגן שטעג,
דער רבי הייסט דאָרט אריין גיין —
אָפּרוען זיך, אביסל פון וועג.

דער בעל עגלה בעט, אַ גלעזל בראָנפן —
עפּעס מורמעלט ער, אונטער די נאָז,
טוט דאָס גלעזל, אין גאָרגל אריין שרויפן —
און בעט שוין אַ צווייטע גלאָז.

דער רבי ווערט, שטארק דערשראָקן און בלאַס —
כאַפּט אָן ביי דער האַנט, דעם בעל עגלה,
„אוי! אז מ׳האָט נישט, אַ ברעקעלע דעת —
איז די גאַנצע ארבעט לבטלה״.

*) בעל „אור לשמים״ זצ״ל

דער רבי, קוים ער קען רעדן פון אויפרעגן —
דעם בעל עגלה האָט ער, אַזאַ שאלה געשטעלט,
„זאָג נאָר ביינישׂ, כ׳וועל דיך פרעגן —
דו גלייבסט דאָך אוודאי, אין יענער וועלט?!".

אוודאי גלייב איך, כ׳האָב דען אַ ברירה?! —
כ׳האָב שטענדיג געהערט, פון מיין טאַטן, מיין זיידן,
אַז אויף יענער וועלט, האַקט מען אַריין פאַר אַן עבירה —
ס׳איז דאָרט דאָ, אַ גהינם און אַ גן עדן.

פרעגט דער רבי: — האָסט אויך אוודאי געהערט —
אַז פאַר אַ האַרבע עבירה, אַ גרויסן „קלקול",
קייקלט זיך די נשמה, צוריק אויף דער ערד —
דאָס רופט זיך אָן, מיט׳ן נאָמען „גלגול".

געהערט, געהערט, מ׳זאָל דערפון נישט וויסן —
אוי! פלעגט ער דערציילן, גימפל דער פעטער,
אַז דאָס איז נאָך ערגער, ווי באַקומען געשמיסן —
מגולגל אין חיות, אין גראָז און אין בלעטער.

אויב אַזוי ביינישׂ, וועל איך דיר ערקלערן —
אַמאָל איז אַ נשמה מגולגל, אין ווייץ אָדער גערשטן.
פון דעם גערשטן, וועט ברוינפן געמאַכט ווערן —
און ס׳וועט האָבן דעם תיקון, פונ׳ם איד דעם ערשטן.

די נשמה בעט השי"ת, פאַרביטערטערהייט —
ס׳זאָל זיין פון די, וואָס וואַקסן אַרוים בהצלחה,
ווען מ׳פירט עס אין שייער, נישט פאַלן אין זייט —
און אויפ׳ן ברוינפן זאָל מען מאַכן, אַ ערליכע ברכה.

אַמאָל איז אײנ'ם ברוינפּן, דער אייגענער טאַטע פּאַראַן —
מן השמים טוט מען עס, פאַר'ן זון צושיקן
אין יאָרצייט טאָג, איז אַ מסוגל'דיגער זמן —
מיט אַ ערליכע ברכה, האָט ער אַ תיקון.

מאַכט אָבער נישט דער זון, אַ ערליכע ברכה —
אנשטאט אַ תיקון, איז ער גורם אַ קלקול,
די נשמה האָט נעביך, אַ ביטערע מערכה —
מוז נאָכאַמאָל קומען, אויפסניי אין גלגול.

ביי די רייד, כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ, בייניש —
רבי, כ'האָב היינט יאָרצייט! האָט ער געשריגן,
כ'האָב אפילו פאַרגעסן, צו זאָגן קדיש —
נאָך מיין טאַטן, זאָל האָבן אַ תיקון.

זעסטו בייניש — האָט אים דער רבי געזאָגט אָפּן —
וועגן דיין טאַטן בין איך געפאָרן אַזוי ווייט,
און דיין „ברכה", האָט אים צוריק פאַרוואָרפן —
„בייניש האָט געחליש'ט ביי די רייד".



## זאָלסט דערציילן דיינע קינדער... (והודעתם לבניך)

און זאָלסט דערציילן דיינע קינדער, קינדס קינדער
איז דאָס אַ חוב קדוש, אויף אַ יעדן באַזונדער
דעם טאָג וואָס ביזט, ביים באַרג חורב געשטאַנען
זאָלסטו זיי דאָס שטענדיג דערמאַנען

השי"ת האָט אונז, פון מצרים אַרויסגעצויגן
געשפּאָלטנט דעם ים, פאַר אונזערע אויגן
איבער די גאַנצע וועלט, האָט דאָס אָפּגעקלונגען
אידן האָבן ביים ים, שירה געזונגען

און באַלד זענען מיר, אין גאָלדן לאַנד דערינען
אַ לאַנד וואָס טוט מילך און האָניג רינען
די וועלט וועט זיך, אויף אונזער גרויסקייט דערוועקן
אָט, אָט, און מיר זענען... געבליבן שטעקן

מיר דערזעען זיך, אין אַ מדבר אָן אַ עק
אַ מורא'דיגע וויסטע, ס'פאַלט אַ שרעק
מ'זעט נישט קיין געוואוקס, קיין לעבנסצייכן
נאָר שלאַנגען און עקדעסן, פון אַלע זייטן

נו גיי און פרוף, דעם באַשעפערס זאַכן פאַרשטיין ?!
פון איין לאַנד אַרויס, אין צווייטן נישט אַריין
אַ פאָלק אין מדבר, געבלאָנזשעט, געזעסן
גאַרנישט צוגעגרייט, צו טרינקען און עסן

די אַרומיגע פעלקער, האָבן געלאַכט אין גרויסן
זענט איר שוין טאַקע פון מצרים אין דרויסן
אין דעם שרעקליכן מדבר, וועט איר דאָך פאַרבלייבן
וואו איז אייער ג-אָט, וואָס איר טוט אין אים גלייבן ?!

אין מיטן קומט אָן משה, מיט אַ שליחות פון בורא
גרייט אייך אידן אין מדבר, צו „קבלת התורה״ !
די „עשרת הדברות״, אויף „לוחות אבנים״ געשריבן
ג־אָט האָט אייך, פון אַלע פעלקער אויסגעקליבן !

האָבן מיר אידן, אַ מינוט נישט געטאָן קלערן
„אַלעס וואָס ג־אָט הייסט, וועלן מיר טאָן און הערן״
זאָלן מיר אפילו, אין דעם מדבר זיין אייביג
ג־אָט און זיין תורה, איז אונז טייער און הייליג

די „פמליא של מעלה״ איז אַראָפּ אויף דער ערד
אַלע אידן האָבן דעם אויבערשטנס קול געהערט
„אנכי ה׳ אלקיך״... כ׳בין דיין ג־אָט דיין באַשעפער
פון אַלעמען שטאַרקער, פון אַלעמען גרעסער !

אידן האָבן דאָס אָנגענומען, אין פייער אין וואַסער
אַז די תורה איז אונזער ליכט, אונזער וועגווייזער
קיין זאַך קען אונז נישט, פון דעם אָפּשרעקן
גרייט דערפאַר, אונזער האַלז אויסשטרעקן

זאָלסטו דאָס דערציילן, דיינע קינדער, קינדס קינדער
די תורה איז אונזער קרוין, סיי זומער סיי ווינטער
סיי ס׳איז אונז שלעכט (ח״ו) סיי ס׳איז אונז גוט
אַזוי האָבן מיר אָנגענומען, פון דער ערשטער מינוט

צו לעבן און שטאַרבן פאַר די תורה, איז זייער כדאי
ווי מיר האָבן אויף אונז גענומען, ביים באַרג סיני
די רשעים זענען שטאַרק, אָבער מיר האָבן נישט מורא
ביי אונז וועט אַלעמאָל בלייבן, ג־אָט און זיין תורה

*

# וואו „תורה" דאָרט „חכמה"

דאָס פּנים פון׳ם גענעראַל, האָט געפלאַמט פון צאָרן —
זעלטן וואָס ער איז אַזוי אויפגעבראַכט,
זיין קעסטעלע מיט צירינג, איז גע׳גנב׳עט געוואָרן —
פון זיין צימער, אין מיטן נאַכט.

די זעלנער האָבן זיך אָפּגערעדט, מיט איין וואָרט —
אויף׳ן איד אַרויפצולייגן, דעם גאַנצן פאַרדאַכט,
מ׳האָט אים געזען, דרייען זיך דאָרט —
אין מיטן די פינסטערע נאַכט.

דער גענעראַל האָט דעם איד, אַ וואָרנונג געגעבן —
ביז דריי טעג, די גניבה צוריק ברענגען,
ווען נישט וועט דאָס קאַסטן זיין לעבן —
ער וועט אים לאָזן אויפהענגען!

אויף דעם אידישן זעלנער, פאַלט אַ טויט-שרעק —
ער האָט געבעטן אורלויב, אויף אַ טאָג אַרוים פריי,
צו זיין רבי׳ן לויפט ער שנעל אַוועק —
מיט אַ ביטערן ווײ-געשריי!

דער רבי בארואיגט, ער זאָל זיך נישט שרעקן —
ס׳איז נישטאָ קיין געפאַר צו זיין לעבן,
דער רבי אַליין וועט קומען, די גניבה אויפדעקן —
ער זאָל דאָס דעם גענעראַל איבערגעבן.

דער איד איז צוריק, און די רייד איבערגעגעבן —
דעם גענעראַל, איז דעם רבי׳נס פאָרשלאַג געפעלן,
בתנאי, ס׳וועט קאָסטן דעם רבי׳ן זיין לעבן —
אויב ער וועט די גניבה, נישט אַהערשטעלן!

אויפ׳ן דריטן טאָג, דער רבי אין קאַזאַרמע ערשיינט —
אין די האַנט ברענגט ער, אַ גרויסן שוואַרצן האָן,
אויפ׳ן גענעראַלס פאַרוואונדערונג, וואָס דאָס מיינט? —
ערקלערט ער, מיט אַ זיכערן טאָן.

פאַניע גענעראַל, אָן אייגנשאַפט האָט דער האָן —
אַזוי איז ער רואיג, ער וועט נישט שרייען,
טאָמער אָבער רירט אים אַ גנב אָן —
הייבט ער אָן, שטאַרק צו־קרייען.

צו געפונען דעם גנב, וועט שוין זיין גרינג
אויב דער פאַניע גענעראַל, וועט נאָר וועלן,
אַלע זעלנער זאָלן זיך שטעלן אין אַ רינג —
אין מיטן וועל איך, דעם האָן אַוועקשטעלן.

אַלע זאָלן פאַר דעם האָן, גיין פאַרביי —
מיט דער רעכטער האַנט, אים געבן אַ גלעט,
דער האָן וועט אַרויסלאָזן אַ גרויס געשריי —
ווען דער גנב גלעטן וועט.

דער גענעראַל טוט צוליב, האָט אַלעמען געשאַפט —
פאָלגן דעם רבי'ן, מיט זיין שווארצן האָן,
דער רבי דערציילט זיי, דעם האָן'ם איינגשאַפט —
און געבעטן אַלע אַ גלעט צו טאָן.

האָבן אַלע אַזוי געטאָן, און זענען פאַריבער —
דער האָן איז געבליבן, רואיג און שטיל,
דער גענעראַל קומט, אין אַ כעס און פיבער
דער איד האָט מיט אים, געמאַכט אַ שפּיל.

דער רבי זאָגט: — ס'איז נאָך נישט אַלץ —
איצט זאָלן אַלע זעלנער, אויפהייבן די הענט,
אַלעמענס רעכטער האַנט, איז געווען שוואַרץ —
אַ חוץ פאַר איינעם, האָט זיך גאָרנישט דערקענט.

דער רבי שרייט: — דאָס איז דער גנב אַליין! —
פאַניע גענעראַל, זאָל אים נעמען אויף אַ פאַרהער,
ביז ער וועט זיך אַליין מודה זיין —
און וועט די גניבה געבן אַהער.

אויף דעם זעלנער פאַלט, אַ פחד און אַ אימה —
ס'ציטערט אין אים אַ יעדעם גליד,
באַלד איז ער זיך מודה אויף די גניבה —
דער גענעראַל באַפרייט דעם איד.

דער גענעראַל איז פון די מעשה, שטאַרק דערשטוינט —
ער בעט דעם רבי'ן, מיט גרוים רעספּעקט,
אפשר וואָלט ער אים אנפאַרטרויט —
דעם „סוד" וואָס אין דעם האָן שטעקט.

דער רבי זאָגט: — דער אויפטו פונ'ם האָן איז מיין —
איך האָב די זאַך אויסשפּאַקולירט,
שוואַרץ האָב איך אים געמאַכט אַליין —
מיט סאַזשע אָנגעשמירט.

דאַריבער האָבן אַלע באַקומען, שוואַרצע הענט —
די וואָס האָבן אים אַ גלעט געטאָן,
אָבער דער גנב האָט גערעכנט, איין פּראָצענט —
אפשר וועט טאַקע קרייען דער האָן?

האָט ער אַ געדאַנק העכער'ן האָן, געפירט די האַנט —
דערפאַר איז זי אים טאַקע, געבליבן ריין,
פון דעם האָב איך, פאַרשטאַנען קראַנט —
אַז ער דאַרף דער גנב זיין!

דער גענעראַל זאָגט צום רבי'ן באַגייסטערט —
הייליגער ראַבי! איר זענט אַ קלוגער מאַן!
און אויך האָט ער זיך געאייסערט —
וואו „תורה" דאָרט איז „חכמה" פאַראַן!



## ווי שיין וועט זיין ווען משיח וועט קומען!

ווי שיין וועט זיין ווען משיח וועט קומען
ג־אָט האָט אַלע אידן צוזאַמען גענומען
אין ארץ ישראל וועלן אַלע צוריקקערן
און דער בית המקדש וועט געבויט ווערן



ווי שיין וועט זיין ווען משיח וועט קומען
ווען אַלע וועלן פירן אַ לעבן אַ פרומען
אַז ס'איז דאָ אַ ג־אָט, וועלן אַלע פאַרשטיין
אויבן, אונטן, פירט ער אַלעם אליין



ווי שיין וועט זיין ווען משיח וועט קומען
מ'וועט נישט טאָן אפילו איין טריט אַ קרומען
פרייע, אפיקורסים, וועלן שוין נישט זיין מער
צו דינען ג־אָט, וועט נישט זיין קיין שטער



ווי שיין וועט זיין ווען משיח וועט קומען
נאָר מיט „עבודת השם" וועט מען זיין פאַרנומען
וויאַזוי דעם באַשעפער אַלץ בעסער צו דינען
אַלע „תענוגים" וועט מען פיהלן דערינען



ווי שיין וועט זיין ווען משיח וועט קומען
וואָס מיר גרייטן זיך אָן וועלן מיר באַקומען
וואָס מיר האָבן געטאָן „אידישקייט" אָנפלאַנצן
דעמאלס וועט דאָס אַלעם בלישצשען און גלאַנצן

